# CHSIDISHE IERUSHE

**Herencia Jasídica**



87סטער באַנד פֿון ציקל
מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור
מיט דער סובסידיע פון
דוד טוריאַנסקי־פֿאָנד
אַרויסגעגעבן פון דער
ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

טיראַזש 1.000 עקזעמפּלאַרן

יאָר ה׳תשמ״א — 1981

Impreso en la Argentina
Printed in Argentina
Queda hecho el depósito que previene la ley 11.723

Este libro se terminó de imprimir el 15 de junio de 1981 en Talleres Gráficos "Zlotopioro S.A.C.I.F.", Sarmiento 3149, Bs. As.

# תוכן

## רעפּראָדוקציעס:

# די חסידישע ירושה אין דער ליטעראַטור און אין לעבן

## די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמאַטיק

חסידות און חסידיזם איז די קאָמפּליצירטסטע טעמע פֿון ייִדישן לעבן און פֿון ייִדישן געדאַנק. קיין שום פּראָבלעם פֿון דער ייִדישער ווירקלעכקייט איז נישט אַזוי אײַנגעפֿלייסט אין לעבן, און אַזוי פֿאַרוועבט אין פֿאַנטאַזיעס ווי עס איז די תורה פֿון חסידות און די פּראַקטיק פֿון דער חסידישער באַוועגונג. אַז איר ווילט, זעט איר אין דעם שרײַענדיקע סתירות. ווי אַנדערש? אָט: „איי־גנטלעך איז דער מענטש געגליכן צו אַ וואָלקן"[1]. און אָט: „זײַנען געקומען די חסידים און האָבן אַראָפּגעבראַכט דעם הימל אויף דער ערד"[2].

זייער אַ סך ייִדישע שרײַבערס שטאַמען פֿון חסידישע היימען. אָבער „די ייִדישע ליטעראַטור איז אַ לעגיטים קינד פֿון אונדזער וועלטלעכער באַוועגונג"[3]. פֿון דעסט וועגן באַזינגען וועלטלעכע שרײַבערס חסידות... סטײַטש?

דער 19טער יאָרהונדערט האָט אַרויסגעריסן מאַסן ייִדישע בחורים און מיידלעך פֿון רביישער און רבנישער העגעמאָניע, זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין די אָרעמס פֿון סאָציאַליסטישע, אַפּיקורסישע און נאַציאָנאַל־משׂכּילישע קרײַזן און פּאַרטייען. די צײַט האָט אָבער

---

[1] ליובאַוויטשער רבינס זכרונות, ב' 1, ז' 153, ניו־יאָרק ה'תש"א.

[2] אברהם־יהושע העשל — „די מזרח־אייראָפּעיִשע תקופה אין דער ייִדי־שער געשיכטע", ייִוואָ־בלעטער, באַנד XXV, נ' 2, ז' 175, נ"י 1945.

[3] מרדכי שטריגלער — „טראַגעדיעס און זכותים פֿון דער ייִדישער ליטע־ראַטור", שמועסן מיט דער צײַט, ב' 2, ז' 15, בוענאָס־אײַרעס 1951.

געענדערט איר גאַנג. מיט ווייניקער פּרעסע און מיט אַלטפּרענקי־שער אָרגאַניזאַציע האָבן די חסידים אָנגעיאָגט און אַריבערגעיאָגט די לײַדנשאַפֿטלעכע רעוואָלוציאָנערן. סוף 20סטן יאָרהונדערט זעען מיר צווישן די חסידים אַ מאַסע יוגנט. סטײַטש?

האָט דאָך אַפֿילו י. ל. פּרץ, וועלכער איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן פֿון דער השׂכּלה און וועלכער איז עד־היום דער פֿאָנענ־טרעגער פֿון ייִדישלעכן מאָדערניזם, ביז גאָר האַרציק באַזונגען חסידות און אירע שיינגײַסטער, און פֿון דעסט וועגן פֿאַרגעשטעלט די ירידה פֿון חסידיזם בײַם עולם. ר׳ שלמה, דער רבישער פּאָעט פֿון חסידות, זעט: „צוויי... דרײַ... פֿיר... פֿינף מנינים קליי־נע... קליינע, קליינע ייִדעלעך... שטעלן־אויס די הענטלעך... אַ נדבֿה, אַ מופֿתל"... שלמהס יורש, פּנחס, איז שוין בכלל מוותּר אויפֿן עולם: „ווער דאַרף דען עולם? און ווען נאָר איינער?... אַ וואַסערטרעגער?" ר׳ שלמהס אייניקל, דער חלוש משה, ווערט בײַ זיך גאָר געפֿאַלן און ער צעוויינט זיך פֿאַרן אָרון־קודש: „גע־פֿאַלן זײַנען מיר! אויף בעטלברויט געקומען זײַנען מיר"... און דער רבי פֿון פֿערטן דור, ר׳ שלמהס אוראייניקל, יהונתן, מאַכט שוין גאָר פֿון דער איינזאַמקייט אַ טוגנט. ער גלייבט דערהויבן אין זיך און האָט מוט אויסצורופֿן: „איך בין!"[4]...

קען מען זיך פּילפּלען און זיך פֿאַררופֿן אויף פּרצן אַליין, וואָס ער שרײַבט: „איך האָב ביז הײַנט קיין רבין פֿאַר די אויגן נישט געזען" און „קיין מאָל צווישן חסידים נישט געלעבט"[5]. ס׳קען הייסן: וואָס פּרץ האָט געשריבן וועגן חסידות און רביים מיט התּ־להבֿות איז — ליטעראַטור, געשעפּט פֿון דער פֿאַנטאַזיע... ווייסן מיר אָבער פֿון די פֿאַרשיידנסטע קוואַלן, אַז קוים נאָך אַ האַלבן

---

[4] „די גאָלדענע קייט", י. ל. פּרץ אין 20סטן יאָרהונדערט, 12טער באַנד מוסטערווערק, ז׳ 85, 108, 128, 131.

[5] י. ל. פּרץ — אין זײַן ענטפֿער צו ישׂראל צינבערגן, פֿאַר דער ייִדיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע, בריוו און רעדעס, ז׳ 201, ווילנע 1929.

יאָרהונדערט פֿון דער התגלות פֿון ר׳ ישׂראל בעל־שם־טובֿ האָבן זיך שוין באַוויזן קרעמערס פֿון „צדיקיזם״. כאָטש דער בעש״ט האָט נישט געוואָלט הערן פֿון פדיון, האָבן זיך גיך באַוויזן אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואָלט הערן אַ וואָרט פֿון אַ ייִדן אָן פדיון... ס׳ער־שטע וואָס דעם בעל־שם־טובֿס אוראייניקל, ר׳ נחמן בראַצלעווער, האָט ווי אַ רבי אונטערגענומען, איז בכן געווען: צוריקקערן חסידות צו די קוואַלן פֿון בעש״ט און פֿאַרטרײַבן די „צדיקישע״ קרעמערס. אָפּגערעדט שוין פֿון קאָצקער, וועלכער האָט פֿאַרטריבן פֿון זיך דעם חסידישן עולם. נמצא, אז י. ל. פרץ איז געווען די בריק צווישן ליטעראַטור און לעבן.

ווי מיר קוקן־אַרײַן אין חסידיזם, קומען אונדז שאלות אַנטקעגן.

סוף 19טן יאָרהונדערט זײַנען טאַקע אין פוילן, ליטע, רוסלאַנד און רומעניע מאַסן יונגע בחורים און מיידלעך אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון חסידישע היימען און „שטיבלעך״ האָבן זיך אויסגעלייידיקט. די עמיגראַציע — פֿאַרשלונגען דאָס דאָזיקע יונגוואַרג, וואָס האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין מלאכה, אין אוניווערסיטעטן, אין האַנדל, אין רעוואָלוציאָנערע האַלוצינאַציעס און אין קונסט מכּל המינים. אָבער גראָד אין מלכות פֿון סינדיקאַליסטישע גענאָסן, דווקא אין „גאָלדענעם לאַנד״, אין דער אימפּעריע פֿון הור־האַ, צעבליט זיך און צעוואַקסט זיך אויף דאָס נײַ די באַוועגונג, וואָס לעבט פֿון קבלה, פֿון בענקשאַפֿט נאָך משיחן, צו וועלכן עס דאַרפֿן פֿירן די חסידישע רביים — — — און זיי פֿאַרטונקלען די ייִדישע באַוועגונגען מיט אינטערנאַציאָנאַלע זכותים, וועלכע האָבן געזוכט ייִדישע גאולה בײַ גויִים.

ווי דערקלערט מען די דאָזיקע פֿענאָמענאַלע ענדערונגען? קען מען מיט די מעטאָדן פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם געבן צו פֿאַר־שטיין די דאָזיקע מעטאַפֿיזישע רעוואָלוציעס אינעם ייִדישן לעבן?

אין דעם 17טן און 18טן יאָרהונדערט, און אַפֿילו אינעם 19טן יאָרהונדערט, האָט די חסידישע באַוועגונג זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר דער דלותדיקער, רעכטלאָזער, געַרודפֿטער מאַסע — ווי ס׳ווײַזן־

אויף היסטאָריקערס מיט אַ קלאַסן־צוגאַנג, איבער הויפּט רפאל מאַהלער — אָבער... אין אַמעריקע?

## אַפּיקורסים האָבן אויסגעפּלאַסטערט וועגן פאַרן חסידיזם

איינע פון די תשובות אויף דער פראַגע, ווי איז דאָס מעגלעך געווען אַזאַ האַסטיקע ווידער־אויפלעבונג פון חסידות ווי אַ לעבנס־פילאָסאָפיע און חסידיזם ווי אַ מאַסן־באַוועגונג, געפינען מיר אין דער האַרציקער באַציונג, ליבשאַפט ממש, וואָס די יידישע וועלט־לעכע געזעלשאַפטלעכקייט האָט פון לאַנג שוין אַרויסגעוויזן, און וויַזט־אַרויס, וואָס וויַטער אַלץ מערער, צו די קולטור־און קונסט־ווערטן פון דער חסידישער וועלט. אין אַלע סאָציאַליסטישע קריַזן זיַנען חסידישע ניגונים געוואָרן דער קאָמפּאָט אויף אַלע „ליאַ־מעס" און שמחהלעך.

ש. אַנ־סקי, דער אמתער פאָנענטרעגער פון עקסטרעמער רעוואָ־לוציאָנערישקייט צווישן די רוסישע פויערים און קוילנגרעבערס, האָט מערער פון אַלעמען בייגעטראָגן, אַז חסידישע דבקות זאָל פאַרכאַפּן טויזנטער אַפּיקורסים: די חסידישע מעשהלעך, ווערט־לעך און ניגונים פון דער דראַמאַטישער לעגענדע „דער דיבוק" האָבן מגייר געווען טויזנטער אַפּיקורסים... און דאָס איז פאָר־געקומען גלייַך נאָך דער 1טער וועלט־מלחמה, גראָד אין פעריאָד פון דער טריומפירנדיקער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַר־כאַפּט, אָן גוזמא, מיליאָנען יידן.

שפּעטער איז מען אַריבערגעגאַנגען פון לעגענדע צו דער וואָר. לדוגמא וועלן מיר נעמען דוד פינסקין. ער איז איינער פון די מאָדערנסטע און וועלטלעכסטע יידישע שרייַבערס. אין זיַן גאַנצן שאַפן איז פאַראַן בלויז איין דערציילונג וועגן חסידים, „דער כוח פון אַ ניגון". ער שטעלט־פאָר, ווי חסידים גייען אויף אַ שאָסיי, זינגענדיק און טאַנצנדיק, און רופן יעדע ווילע אויס: „טאַטע, טאַטע זיסער!". קומט אָבער אונטער אַ פויער, וועלכער קען נישט פאַרטראָגן, וואָס יידן פרייען זיך. „פאַרשיווע זשידעס!

— זידלט ער זיי — קיין מפלה נעמט זיי גאָר נישט! וויפֿל מען שלאָגט זיי, איז זיי אַלץ ווייניק!"... די ייִדן מאַכן זיך אָבער נישט הערנדיק: „זיי האָבן ווײַטער געזונגען און ווײַטער גע־טאַנצט". האָט ער זיי נאָכגעשפּעט, נאָכגעקרימט, געשפּרונגען עזות־דיק אין פּנים אַרײַן און געפּרובירט אַריבערשרײַען מיט גוייִשע לידלעך. ער האָט אָבער אַזוי לאַנג קאָמאַנדעוועט, ביז ער האָט — גענומען מיטזינגען מיט די ייִדן זייער ניגון, זיך צוגעשאַרט צו זיי און מיטגעטאַנצט. האָט אַ ייִד אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויפֿן פּויערס אַקסל און „די חסידים האָבן אין געדרייטאַנץ צוגעזונגען כאחד מאתּנו — אין גאַנצן ווי אַן אונדזעריקער"[6] די חסידים, הייסט עס, האָבן מנצח געווען, ווײַל זיי זײַנען געגאַנגען אויף זייער דרך. די הייליקע עקשנות האָט געזיגט.

די דאָזיקע טיפּזיניקע דערציילונג האָט פּינסקי געדרוקט אין 1938, ווען די גאַנצע וועלט האָט שוין ניט געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם פֿון היטלעריזם. דער וועלטלעכער פּינסקי האָט זײַן תּשובֿה קעגן דער נאַציסטישער וואַקכאַנאַליע אַרײַנגעלייגט „גראָד" חסי־דים אין מויל: זיי זינגען זייער ניגון!

אויך שלום אַש האָט זײַן תּשובֿה דער נאַצי־וועלט „גראָד" געלאָזט הערן דורך אַ חסיד, איטשע־מאיר: דער טיפּישער פּויליי־שער חסידישער „איטשע־מאיאָ" אין דער דערציילונג „יתגדל ויתקדש"[7] געפֿינט חסד אין נאַציס אויגן: מ'לאָזט אים פֿרום אָפּריכטן שבת. דערפֿאַר אָבער ווײַזט ער אַרויס סטאָיִשע גבֿורה אין גרעסטן פּײַן. ער לאָזט נישט דעם רשע הנאה האָבן פֿון זײַן פּײַן!

זײַנען די וועלטלעכע קרײַזן געשטעלט געוואָרן אין גרויסע פֿאַרלעגנהייטן.

די וועלטלעכע ייִדן, אָפּשטאַמיקע פֿון חסידישע היימען, ווי

---

[6] דוד פּינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 9טער ב׳ מוסטערווערק, זז׳ 254־263.

[7] חורבן, 41סטער ב׳ מוסטערווערק, זז׳ 89־111.

אַפּיקורסיש זיי זײַנען געוואָרן, האָבן נאָכגעפּאָלגט די געשעענישן אין דער חסידישער וועלט און האָבן הנאה געהאַט. עס האָבן, אמת, נישט געפּעלט אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין שאָדנפּרייד... אויב פּערלס „מגלה טמירין" קען אָפּגעפּרעגט ווערן וואָס שייך צו אויטענטישקייט, איז אויסער יעדן ספק, אַז י. י. לינעצקי האָט מיט סאַרקאַסטישער הנאה אויסדערציילט, וואָס „דאָס חסידישע יינגל" האָט זיך אָנגעזען אין דער פאַנאַטישער היים, פון וועלכער ער האָט מוראדיק זיך אַנטלעטן.

נאָר די וועלטלעכע קרײַזן, פאַראינטערעסירטע אין ליטעראַטור און קונסט, האָבן מיט נײַגער אויפגענומען אויך די בילדער און נײַסן פון דער אויף ס'נײַ אויפשטײַגנדיקער חסידישער וועלט.

## די גלײַכגילטיקייט פון חסידיזם צו וואָרטקונסט

בעת ייִדישע שרײַבערס האָבן געזוכט פאָרצושטעלן פאַרשיידענע דערשײַנונגען אין די חסידישע היימען — און צום שטאַרקסטן האָט עס געזוכט דאָס טעאַטער, פון אַברהם גאָלדפאַדען ביז ה. סעקלער, אָפּגערעדט שוין פון שונד־טעאַטער, פאַר וועלכן חסידיזם איז געוואָרן אַ קוואַל פון חוזק און ניבול־פּה — איז די חסידישע וועלט געבליבן גלײַכגילטיק צו דער ייִדישער ליטעראַטור. אַז אַ חסיד האָט בגנבה אַרײַנגעקוקט אין אַ ליטעראַרישן „טריף־פסול", איז עס שוין געווען אַ סימן, אַז ער איז „געכאַפּט אין דער מעשׂה" און ער וועט, פריִער אָדער שפּעטער, אַריבערלויפן אין אַנדערן לאַגער. און ס'איז געווען ממש אַ סענסאַציע, ווען אַ ייִד אין חסידישן הילוך האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין טעאַטער צו אַ פאָרשטעלונג פון י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב".

בעת משׂכּילישע יורשים האָבן זיך געגריבלט אין חסידישע טעקסטן, ווען אַזעלכע זײַנען אַרײַנגעפאַלן צו זיי אין די הענט, האָבן חסידים געברענט אַלע „טריף־פסולע" בלעטער, וואָס זײַנען צו זיי געקומען אין די הענט.

חב״ד, די טאָלעראַנטסטע שיטה פֿון חסידות, געפֿורעמט צווישן ליטוואַקעס, האָט געעפֿנט טירן פֿאַר דערנענטערונג מיט אַנדערע קרײַזן. דער דאָזיקער דרך האָט געעפֿנט פֿאַר חב״ד ברייטע טויערן אינעם ייִדישן לעבן. צו דער ליטעראַטור איז אָבער די דאָזיקע ענדערונג נישט דערגאַנגען — גלײַך ווי עס וואָלט אָנגעהאַלטן די אַלטע פֿרומע מורא פֿאַר דעם געבאָט „לא תעשׂה לך פסל וכל תמונה״.

און היות עס האָט זיך אָפּגעשטעלט די „איבערוואַנדערונג״ פֿון מאַסן יונגע בחורים און מיידלעך פֿון חסידישע היימען צו סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע קרײַזן — עס זײַנען הײַנט נישטאָ די אַמאָליקע אַטראַקטיווע מאָטיוון, וואָס האָבן געדרייצט און צוגעצויגן — איז צו דערוואַרטן, אַז די חסידישע סבֿיבֿה, גראָד אין אַ צײַט ווען זי וואַקסט און ווערט באַרײַכערט, וועט ווערן אַלץ וויניקער אָפּגעשפּיגלט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

די ייִדישע ליטעראַטור איז גרויס אַ דאַנק דעם אַרויסוואַקסן פֿון לעבן. דאָס בלוט און דער מאַרך פֿון ייִדישן לעבן איז דאָס האַרץ און דער מוח פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. אויב ס׳פֿעלט אין איר דער צווײַג פֿון דעם חסידישן בוים, ווערט פֿאַראָרעמט דאָס שעפֿערישע ייִדישע וואָרט. דורך דעם ווערן איבערגעריסן די פֿאַרבינדונגען צווישן די צוויי גרעסטע ספֿערעס. דורך דעם ווערט פֿאַראָרעמט דאָס קולטור־לעבן און ממילא אונדזער גאַנצער פֿאָלקס־אָרגאַניזם. עס ווערט אָפּגעשוואַכט דער אידעאַל פֿון „כל ישׂראל חבֿרים״.

אין דעם האַלבן יאָרהונדערט, וואָס איז אָפּגעלאָפֿן פֿון פּרצעס „גאָלדענע קייט״ ביז פּינסקיס „כוח פֿון אַ ניגון״, זײַנען דאָך פֿאָרגעקומען קאָלאָסאַלע שינויים אינעם ייִדישן לעבנסגאַנג. די אַבסטראַקטע פּילפּולים וועגן משיחן און דער גאולה האָבן צובאַקומען אַזעלכע וואָגיקע אַרגומענטן ווי — די שטורמישע ייִדישע מדינה, געבוירן אין בלוט און אין טרערן. ס׳איז אַ רעאַליטעט, וואָס מ׳קען מיט פֿרומע ווערטער נישט אויסבאַהאַלטן... צי מ׳האַלט פֿון פּי־

זישן כּוח, צי מ׳וויל זען יהדות בלויז מיט רוח, צי מ׳וויל אומעטום זוכן דעם אצבע אלקים — איז אַ פֿאַקט, אַז ענדלעך זײַנען ייִדן מיט אַלע פֿעלקער גלײַך, האָבן אַן אייגענע מדינה און זײַנען, אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, די דעה־זאָגערס איבער זייער אייגענעם לעבן — אין ישׂראל. און פֿאַר חסידים איז דאָך ארץ־ישׂראל די צווייטע הייליקייט נאָך הקודש ברוך הוא!

## אונדזער חובֿ צו זען און הערן דעם דראַנג צו חסידות און חסידיזם

אין דער זעלביקער צײַט, וואָס אין די וועלטלעכע קרײַזן פֿון דעם גאַנצן וועלטקײַלעך פֿאַרטיפֿט זיך די ירידה און מ׳געפֿינט אַלץ נײַע סיבות, אַרגומענטן און תּירוצים אויף צו פֿאַרענטפֿערן אָדער באַרעכטיקן דעם „קריזיס" אָדער די רעזערציע פֿון דער מאָדערנער פֿאָלקסטימלעכער ייִדישקייט, זעט מען און מ׳פֿילט או־מעטום די פֿאַרמערונג און פֿאַרשטאַרקונג פֿון די טענדענצן צו רעליגיעזער ייִדישקייט און דעם דראַנג און די עקספּאַנסיע פֿון חסידות און חסידיזם.

בעת אַפּיקורסות איז אַרויס פֿון דער מאָדע, האַלט אין איין אויסשפּרייטן זיך לעבלעכער רעליגיעזער שטייגער פּראַקטיצירט אין אַלע טיפֿן לערן־אַנשטאַלטן. קינדער פֿאַר שבת און עלטערע נאָכן דאַווענען פֿאַרווײַלן זיך אין קלובסאַלאָן נעבן דער סינאַגאָגע, ווו אַ היפּשער טייל פֿון עולם געדענקט שוין נישט, ווי מ׳לייגט תּפֿילין, אָבער מ׳קען די קונץ פֿון צושפּיליען די יאַרמלקע צווישן די האָר פֿון קאָפּ... אַזוי צי אַזוי, זײַנען די דאָזיקע ייִדן אויך אַ גוטער עלעמענט נתפּעל צו ווערן פֿון חסידישן דרך, וואָס איז אַן אויסדרוק פֿון עכטער פֿרומקייט, אין דער אַטמאָספֿער פֿון רעלי־גיעזער מיסטעריע — ירושה פֿון קבלה, — פֿון וועלכער עס נערט זיך חסידות.

אין אַ וועלט פֿון מרה־שחורהדיקער רײדאָלאָגיע האָבן חסידים

„פֿאַרטריבן די מרה־שחורה פֿון דער נשמה און האָבן אַנטדעקט דאָס גרויסע גליק, וואָס ליגט אינעם זײַן אַ ייִד" [8]. אין אַ וועלט פֿון אַנטוישטע און ציניקערס, ווו מ'זינגט כמעט בלויז אויף בי־לעטן (...), קומען חסידים און ווײַזן, אַז „דער ניגון ווערט אַלץ אייגענער, נענטער און רעדט צו דער נשמה... און וואָס טיפֿער אין טאַנץ, אַלץ וואַרעמער ווערט אויף דער נשמה, מ'דערפֿילט יעדן אבֿר אין זיך, ווי ער צאַפּלט זיך, שרײַט ממש מיט קולי־קולות: שׂמחה. שׂמחה!" [9]...

פּנים אל פּנים מיט דער דאָזיקער ברענענדיקער און פֿאַרברע־נענדיקער ייִדישקייט האָט אַפֿילו דער שאַרף־משׂכּילישער היסטאָ־ריקער, וועלכער האָט אָנגערופֿן רביישע טאָנגעבערס נישט אַנדערש ווי „מענטשלעכע געטשקעס", אָנערקענט, אַז „דער שאַפֿער פֿון נעאָ־חסידיזם, מאַרטין בובער, האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו אַנט־פּלעקן דאָס ליכט פֿון חסידיזם, ווי צווייפֿל האָט עס געטאָן בשעתו, אָבער לויט זײַן מיינונג איז דאָס רבנישע ייִדנטום קאַליע געוואָרן, ווײַל עס האָט אים געפֿעלט דער לעגענדע־יסוד, דער מיטאָס, וועל־כער איז תּמיד דער לעבנס־עליקסיר פֿון יעדער אמונה: דער חסידיזם האָט אַרײַנגעבראַכט דעם מיטאָס אין דער ייִדישקייט און דאָס האָט גורם געווען צו דער אויפֿלעבונג פֿונעם גײַסט" [10].

שמעון דובנאָוו רעדט וועגן דער געשיכטע פֿון חסידיזם, נישט וועגן דעם 20סטן יאָרהונדערט און אַוודאי נישט וועגן לעצטן פּע־ריאָד. אַ סאָציאַליסטישער דענקער מיט מערער טאָלעראַנץ פֿאַר פֿרעמדע אידייען זאָגט: „די חסידישע יסודות פֿון דעם ייִדישן לעבן האָבן זיך גענומען איבערבויען לויט די גרונט־פּרינציפּן פֿון

---

[8] אַ. העשל, ד"ז

[9] יעקב זיפּער — געווען איז אַ מענטש, ישראל בעל־שם־טוב, ז' 136. מאָנטרעאָל, ה'תש"א.

[10] שמעון דובנאָוו — געשיכטע פון חסידיזם, באַנד 3, זז' 19 און 114, ב"א 1958.

די משׂכּילים: פֿון דער שטורמשער רעאָלוציע פֿון געדאַנק איז גע־וואָרן די שטילע רעוואָלוציע פֿון דערווירקלעכקייט"[11].

איז דערגאַנגען דערצו, אַז די פֿאַנאַטישסטע קעמפֿערס אין דער יידישער וועלט — אין אַ וועלט ווו עס געוועלטיקט ריידאָלאָגיע אָנשטאָט אמונה און אויפֿריכטיקן מקיים זײַן, וואָס מ'זאָגט־צו, און טאָן — זײַנען אינעם חסידישן לאַגער. אַפֿילו די מיאוסטע קעמפֿערס קעגן מדינת ישׂראל געפֿינט מען אין... חסידישן לאַגער. „דער סאַטמאַרער רבי — ווערט געזאָגט מיט יידישע אותיות, און נישט פֿון אַ קאָמוניסט, און אַוודאי נישט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, נאָר אין ניו־יאָרק — דער סאַטמאַרער רבי איז דער ערשטער, וואָס וועט אַרײַן אין דער געשיכטע מיטן טרויעריקן שם: דער שונא־ישׂראל"[12]. עס האָט דען אַ שיעור און אַ גרענעץ דער קאַמף און באָיקאָט, וואָס סאַטמאַרער חסידים פֿירן קעגן דער מדינה און אירע אָנהענגערס? פֿון דעסט וועגן האָט אַ חריפֿותדיקער הייסער ציוני דעם מוט צו שרײַבן: „אַ טיפֿן דרך־ארץ האָט גראָד אַרויסגערופֿן דאָס זײַן צווישן די סאַמע „ווילדע", די חסידים פֿון סאַטמאַר. זייער פֿײַנט־שאַפֿט צו מדינת ישׂראל גרענעצט זיך מיט שׂנאה צו יידן. אָבער אויב מיר באַטראַכטן זיי ניט ווי אַ יידישן פֿאָלקסטייל, נאָר ווי אַן אויסטערלישע סעקטע, מוז מען האָבן פֿאַר זיי דרך־ארץ... ווײַל אַ באַוועגונג בויט זיך ניט אַזוי שטאַרק פֿון ליבע צום אייגענעם אידעאַל ווי פֿון פֿײַנטשאַפֿט צו אַנדערע"[13].

מיט מהיכי־תּיתי קען מען קיין גרויסע זאַכן נישט מאַכן.

אָבער גראָד ווען די פֿאָלקסטימלעכע יידישקייט איז געוואָרן ביז גאָר מהיכי־תּיתידיק, איז די חסידישע באַוועגונג, להיפּוך, גע־וואָרן מער אַמביציעז. זײַנען פֿאָלקסיידן מקנא חסידים.

ס'איז דאָ וואָס מקנא צו זײַן.

[11] ד"ר חיים זשיטלאָווסקי — געקליבענע שריפֿטן, „זכרונות: אין אַ יידישער מדינה", ז' 318.

[12] חיים ליבערמאַן — דער רבי און שטן, ז' 76, נ"י 1959.

[13] לוי שאַלים — אַ ייד אין דער וועלט, ז' 21, יאָהאַנעסבורג 1972.

## קידוש־השם, זיך מקדש זײַן באין ברירה און קידוש־החיים

לאָמיר נישט מורא האָבן צו אָנערקענען בקול רם, אַז גראָד נאָך דער 2טער וועלט־מלחמה און נאָך דעם ווידער־אויפֿקום פֿון מדינת ישׂראל איז אידעאַליזם בײַ אונדז אין ירידה און קידוש השם וווערט — געשיכטע און ליטעראַטור...

און צום שטאַרקסטן מערקט זיך די ירידה פֿון אידעאַליזם און אָפּגערעדט שוין פֿון קידוש־השם דווקא אין די יידישע פֿאָלקסשיכטן, פֿון וועלכע עס האָט אויף דער שוועל און בײַ אָנהייב פֿון 20סטן יאָרהונדערט אַרויסגעשטראָמט אַ וווּנדערלעכע קרבנות־גרייטקייט, פֿון איין זײַט דורך די פּראָלעטאַרישע חלומות און קאַמפֿן, פֿון דער צווייטער זײַט דורך דער חלוצישער באַוועגונג.

דעם גרעסטן חלק אין דער ירידה האָט ראַטן־פֿאַרבאַנד. די רעוואָלוציע, אויף וועלכער יידן האָבן געלייגט די גרעסטע האָפֿע־נונגען, האָט גאָר געבראַכט די גרעסטע אַנטוישונגען. די סאָוועטישע מלוכה האָט ברוטאַל אויסגעלאָשן דאָס העלישע פֿײַער פֿון קידוש־המענטש. פֿאַרראָטן חבֿרים, אַפֿילו אייגענע טאַטע־מאַמע, איז גע־וואָרן אַ מצווה. צופֿאַסלעריי איז געוואָרן אַ לעבנסציל. מסירה — אַ פּראָגראַם. אונטערגעבן זיך, קניען פֿאַרן שטאַרקערן און פֿאַרליי־קענען זיך און יענעם — אַ סטאַנדאַרט־אידעאָלאָגיע. דערפֿאַר רופֿט אַרויס יעדער ווידערשטאַנד פֿון יחידים — שטוינונג.

אין דער 2טער וועלט־מלחמה האָט דער גײַסט פֿון קידוש־השם ווידער אויפֿגעוואַכט און אָנגעשלאָגן די דערשיטערנדיקסטע טענער אויף פֿון קידוש־המענטש, ווען ס'איז קיין אַנדערע ברירה נישט געווען. איז אָבער אַוועק די צײַט פֿון באין ברירה, איז אָפּ־געטאָן געוואָרן דער רוח־הקודש. אַפֿילו מדינת ישׂראל איז שטאַרקער אין סכּנה ווי אין פֿרידנצײַט.

אין די דאָזיקע דימענסיעס זעט מען נישט קיין בײַשפּיל פֿון מקדש זײַן זיך פֿאַר יידיש. גיכער ווי אַלץ געהערט דאָס צו דער ריידאָלאָגיע... אויב יידישיסטן באַווײַזן נישט אויסצוטראָגן קיין

יִדיש־יִדישע שול, וועלכע זאָל אַרויסגעבן כאָטש איין יִדישיסטישן רבֿ — מיט וואָס זשע קען מען זיך איבערנעמען?

חסידים קענען זיך יאָ איבערנעמען! זיי האָבן נישט ווייניקער געליטן פֿון חורבן אייראָפּע ווי די נישט־פֿרומע פֿאָלקסמאַסן. דאָך זײַנען אויפֿסנײַ אויפֿגעשטעלט געוואָרן צענדלינגער „חסידישע מלו־כות״. חוץ צענדלינגער רביישע פּערזענלעכקייטן קומען־צו פֿון די ישיבֿות יאָר־אײַן און יאָר־אויס הונדערטער יונגע רבנים. אַנטווערפּן ערבֿ שבת זעט־אויס ווי אַ שכונה אין ירושלים. אַז דער נשׂיא ר׳ זלמן שזר איז סוכּות־צײַט געקומען אין ניו־יאָרק צום ליובאַ־ וויטשער רבין, זײַנען געווען בײַ די הקפֿות צוועלף טויזנט יִדן. אַז דער ראש־ישיבֿה פֿון די ליובאַוויטשער אין מעלבורן האָט מיך פֿאַרבעטן, האָט זײַן 16יאָריקער זון מיך געבראַכט אין זײַן אויטאָ־ מאָביל זעקס אַ זייגער אין דער פֿרי (!) — אָט אַזוי לערנט מען אין דער ישיבֿה. כ׳האָב אין יאָהאַנעסבורג באַזוכט אַ הויז, וווּ די פֿרוי איז געזעסן שבֿעה נאָך איר מאַן — האָב איך געזען בײַם טיש זיצן אַ יִדן מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, דאָס איז געווען אַ צוואַנציק־יאָריקער בחור, איר זון, ער האָט געלערנט אין נ״י אין אַ ישיבֿה און איז געקומען צום טאַטנס לוויה, מיטן פֿעסטן באַשלוס פֿון דער מאַמען צוריקצוקערן זיך אין ישיבֿה נאָך די שלושים. אין ירושלים האָט מיך לייב ראָכמאַן געפֿירט צו שלוש־סעודות בײַ אַ רבין — איז צו דער התלהבות, אין דער גרעסטער ענגשאַפֿט און שטיקעניש, צו דער פֿאַרכאַפּנדיקער שירה בציבור גאָר קיין גלײַכן נישטאָ.

די דאָזיקע חסידישע התלהבֿות און פּנימיות, די פֿאַרכאַפּנדיקע הייליקייט פֿון מלכות חסידות דערפֿילט מען און מ׳זעט, ווען מ׳לייענט ברוך האַגערס דערציילונגען פֿון חסידים און חסידיזם. מ׳דערשפּירט די אמונה, די בלינדע אמונה און דעם עקסטאַז, וואָס באַהערשט אַלעמען, די פֿרייד ווי דעם טרויער.

י. ל. פּרץ ווײַזט דער עיקר די חסידישע פּערזענלעכקייטן, זייער עמקות און גרויסן שוווּנג. זייערע רייד פֿאַרכישופֿן, בעיקר די וואָס

בלײַבן נישט דערזאָגט. די מאַסע, אַ פֿאַרכישופֿטע, קוקט פֿאַרווירט ווי שאָף אויפֿן פֿאַסטעך... וועלכער איז פֿאַרנומען מיט זיך און פֿאַרטאָן אין זיך... הימל־מענטשן!

מ. י. בערדיטשעווסקי האָט פֿון חסידות אַרויסגעהויבן דאָס פֿאָלקסטימלעכע, דאָס מעשׂהלע, די קינדערישע פֿאַבולע, להיפּוך צו פּרצן, וועמען די לעגענדעס פֿון בעש״ט, פֿון סאַסאָווער און די בליצרייד פֿון ר׳ נחמן בראַצלעווער האָבן פֿאַסצינירט. י. ל. פּרצן האָט פֿאַרכאַפּט אין חסידיזם די פֿילאָסאָפֿישע דיכטונג און דער פּאָעטישער קידוש־החיים. יעדער איינער פֿון זײַנע רביים האָט זײַן איך, אַ גרויסע גבֿורה, אַפֿילו ווען ער איז אַ חלוש...

האַגער, אַליין פֿון אַ רומפּולער גזע, איז אין זײַן פּראָזע אַ טרײַער יורש פֿון דער חסידישער טראַדיציע. ס׳וואָלט געפּאַסט, ער אַליין זאָל טראָגן אַ שטרײַמל, כאָטש ער אַליין איז אַזוי ראַפֿינירט אין זײַן שרײַבן, מאָדערן תּמציתדיק, שטאַרק איבערקלײַבעריש אין וואָרט, זוכעריש און אויפֿטועריש אין פּאַראַפֿראַזעס. האַגער ווײַזט די חסידישע מאַסע אין איר דערהויבנקייט. ער פֿאַרטליתט די רבישע סבֿיבֿה. זײַנע רבישע קינדער, פּרינצן פֿון דינאַסטיעס, יאָגן זיך ניט נאָך דער ירושה, האָבן גאָר מורא איבערצונעמען די מלוכה, טרײַבן פֿון זיך זייערע פֿלאַמפֿײַערדיקע אָנהענגערט — אַ קלייניקייט, זײַן אַ רבי!...

צבֿי כּהן, וועלכער איז פֿון רבנישן דרך אַריבער צו וועלטלע־כער בילדונג, ווײַזט אין זײַן טעאַטער־טרילאָגיע „די אָבֿות פֿון חסידות״, אַז די סצענישע פֿאָרעם גיט די בעסטע און גרעסטע מעגלעכקייטן פֿאָרצושטעלן חסידות און חסידיזם פֿאַרן ברייטסטן עולם. אויב די תּורה פֿון חסידות, און דער עיקר איר מיסטישער יסוד, די קבלה, איז צוגעגנגלעך בלויז פֿאַר יחידי־סגולה, זײַנען אָבער די מאָדערנע בינע־מיטלען בכּוח אַרויסצוברענגען די פֿאַנטאַס־טישע עלעמענטן פֿון חסידות זיכער מער ווי דאָס וואָרט. דאָס געזאַנג, די טענץ, די מאַסן־איבערלעבונגען — אַוודאי און אַוודאי. כּהנס 3אַקטיקע דראַמע „דער רבי פֿון קאָצק״ קען דינען פֿאַר אַ

מוסטער. דאָ ווערט אַ גרויסע גאַלעריע פֿון חסידישע געשטאַלטן פֿאַרביק און קערנדיק כאַראַקטעריזירט סײַ דורך די דיאַלאָגן, סײַ דורך די געזאַנגען. ערטערווײַז, ספּעציעל אין כּהנס ראָמאַן „שטור־מישע דורות", זוכט דער צײַטונג־שרײַבער צו־פּיל דעם פּאָלעמישן שטאָף, די באַריידערײַען, אָבער אויך זיי געהערן צו דער געשיכטע און ביאָגראַפֿיע פֿון דער פּערזענלעכקייט, ווי למשל, פֿון ר' נחמן בראַצלעווער.

היוצא לנו: חסידות איז נישט קיין אַלטפֿרענקישע פֿילאָסאָפֿיע אינעם ייִדנטום און חסידיזם איז נישט קיין פֿאַרגאַנגענע אָדער פֿאַר־שווונדענע באַוועגונג בײַ ייִדן. אויב עס זײַנען נישטאָ די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע האָבן זיי אַמאָל גענערט, זײַנען פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די מענטשלעכע און ייִדישע מאָטיוון, וועלכע נערן זיי הײַנט און אַ דאַנק וועלכע זיי וואַקסן. אַפֿילו אין דער עקס־טרעמסטער פּערזענלעכקייט, אינעם טאָנגעבער פֿון חסידיזם, וועלכער האָט זיך אָפּגעקערט פֿון זײַן מלכות, פֿון זײַן מאַסע, פֿון דער גאַנ־צער חסידישער התהלכות, געפֿינט מען הײַנט דרכים פֿון מאָדערנסטן מדריך. אַזוי ווערט פֿעסטגעשטעלט, אַז „דער קאָצקער רבי, איינער פֿון די אָריגינעלסטע דענקערס, וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט פֿאַר־מאָגט, האָט זיך געראַנגלט מיט די טיפֿסטע פּראָבלעמען פֿון דער מענטשלעכער עקסיסטענץ... יעדערער, וואָס איז באַהאַוונט אין דער הײַנטצײַטיקער פֿילאָסאָפֿיע, וועט באַלד דערקענען, אַז דער קאָצקער האָט זיך מיט איבער הונדערט יאָר צוריק פֿאַרנומען מיט ענינים, וואָס זײַנען הײַנט צו טאָג ברענענדיקע פּראָגעס"[14].

ס'טאָר, בכן, נישט גרינגשאַצן גרויסע פּערזענלעכקייטן.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט אַ סך וואָס צו געבן דער חסידי־שער באַוועגונג און דער חסידיזם האָט אַ סך וואָס צו געבן דער ייִדישער ליטעראַטור.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[14] אַברהם־יהושע העשל — קאָצק, 1טער באַנד, ז' 15, תל־אָביב 1973.

אַברהם העשל

# גאָט גייט מיר נאָך אומעטום

גאָט גייט מיר נאָך אומעטום — — —
שפּינט אַ נעץ פון בליקן מיר אַרום...
בלענדט מײַן בלינדן רוקן ווי אַ זון...

גאָט גייט מיר נאָך ווי אַ וואַלד אומעטום...
און שטענדיק שטוינען מײַנע ליפּן האַרציק־שטום,
ווי אַ קינד וואָס בלאָנדזשעט אין אַן אַלטן הייליקטום...

עפּעס גייט אין מיר נאָך ווי אַ שוידער אומעטום...
עס גלוסט זיך מיר רו, עס מאָנט אין מיר: — קום!
קוק ווי זעונגען וואַלגערן אויף גאַסן זיך אַרום...

איך גיי אין רעיונות מײַנע אום, ווי אַ סוד,
אין אַ לאַנגן קאָרידאָר דורך די וועלט
און דערזע אַ מאָל הויך איבער מיר
דאָס פּנימלאָזע פּנים פון גאָט...

— — — — — — — — — — — — — — —

גאָט גייט מיר נאָך אין טראַמווײַען, אין קאַפעען...
אָ, ס'איז נאָר מיט רוקנס פון אַפּלען צו זען,
ווי סודות אַנטשטייען, ווי וויזיעס געשעען!...

ניו־יאָרק 1929

מ. באַסין

## ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב

### זינגען מיר שטום צו דיר...

זײַנען מיר אָרעם, איז וואָס זאָלן מיר טאָן
מיט אונדזער אָרעמקייט? —
וואָס זאָלן מיר טאָן?
אַז דײַנע גאָלדגרובן בלענדן דעם בליק
און דײַנע אָרעמע בענקען נאָך גליק —
וואָס זאָלן מיר טאָן?

זײַנען מיר שטויביק, איז וואָס זאָלן מיר טאָן
מיט אונדזער שטויביקייט? —
וואָס זאָלן מיר טאָן?
אַז דײַנע שטערנדלעך אײביק אין גאַנג,
און אונדזער טאָג פון הי ציט זיך ניט לאַנג —
וואָס זאָלן מיר טאָן?

זײַנען מיר עלנט, איז וואָס זאָלן מיר טאָן
מיט אונדזער עלנטקייט? —
וואָס זאָלן מיר טאָן?
אַז אין פֿאַרבאָרגעניש אײביק ביסטו,
און ווי פֿאַרבלאָנדזשעטע בהמהלעך ווו:
בעטן מיר שטום צו דיר — מו,
מו — ווו — דו?

### פֿאַסטעך געטרײַער

לעמער דרעמלען אינעם טאָל אויף ווייכע גראָזן.
זון און פֿרידן וויגן פֿעלד אין מידן שלאָף,

מיט די ליכטיקע חלומות פֿון די שאָף:
אַז דער פֿאַסטעך איז וואַך און וועט זיי ניט פֿאַרלאָזן.

ווײַסע קרײַזלקעפּ אויף קילן גראָז געצויגן.
נאָר די ווײַט פֿאַרטײַעט, וואַכט און שרעקט די רו.
פֿאַסטעך געטרײַער, מאַך ניט דײַנע אויגן צו:
וועלדער לויערן מיט פֿײַערדיקע אויגן.

אַז דער אָוונט וועט זײַן שטערנגעץ צעהענגען
איבער גאָר דער גרייס פֿון אונדזער מידער וועלט:
זאָלסטו, גוטער פֿאַסטעך, צוריק צו דײַן געצעלט,
דײַנע שוואַכע שעפּעלעך בשלום ברענגען.

## שטויב

און אַז איך קום באַשווערט מיט גרויס געוויין פֿאַר דיר,
און בעט פֿאַר זיי, די אָרעמע און שוואַכע אויף דײַן ערד;
זאָג, וואָס איז דען מײַן נישטיקער געביין פֿאַר דיר,
מיט גאָר זײַן צער און לײַטערונג דורך טרערן — ווערט:
אַז מיטן שטויב אין לעבעדיקן לײַב איז מיר באַשערט,
אַ הילפֿלאָזער, צו שטיין פֿאַר דיר?

1939

י. ל. פּרץ

# משנת חסידים

עס איז יודע לכל — די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז דער אַדמו״ר [1] פֿון נעמיראָוו האָט געדינט דעם רבונו של עולם מתוך שׂמחה.

ווייל איז דעם אויג, וואָס האָט זוכה געווען צו זען די פֿרייד, דאָס פֿײַער, דעם ברען, טאַקע די שׂמחה אַליין, וואָס האָט פֿון אים, זכרונו לבֿרכה, אַרויסגעשטראַלט ווי פֿון אַ זון און האָט באַשײַנט און באַגאָסן דעם גאַנצן עולם ווי מיט אַ גאָלדן, פֿײַערדיק ליכט! וואָס פֿאַר אַ תּענוג דאָס איז געווען!

אַ ייִד האָט פֿאַרגעסן דעם גלות, די צרות, די יסורים די גרעסטע; מען האָט זיך אַליין פֿאַרגעסן; אַלע נשמות האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין פֿלאַם מיט זײַן, זכרונו לבֿרכהס, נשמה! אײַ, ווי מען האָט זיך געפֿרייט! ווי לעבעדיק, ווי ברענענדיק גע־פֿרייט! עס האָט ווי פֿון אַ קוואַל געשלאָגן!

פֿאַראַנען צדיקים, וואָס זײַנען זוכה צו שׂמחת־שבת ויום־טובֿ. דער וואָנוואָליצער, זכרונו לבֿרכה, האָט זיך גערימט, אַז אין זײַן נשמה שטעקט אַ פֿונק פֿון דער שׂמחה פֿון מוצאי־יום־כּיפּור! אַנ־דערע זײַנען זוכה צו שׂמחה נאָר בײַ אַ סעודת מצווה, אַ סיום, אַ ברית וכדומה... אָבער אונדזער אַדמו״ר, זכרונו לבֿרכה, האָט גע־האַט די שׂמחה פֿון „ברוך ה׳ יום־טובֿ!" און ביז דער לעצטער מינוט, ביז צו דער פּטירה, זכותו יגן עלינו!

און הײַנט זײַן זינגען, זײַן טאַנצן! זײַנע זמירות און זײַנע ריקודים זײַנען אויסגעזאַפּט געווען מיט רוח־הקודש.

— איך בין מגלה — האָט ער איין מאָל אויסגערופֿן, און די אויגן, האָט מען געזען, האָבן אים געשטראַלט טאַקע ממש מזיו השכינה — איך בין מגלה, אַז די גאַנצע וועלט איז נישט מער

[1] (ראָשי־תּיבֿות) אַדונו, מורינו ורבינו.

נאָר אַ זמר און אַ טאַנץ פֿאַר הקדוש ברוך הוא! אַלע זײַנען משו־
ררים און זינגען זײַן לויב! יעדער ייִד איז אַ משורר און יעדער
אות פֿון דער תורה הקדושה איז אַ קול־נגינה, און יעדע נשמה
אין יעדן גוף איז אויך אַ קול־נגינה, וואָרעם יעדע נשמה איז אַן
אות פֿון דער תורה הקדושה. אַלע נשמות צוזאַמען זײַנען די תורה
הקדושה אין גאַנצן אוןביידע זײַנען אַ זמר לפֿני מלך מלכי המלכים
הקדוש ברוך הוא.

און ווײַטער האָט ער געזאָגט, אַז אַזוי ווי עס זײַנען פֿאַראַנען
אַלערליי קולות פֿון נגינה, אַזוי זײַנען פֿאַראַנען אַלערליי כּלים פֿון
נגינה און יעדער מין ניגון איז באַהעפֿט צו דער כּלי, וואָס קאָן
אויסשפּילן דעם ניגון, און יעדע כּלי האָט זיך איר ניגון; וואָרעם
די כּלי איז דער גוף און דער ניגון איז די נשמה פֿון דער כּלי...
און יעדער מענטש איז אויך אַ כּלי־נגינה, און דאָס לעבן פֿון אַ
מענטש איז אַ ניגון, אַ פֿריילעכער צי אַ טרויעריקער ניגון, און
אַז מען ענדיקט דעם ניגון, פֿליט־אַרויס די נשמה פֿון גוף און דער
ניגון, די נשמה הייסט עס, באַהעפֿט זיך צוריק מיט דער גרויסער
נגינה פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד...

און ווי, האָט ער געזאָגט, איז דעם מענטש, וואָס לעבט אָן
זײַן ניגון; דאָס איז שוין אַ לעבן אָן אַ נשמה; עס איז אַ געקריי־
צערײַ און אַ געקרעכצערײַ — עס איז שוין קיין לעבן נישט...

און יעדער כּלל איז אַ באַזונדער ניגון. און דער צדיק, וואָס
שטייט איבערן כּלל, איז דער קאַפּעלמײַסטער צום ניגון פֿון כּלל...
און יעדערער פֿון כּלל קאָן זײַן חלק ניגון. און יעדער מוז זיך
אָנרופֿן אַזוי ווי מען דאַרף און ווען מען דאַרף, אַנישט מאַכט ער
קאַליע דעם ניגון, נאָר דער קאַפּעלמײַסטער מוז קענען דעם גאַנצן
ניגון און פֿאַרריכטן, ווען מען דאַרף, און הייסן איבערחזרן, ווען
מען דאַרף... און הערט ער אַ פֿרעמד קול אין ניגון אַרײַן, מוז
ער אים אַרויסטרײַבן ווי אַ דיבוק, רחמנא לצלן, עס זאָל, חס־ושלום,
נישט איבערפֿירן דעם ניגון!

און ווייל — האָט ער געזאָגט — איז אײַך, וואָס עס איז אײַך באַשערט געוואָרן אַ פֿריילעכער ניגון...

און אַ סך האָט ער, זכרונו לבֿרכה, גערעדט פֿון דעם ענין.

— די למדנים — האָט ער געזאָגט — וואָס קענען נאָר לערנען פֿון אויבן אויף, די זײַנען ווי פֿרעמדע, וואָס האָבן הנאה קוקנדיק פֿון דרויסן אויפֿן מלכס פּאַלאַץ און קאָנען נישט אַרײַנקומען. זיי האָבן אַפֿילו די העזה נישט אָנצוקלאַפּן אין טויער, טאָמער וועט מען זיי עפענען... זיי קאָנען נאָר די ווענט זען, מיט די פֿענצטער, מיט די קוימענס, מיט די הויכע פֿאָנען איבערן דאַך פֿון מלכס פּאַלאַץ. טייל מאָל זעען זיי דעם רויך, וואָס גייט־אַרויס פֿון די קוימענס, און זייער אויער כאַפּט אַ מאָל עטלעכע קולות פֿון די עבֿדים ושפֿחות, וואָס דרייען זיך אַרום אין די פֿאָרשטיבער פֿון מלכס פּאַלאַץ... אָבער די, וואָס פֿאַרטיפֿן זיך אין תּוך פֿון דער תּורה, וואָס באַהעפֿטן זיך מיט דער נשמה פֿון דער תּורה, די קומען אינעווייניק אַרײַן אין פּאַלאַץ, די זעען דעם גאַנצן כּבֿוד פֿון מלך און הערן, ווי מען לויבט און מען זינגט דעם מלכס לויב, און באַהעפֿטן זיך מיטן געזאַנג פֿאַרן מלך...

— און יענע — האָט ער געזאָגט — וואָס גייען־אַרום פֿאַרן פּאַלאַץ, זײַנען טייל מאָל נאָך געגליכן צו בעלי־מלאָכות, וואָס מאַכן כּלים צו נגינה און קאָנען אַ כּלי־נגינה פֿאַרריכטן, אָבער אַליין אויף דעם שפּילן קאָנען זיי נישט. טייל מאָל האָבן זיי פֿײַנע, געשיקטע הענט, צו מאַכן אַ כּלי־נגינה, נאָר זיי האָבן פֿאַרשטאָפּטע אויערן. און אַז מען שפּילט אויף דער כּלי, וואָס זיי אַליין האָבן געמאַכט, הערן זיי נישט אָדער זיי האָבן אַ פֿאַרשטאָפּט האַרץ און פֿאַרשטייען נישט, און פֿילן נישט. אַ גרויסער בעל־מלאָכה, וואָס נעמט שוין די כּלי צום מויל, קאָן ער זי נאָר פּרוּוון אָדער עמעצן עפּעס נאָכשפּילן, נאָר קאַלט, אָן אַ נשמה — אָבער שפּילן, פֿון זיך אַ שטייגער שפּילן — דאָס קאָנען זיי נישט, אַפֿילו גאָר די גרויסע נישט.

— אָבער איך, ברוך השם — האָט ער געזאָגט — כאָטש איך

בין קיין למדן, דאָס הייסט, קיין בעל־מלאָכה נישט, און קאָן קיין כלי נישט מאַכן, נישט פֿאַרריכטן, שפּילן אויף אַלע כלים — קאָן איך...

— זיי — זאָגט ער — זײַנען די כלים און מיר דער ניגון! זיי זײַנען די מלבושים און מיר די מענטשן! זיי זײַנען גופים און מיר — נשמות!

ווויל איז די אויערן, וואָס האָבן אַזוינס געהערט!

*

ווויל איז די אויגן, וואָס האָבן זוכה געווען צו זען די שׂמחה בײַם אַדמו״ר אין הויף; נאָר דאָס אַלץ איז געווען כטיפה מן הים קעגן דער שׂמחה אויף דער טעכטערלס חתונה.

ווער עס האָט פייגעלעס חתונה נישט געזען, האָט קיין גוטס נישט געזען!

דעמאָלט האָט ממש די שכינה זיך אַראָפּגעלאָזט און האָט אויף אַלע גערוט. אַ ליכטיקער רוח־הקודש האָט אַלע אַרומגענומען... פֿון גרויס ביז קליין איז געהויכט און געקרוינט געוואָרן. מען האָט געזען בחוש, אַפֿילו די קעכינס, די סאַרווערס, אַפֿילו די בעלי־עגלות, וואָס האָבן געבראַכט די מחותּנים.. אַפֿילו די פּויערים, האָט ער געזאָגט, הייבט ער אויף צו דער מדרגה פֿון חסידי אומות העולם!...

דער עלטסטער פֿון אַלע, ר׳ צץ, האָט מיר געזאָגט, און ר׳ צץ האָט נישט גערעדט אַזוי, אַבי צו ריידן, אַז דאָס איז די ערשטע שׂמחה פֿון ששת ימי בראשית אָן...

און שטעלט אײַך פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ רעש עס איז געוואָרן אין די עולמות העליונים, אַז דער רבי איז געגאַנגען כלה־טאַנץ!

— אוי! — האָב איך מיר געווונטשן — ווי נעמט מען אַהער אַלע די אַפּיקורסימלעך, די לצנימלעך, די אַלע וואָס קוועטשן און חכמהן זיך? זאָלן זיי זען דעם תּענוג, די גדולה, די שׂמחה! עולם־הזה ווילן זיי דאָך, זאָלן זיי זען, ווי פֿון עולם־הבא איז עולם־הזה

געוואָרן, ווי די גאַנצע וועלט מיט שׂמחה איז אַרײַן צו אונדז אין שטוב און האָט געלויכטן ווי די זון! די פּיס וואָלטן זיי געקושט, זיי וואָלטן ערשט זען, וואָס זייער עולם־הזה איז ווערט!

וואָרעם גלאַט, דעם רבינס אַ טענצל, אַפּילו גאָר אַ וואָכעדיק טענצל, אַדורכלאָזן זיך איבער דער שטוב, איז דאָך אויך געווען אחד משׁשׁים בגן־עדן; דעמאָלט איז עס אַוודאי אַ דריטל און אפשר גאָר אַ גאַנצע העלפֿט געווען!

די כּלי־זמר האָבן דעמאָלט אַ פֿריילעכס געשפּילט. דער עולם, ווי אויף אַ חתונה, איז געווען צעשפּרייט אין אַלע ווינקעלעך. טייל האָבן געכאַפּט אַ טענצל אין אַ זײַט, אין צווייען, אין דרײַען, צי אַ קליין רעדל געמאַכט; אַנדערע האָבן געזונגען, געטרונקען, אַ שטיקל דור־הפּלגה, ווי אויף אַ חתונה.

פּלוצלינג האָט זיך דער רבי, זכרונו לבֿרכה, אויפֿגעהויבן, גע־גאַנגען אין מיט שטוב אַרײַן און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

מיט אַ פֿינגער האָט ער אַ צייכן געגעבן די כּלי־זמר און זיי האָבן אויפֿגעהערט צו שפּילן.

דער רבי איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, דאָס פּנים האָט גע־פֿלאַמט מיט רוח־הקודש, די אויגן האָבן געלויכטן ווי די שטערן, דער אַטלאַסענער קאַפּטאַן האָט געשפּיגלט און געבליצט, דאָס שטרײַמל האָט געגאָסן מיט הונדערטער זילבערנע פֿײַלן — עס האָט אָנגעכאַפּט דאָס האַרץ, עס האָט פֿאַרנומען די אויגן...

שטיל איז געוואָרן. אַלע אויגן האָבן זיך געצויגן צום רבין און באַהעפֿט אין זײַן געשטאַלט. מען האָט דעם אָטעם פֿאַרהאַלטן — מען האָט געהערט דעם אומרו פֿון זייגער פֿון דער זיבעטער שטוב, און אין דער זיסער שטילקייט האָט דער רבי אָנגעהויבן זײַן שטילן ניגון.

אין מיטן האָט ער אָפּגעהאַקט דעם ניגון און האָט אָנגעהויבן אַרויסלאָזן באַזונדערע, אָפּגעריסענע קולות — און דער עולם האָט באַלד פֿאַרשטאַנען, וואָס די אָפּגעריסענע קולות זײַנען! דאָס זײַנען

געוועזן בשורות טובות, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט אין דער וועלט אַריַין, מבשר און מודיע זיַין, אַז פייגעלע תחיהס חופה וועט זיַין למזל טוב ובשעה מוצלחת... און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך זע בחוש, ווי וויַיסע טויבן ווי שניי פליִען פון רבינס מויל אַרויס. און אין אַ ציַיט אַרום האָט ער, זכרונו לברכה, אויך געמוזט מודה זיַין, אַז די קולות זיַינען געוועזן שמשים, שליחים געשיקטע צו דער גאַנצער וועלט — צו אַלע חיות, צו אַלע ביימער און גראָזן, צו מדבריות, וועלדער, ימים און טיַיכן, צו הימל און ערד, צום גיהנום, צום גן־עדן, צו די אָבות, צו דער פמליא של מעלה און האָט אַלע פאַרבעטן אויף דער חתונה...

און דער עולם האָט דערפילט, אַז די היץ אין שטוב האָט זיך פלוצלינג געשטאַרקט כפל־כפלים, און אַז ער, זכרונו לברכה, האָט געזען, אַז מען איז געקומען, האָט ער צוריקגעצויגן צום זיסן ניגון, און האָט אים אָנגעהויבן זינגען מיט ווערטער, אמרים קדושים! און דערביַי האָט ער אָנגעהויבן טאַנצן, און אַלע אויגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און באַהעפט צו די הייליקע פיס...

ווייל איז טאַקע דעם אויג, וואָס האָט עס געזען!

עס איז אַ ידוע לכל, אַז תיכף נאָך הסתלקות פון דעם האַדמו״ר, און עס האָט געטראָפן, וואָס עס האָט זיך נישט געזאָלט טרעפן, מיטן איידעם, טאַקע מיט פייגעלעס, עליה השלומס, מאַן. און איך בין געבליבן כצאן בלי רועה, בין איך אויסגעפאָרן גאַנץ תפוצות ישראל און געזוכט... און וואָס איך האָב געוואָלט, צו וואָס מיַין האַרץ האָט געגלוסט, האָב איך אין ערגעץ נישט געפונען! איך האָב מיך אָנגעזען אַ סך זאַכן, הויכע זאַכן, מוראדיקע זאַכן — האָר און נעגל האָבן זיך קאַפּויר געשטעלט, נאָר קיין שמחה האָב איך אין ערגעץ נישט געזען!

עצבות, מרה־שחורה, צעבראָכענע הערצער... און טרעפט מען יאָ אַ ביסל שמחה, איז עס גלאַט „משנכנס אַדר״־שמחה, סעודת־מצווה־שמחה — כל־זמן דאָס פלעשל שטייט! צו שלימות פון אַ

ניגון איז נאָכן אַדמו״ר קיינער נישט געקומען... אַזוי, דער עולם בורקעט... ווער שמועסט טאַנצן!...

עס זינגט זיך נישט — הילצערנע קולות; עס טאַנצט זיך נישט — די פּיס ווילן זיך נישט פון דער ערד אָפּרייסן; אומגע־לומפּערטע הענט, אַ פוילער גוף — קאַלט, געפרוירן... און אַז מען זינגט שוין און מען טאַנצט — עס איז דאָך אַ מאָל אין אַ יאָר שׂמחת־תּורה — רייסט זיך עס: די ווערטער גייען אין איין זייט, דער ניגון אין אַן אַנדער זייט און די פּיס טוען זיך זייערס באַזונדער; זיי האָבן צווישן זיך קיין שייכות נישט — דריי פרעמדע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און יעדער באַזונדער גייט זיך אויף און אָפּ אין שטוב...

מיטן אַדמו״ר צוזאַמען איז נסתּלק געוואָרן די שׂמחה, די נשמה פון טאַנצן. פון ניגון, פון זמר. נאָר ער איינער האָט געוווסט, וועלכע תּנועת הגוף עס געהערן צו דעם און וועלכע צו יענעם ניגון, וועלכע קולות מען דאַרף צו די און וועלכע צו יענע ווערטער.

נאָר — נחזור לענינינו...

אַדמו״ר שטייט אין דער מיט און זינגט און טאַנצט, און מיר שטייען אַרום עיגול בתוך עיגול, און זעען די קולות און הערן די טענץ — און אַלע אַרום האָבן אָנגעהויבן זינגען און טאַנצן, אַפילו די כּלי־זמרים האָבן אַוועקגעוואָרפן די כּלים — עס האָט זיי מיט־געריסן — און זינגען און טאַנצן, און איך האָב אַפילו די זכיה געהאַט צו טאַנצן מיט אַדמו״ר פּנים אל פּנים. אין מיטן דערזע איך, אַז דער חתן, איינער אַליין דער חתן, שווייגט, זינגט נישט און טאַנצט נישט.

— רבי! — האָב איך אויסגעשריען נישט מיט מיין קול — אַפילו די כּלי־זמר זינגען און טאַנצן, און ער נישט.

און דער רבי האָט צוגעטאַנצט צו מיר און געזאָגט: שרעק זיך נישט, האָב בטחון אין פייגעלע תּחיהס מזל...

און שפּעטער, פאַר דער סעודה, האָט ער מיר איינגערוימט:

— וועסט הערן, ווי ער וועט תּורה זאָגן, לויט מיין טאַנצן.

וכך הוה...

די תורה אַליין, וואָס דער חתן האָט געדרשנט, געדענק איך נישט; איר ווייסט דאָך, קיין מופלג אין נגלה בין איך נישט, און נישט אַלץ האָב איך משיג געווען, בפרט אַז ער האָט גערעדט טיף־ליטוויש און אַזוי געשווינד, אַז עס האָבן זיך פֿײַערדיקע רעדער געדרייט פֿאַר די אויגן...

נאָר די סוגיא איז געווען עמוק, עמוק — אַ טיפֿער ענין...

דער עולם אַרום, קיין עין־הרע, עטלעכע מנינים מופלגי־תורה, האָבן געגאַפּט מיט אָפֿענע מײַלער.

דער קאַוואַלער דיין, זכרונו לברכה, דער אײַזערנער מוח, וואָס פֿלעגט קיינעם נישט אויסהערן, און שפּרינגען מיט די פֿינגער אין די אויגן אַרײַן און שרײַען „עם־הארץ!“, איז געזעסן שטיל, און מיט אַ זיס שמייכעלע אויפֿן דראָבנעם פּנים האָט ער געהערט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ...

און דער גאַנצער עולם האָט געהערט, נאָר איך איינער האָב געוווּסט דעם סוד, אַז ער זאָגט, וואָס דער רבי האָט געטאַנצט. זיי אַלע האָבן געהערט דאָס חצוניות, איך איינער האָב געוווּסט דעם תמצית פֿון דער זאַך... און אַז איך האָב פֿאַרמאַכט די אויגן, האָב איך געזען דעם רבין טאַנצן!

און עס איז געווען פּונקט אַזוי ווי בײַם רבינס טאַנצן...

שטיל איז געווען, אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט דעם אומרו פֿון רבינס זייגער אין דער זיבעטער שטוב... און אין דער מיט איז געווען דער חתן, און אַרום איז געשטאַנען דער עולם עיגול בתוך עיגול מיט פֿלאַמענדיקע פּנימער, ברענענדיקע אויגן און פֿאַרהאַלטענעם אָטעם...

כבוד־התורה האָט אויפֿן חתן גערוט, און פֿון כבוד־התורה האָט ווי פֿון אַ זון אַרויסגעשטראַלט דאָס ליכט און אָנגעצונדן די נשמות — אַרום זײַנען פֿלאַמענדיקע נשמות געשטאַנען!

און זײַנע ליפּן האָבן געטאַנצט ווי דעם רבינס פֿיס, און אַלע

אויגן האָבן געהאַנגען אויף זײַנע ליפּן ווי אויפֿן רבינס פּיס, און דער עולם אַרום איז פֿול געווען מיט תּענוג, מיט מסירת־נפש...

דעמאָלט איז ער אויך אַן אַדמו״ר געווען...

די נשמה פֿון כּלל.

זיי האָבן זיך צו אים צוגעצויגן ווי אײַזנשטויב צו אַ מאַג־נעט... ווי מיט אַ כּישוף האָט ער זיי מיטגעשלעפּט מיט זיך, ווײַט, ווײַט, אין גאַס אַרויס, פֿון שטאָט אַרויס, איבער טאָל און איבער בערג, איבער ימים און מדבריות...

און די אויגן האָבן געלויכטן ווי די אויגן בײַם אַדמו״ר, און די הענט האָבן געאַרבעט ווי זײַנע כּשרע פּיס...

איך זיץ ווי פֿאַרחלומט. פּלוצלינג רירט מיר עמעץ די פּלייצעס.

איך קוק מיך אום — דער אַדמו״ר:

— זעסט! אַזוי האָב איך געטאַנצט; נאָר איין ניגון איז נישט אַרײַן, פֿאַר דער טיר שטיין געבליבן: דעם ווילנער גאונס תּלמיד... ע!

דער „ע!" איז מיר אַרײַן אין האַרץ ווי אַ מעסער.

פּלוצלינג זאָגט ער:

— גיי, חיים, געבן די ערלים פֿון די פֿורן בראָנפֿן.

און וואָס דאָס האָט באַטײַט, האָב איך שוין נישט אָנגעהויבן ווייסן.

אַברהם העשל

# איך און דו

טראַנסמיסיעס גייען פֿון דײַן האַרץ צו מײַנעם...
פּאַרטוישן, פֿאַרמישן מײַן לײַדן מיט דײַנעם...
בין איך נישט — דו? ביסטו נישט איך?

עס זײַנען מײַנע נערוון צונויפֿגעקנוילט מיט דײַנע...
עס האָבן דײַנע טרוימען געטראָפֿן זיך מיט מײַנע...
צי זײַנען מיר נישט איינער אין לײַבער מיליאָנען?

אָפֿט דערזע איך מיך אַליין אין אַלעמענס געשטאַלטן..
דערהער אין מענטשנס וויינען, רייד, מײַנס אַ ווײַטע, שטילע שטים...
גלײַך אונטער מאַסקעס מיליאָנען ס׳וואָלט מײַן פּנים זײַן באַהאַלטן.

כ׳לעב אין מיר און אין דיר...
דורך דײַנע ליפּן גייט אַ וואָרט פֿון דיר צו מיר...
פֿון דײַנע אויגן טריפֿט אַ טרער, וואָס קוועלט אין מיר...

ווען אַ נויט דיך שוועלט — אַליאַרמיר!
ווען אַ מענטש דיר פֿעלט — רײַס־אויף מײַן טיר!
דו לעבסט אין דיר, דו לעבסט אין מיר...

ניו־יאָרק 1929

פּנחס ביזבערג

# לוי־יצחק באַרדיטשעווער

פֿאָלקשפּיל אין 3 טיילן און 15 בילדער

בילד 3

## לוי־יצחק לערנט מיטן פֿאָלק תּורה

אין אַ פּינסקער בית־מדרשל. ספרים־שאַפֿעס פֿון אַלע זײַטן. אין מזרח־וואַנט שטענדערלעך. בײַ די הילצערנע טישן: לערנערס. אַ גרופּע ייִדן הערט זיך צו צו די דורכדרינגענדיקע רייד פֿון מוסר־זאָגער. לוי־יצחק שטייט בײַ אַ שטענדער, שאָקלט זיך, ברומט אַ ניגונדל פֿאַר זיך.

מוסר־זאָגער — אַ הויכער, דאַרער ייִד מיט אַ קײַלעכדיקן, שוואַרצן קראַנץ פֿון אַ באָרד אַרום דעם לענגלעכן פּנים. אויגן גליִענדיקע,

נזירדיקע. **רבותי, אַ וועלט כּולו זינד. איין עבֿירה שלעפּט נאָך די אַנדערע, בעוונותינו הרבים. וויי, וויי, ייִדן, צו דעם, וואָס געדענקט נישט, אַז ער איז בלויז אַ שאָטן אויף דער ערד. וויי צו דעם, וואָס פֿאַרגעסט אין דער אימהדיקער געשטאַלט פֿונעם מלאך־המוות. וויי צו דעם, וואָס געדענקט נישט אינעם צער פֿון חיבוט הקבֿר. וויי צו דעם, וואָס געדענקט נישט אינעם יום־הדין און אינעם משפּט פֿון גיהנום. וויי צו דעם, וואָס געדענקט נישט אין די מיתות משונות און אין די גילגולים פֿון דער נשמה. דער גיהנום של מטה איז גרויס און ברייט און פֿאַרנעמט טויזנטער, טויזנטער מײַל. רבותי! טויזנטער, טויזנטער קעמערלעך האָט דאָס גיהנום, יעדער לויט זײַנע מעשׂים. ייִדן, האָט'ס רחמנות אויף זיך אַליין! פֿון יעדער עבֿירה ווערט באַשאַפֿן אַ מחבל צו שטראָפֿן דעם רשע. זעכציק מאָל ברענענדיקער איז דאָס פֿײַער פֿון גיהנום של מטה ווי דאָס פֿײַער פֿון דער ערד.**

לוי־יצחק — דרייט זיך אויס מיטן פּנים פֿונעם עמוד. **ר' ייִד, וואָס וואַרפֿט איר אָן אַן אימה אויף תּמימותדיקע ייִדן?**

מוסר־זאָגער — לייגט נישט קיין אַכט אויף לוי־יצחקס רייד, ווי פֿריִער מיט פֿאַנאַטישן גלי: **על כּן, איז מײַן עצה, אַז די פּושעים, אַפֿילו במחשבֿה, זאָלן זיך צוריקקערן אויפֿן רעכטפֿאַרטיקן וועג, כּדי אויסצומײַדן די שבֿעה מדורי גיהנום און דעם כּף הקלע. רבותי, קלײַבט־אויס דעם וועג פֿון תּשובֿה.**

לוי־ יצחק — געמיטלעך: **ר' ייִד, וואָס רעדט איר בייז אויפֿן פֿאָלק ישׂראל? אַ ייִדיש מויל איז באַשאַפֿן געוואָרן נאָר מלמד־זכות צו זײַן אויפֿן פֿאָלק ישׂראל.**

מוסר־זאָגער — מיט קנאַישער רוגזה: **דאָס מויל מוז מחרף ומגדף זײַן די וואָס טרעטן־אָפּ פֿון דער הייליקער תּורה!**

לוי־יצחק — מיט פֿאַראיבל: **ייִדן זײַנען די תּורה. די תּורה איז אַ גוטע. שרעקט נישט אָפּ מיט גיהנומס!**

מוסר־זאָגער — כאַפּט זיך בײַם קאָפּ. ווײ געשריגן! די רייד פֿון דער כּת[1]! ייִדן, אַרום אײַך ברענט אַ פֿײַער!

הערש וואַסערטרעגער — איז געזעסן אין אַנדערווינקל פֿון בית־המדרשל מיט עמך, טרעגערס מיט שטריק אַרום די לענדן, קאַ־וואַליעס מיט געברוינטע פּנימער, מיט געבעט אין קול צו לוי־יצחקן: רבי, מיר בעטן אײַך, לערנט מיט אונדז...

שטימען — אַ מעשׂהלע... אַן אַגדהלע... אַ שטיקל נחמה... דערקוויקט אונדז!

לוי־יצחק — מיט אַ לײַכטנדיק פּנים, דערנענטערט זיך צום לאַנגן טיש.

אויף די בענק זעצט זיך אויס עמך.

מוסר־זאָגער — מיט קנאישער רוגזה: מעשׂהלעך גיט זײ, מע־שׂהלעך וואָס וויגן־אײַן די קליינע קינדערלעך און גרויסע זינדע־לעך... דרייט זיך אויף־און־אָפּ, מיט גיכע, בייזע טריטעלעך.

לוי־יצחק — ברומט־אונטער אַ ניגון איידער ער הייבט־אָן זײַן תּורה:

לאָמיר אָנהייבן צו דערציילן
די מעלות פֿון אונדזערע ייִדעלעך.
די ערשטע מעלה האָבן זײ:
אום אַני חומה.
די צווייטע מעלה האָבן זײ:
ברה כּחמה.
כאָטש, כאָטש, כאָטש,
גולה וסורה,
פֿאָרט, פֿאָרט, פֿאָרט,
דמתה לתּמר.

עולם — חזרט־איבער:
כאָטש, כאָטש, כאָטש,

[1] סעקטע (וואָס פירט צו אַלדאָס שלעכטס).

גולה וסורה,
פֿאָרט, פֿאָרט, פֿאָרט,
דמתה לתמר.

לוי־יצחק — דעם ניגון זינגט הקודש ברוך הוא בכל יום־ויום צו זײַן פֿאָלק, וואָרעם בנים אַתּם, בנים אַתּם, קינדער זײַט איר צו גאָט ברוך הוא... דער תּנא ר׳ אליהו דערציילט: בעת מײַן וואַנדערן איבער דער וועלט האָב איך נישט איין מאָל באַגעגנט מענטשן מיט הויכע מדרגות. ויהי היום, האָב איך אַ מאָל געטראָפֿן אַ וואַרעמען ייִדן, רייד איך מיט אים. זאָגט ער מיר: רבי, צוויי זאַכן זײַנען מיר אײַנגעבאַקן אין האַרצן: תּורה און ייִדן... גייט איבער צום געזאַנג:

די מעלות פֿון אונדזערע ייִדעלעך,
פֿון וועמען שטאַמען זיי?
פֿון קהלות יעקבֿ.
ווי אַזוי חתמענען זיי?
רשומים בשמיך.
אויף וועמען האַרן זיי?
תּמוכים עליך.

עולם — חזרט־איבער
תּמוכים עליך, תּמוכים עליך.

לוי־יצחק — תּמוכים עליך... האָט דער תּנא ר׳ אליהו ווײַטער געזאָגט: מענטשן, געוויינטלעך, מיינען אַז בילכערס פֿון דער תּורה איז גאָר נישטאָ. איך אָבער וואָלט געזאָגט: בילכער זײַנען מיר, ליבע ייִדן, כאָטש זיי זינדיקן, רוט צווישן זיי די שכינה. אַפֿילו אויף דעם נבֿיא ישעיהו האָט דער בורא־עולם געהאַט פֿאַראיבל, וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו זאָגן: „איך געפֿין זיך צווישן אַ פֿאָלק מיט אומריינע ליפּן״. דער בורא־עולם וויל נישט לײַדן, מ׳זאָל אויף זײַנע קינדער ריידן רכילות. ר׳ שמעון בן קיש האָט געזאָגט: בנים אַתּם, אַתּם, אַתּם...

אַ מעלה האָבן זיי, האָבן זיי,
ההרוגה עליך, געהרגעט ווערן זיי פֿאַר דיר,
כאָטש, כאָטש ונחשבת כצאן טבֿחה,
פֿאָרט, פֿאָרט, חבֿוקה ודבֿוקה בך.

עס שפּרייזן־אַריין מיט תּקיפֿות משולם־פייוול בער־טשינער און יעקב־אַהרן שקלאָווער.

עולם — חזרט־איבער:

כאָטש, כאָטש ונחשבת כצאן טבֿחה,
פֿאָרט, פֿאָרט, חבֿוקה ודבֿוקה בך.

משולם־פייוול בערטשינער — מיט גאַווה: מיר האָבן אייך מחזיר געווען, מרא דאַתרא פֿון פינסק, כמה פּעמים, און איר שטערט ווייטער יידן פֿון לערנען. זמרלעך... האָפּטשיק־טשאַק... פּורים־שפּילערס... כמנהג הכּת...

יעקב־אַהרן שקלאָווער — קהל צאָלט פֿאַר תּורה, נישט פֿאַר ביטול־תּורה.

לוי־יצחק — יידן דינען צו אים מיט שירה.

יעקב־אַהרן שקלאָווער — נעמט־אַרויס אַ פּאַפּיר, וויקלט עס אויף, לייענט: „שמעו, בני פינסק. הערט זיך צו צום כרוז פֿון דער קהילה פֿון ווילנע, מיט דער הסכּמה פֿון גאון. מיר בעטן אייך אויס־צוראָטן די דערנער פֿון גאָטס ווייַנגאָרטן, פֿאַרטרייַבן זיי פֿון אייַערע געמאַרקן. די פֿאַסטעכער פֿון פֿאָלק, די חכמי הדור, טרעטן־אַרויס קעגן דער כּת. און די שענדלעכע געשריפֿטסן פֿון די כמו חסידים זאַרף מען פֿאַרברענען, פּונקט ווי מ׳האָט מבֿער געווען בפֿני תּל עם־ועדה אויפֿן זעלווער יאַריד די רייד פֿון כּפֿירה פֿון דעם פּלוידער־ספֿר „תּולדות יעקבֿ יוסף“...

מוסר־זאָגער — ער, דער בעל־שם, האָט געהאַסט גאָטס תּורה. זייַנע רייד זייַנען קעגן דער תּורה למשה מסיני, פֿון אַלף ביז תּיו כּפֿירה, ר״ל. די לומדים זייַנען אַ ציל פֿון זייערע סם־המות־פֿייַלן. בני תּורה טוען זיי יאָגן, רודפֿן און בייַסן, ווי משוגענע הינט. עמי־הארצים זייַנען בייַ זיי מיוחסים...

לוי־יצחק — ר׳ ייִד, איר טראַכט־אויס בייז אויף כשרים וחרדים.
יעקב־אַהרן שקלאָווער — פינסקער קהל האָט זיך שוין אָפּגע־געבן חשבון פון אײַערע משונהדיקע פירעכצן.
משולם־פּיוול בערטשינער — בעת תּפילה — אונטערשפּרינגען, גלאָצן צום הימל, אַרויסלאָזן אויסטערלישע קולות, ווי חסר־דעה...
לוי־ יצחק — דער סוד התּפילה. תּפילה טאָן מוז מען מיט אַלע רמ״ח אבֿרים.
יעקב־אַהרן שקלאָווער — מיט קאָזשעלקעס? מיט העוויות? דאַווענען אויף עבֿרי־טײַטש?
לוי־יצחק — קודשא בריך הוא נעמט־אָן אונדזערע תּפילות ווי אַ טאַטע דאָס שעפּטשען פון זײַן קינד, ווי אַ מאַמע דאָס בעבען פון איר עופהלע. כּי בנים אַתּם. און קינדער ריידן צו זייער טאַטן ווי צו אַ טאַטן. אין עקסטאַז:

מלאָכים שׂרפים ואופנים זינגען,
זינגען און פרעגן זיך: ווּ איז גאָט?
אוי, וויי, זינגען און פרעגן, אוי, וויי,
זינגען און פרעגן...

מוסר־זאָגער — פּרנסי־הקהל, ווײ געשריגן! איר הערט דאָס אַפּיקורסות?
לוי־יצחק — ווי פריִער, אין גרויס התלהבֿות:

זינגען און ענטפערן:
אוי, וויי, איה שוכן מרומים?
וואָס ענטפערט מען זיי?

עולם — כאַפּט אונטער:

ענטפערט מען זיי, זינגענדיק און טאַנצנדיק,
נישטאָ קיין אָרט, אוי, אוי,
וואָס זאָל זײַן ליידיק פון אים...

מוסר־זאָגער — פּרנסי־העיר! קיין שום רחמנות! אַרויסטרײַבן! אויסוואָרצלען פון מחנת ישׂראל!

לוי־יצחק — כּעס, מוסר־זאָגער, איז עבֿודה זרה. פֿאַרדבֿקהט: יידן, זייט וויסן: מיט געוויין קען מען עפֿענען טויערן און מיט געזאַנג און שׂמחה קען מען ברעכן מויערן.

מוסר־זאָגער — פֿריילעכע האָלעדריגעס... קלאָגן נישט אויף גלות ישׂראל... משיח איז שוין ביי זיי געקומען...

לוי־יצחק — מיט זינגען און טאַנצן פֿירן מיר אונדזער מלחמה פֿאַר אונדזער קיום. נאָר דורך דעם כּוח פֿון שׂמחה האַלטן מיר אויס דעם ביטערן גלות.

יעקבֿ־אַהרן שקלאָווער — וואָס איז דאָ צו פֿירן וויכּוחים? מ׳דאַרף איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אָפּרוימען פּינסק פֿון דער מגיפֿה.

משולם־פייוול בערטשינער — פֿון היינט אָן און ווייטער נעמט קהל פֿון דיר אַוועק דעם רשות. דאָס זיינען מיר דיר געקומען זאָגן.

שניידער — מ׳וועט נישט דערלאָזן. מיר זיינען אויך קהל!

הערש וואַסערטרעגער — ווי אַ מויער וועלן מיר שטיין אַרום אונדזער רבין.

שטימען — ווי אַ מויער! מיר זיינען אויך קהל!

משולם־פייוול בערטשינער — איך פֿרעגט מען נישט, עמי־הארצים, גראָבע יונגען! זעט׳ס נאָר, ווער ס׳וויל זאָגן אַ דעה אין קהל!

יעקבֿ־אַהרן שקלאָווער — לשון באַקומען! מ׳דאַרף׳ס אָנלערנען...

הערש וואַסערטרעגער — מ׳עט נישט לאָזן טשעפּען אונדזער רבין.

משולם־פייוול בערטשינער — ס׳רעדט נאָך! ווייזט אויף דער האַנטפֿלאַך: אָט־אָ־דאָ זייט איר ביי אונדז! צו הערשן: אַז מ׳וועט וועלן, קענסטו פֿאַרפֿוילט ווערן אין תּפֿיסה. איין פּיפּס צום גובערנאַטאָר...

לוי־יצחק — הזהרו בדבֿריכם, משולם־פייוול!

משולם־פייוול בערטשינער — מיר גיבן איך צען טעג צייט

**אָפּצורייניקן, דו און דײַן הויזגעזינט, דאָס קהלשע שטיבל. סײַדן דו וועסט בפּני כּל עם ועדה חרטה האָבן, תשובֿה טאָן.**

די פּרנסים אײַליק אָפּ.

צלבה־לאה — מיט צעפּאַטלטע האָר, רײַסט זיך אַרײַן מיט באַ־נומענע קולות, גייט גלײַך אויף לוי־יצחקן. **וווּ איז ער? דאָ איז ער? צוליב אים איז מײַן קינד, נעבעך, געגאַנגען פֿון דער וועלט!** שפּײַט לוי־יצחקן אין פּנים אַרײַן און לויפֿט־אַרויס. **אָט האָסטו דיר דײַן לוין!**

לוי־יצחק — נעמט־אַרויס אַ רויט טיכל, ווישט זיך אָפּ, דרייט זיך אויס צום שטענדערל און פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט: **איך בין דער אישה מוחל במחילה גמורה, רבונו דעלמא כולא, באַ־שטראָף זי נישט פֿאַר איר כּעס. איר ביטער האַרץ האָט צו דעם גורם געווען. איך בין מוחל.** צו דער גאַס, ווי ער וואָלט זיך ווענדן צו די אַוועקגייענדיקע פּרנסים: **יידן, איך וועל מקיים זײַן אײַער פּסק־דין. משום דרכי שלום וועל איך אַוועקגיין פֿון פּינסק. זאָל זײַן שלום על ישׂראל!**

גייט לאַנגזאַם אַרויס

שטימען — **אַזאַ עוולה!**

הערש וואַסערטרעגער — קוקט־נאָך מיט ליבשאַפֿט דעם רבין: **איך וועל מיטוואַנדערן אין אײַער גלות, בכל מקום, בכל מקום. און תורה לערנען.**

אָפּ

מוסר־זאָגער — הייבט־אויף די הענט צום הימל: **געלויבט איז זײַן חסד! עס וועט אָפּגעטאָן ווערן דאָס שלעכטס פֿון דײַנע גע־מאַרקן.** ברומט פֿײַערלעך, שטראָפֿנדיק און צוזינגענדיק: **עקבֿיא בן מהללאל אומר...** מורמלט:

**אוי, דע, אוי ווײ, דע מאַין באָתה ולאָן אַתּה הולך:**
**אוי, ווייס פֿון וואַנען דו קומסט און וווּהין דו גייסט...**

בילד 4

## בטחון

אין חדשים אַרום. ערב שבת. נאָך מיטאָג. דאָס זעלביקע חדר ווי אין צווייטן בילד. לוי־יצחק און זײַן זון, מאירקע, אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף, זאָגן שיר־השירים מיט אַ מתיקותדיקן ניגון. סאָסעלע, דאָס פּנים אײַנגעצויגן, בײַ העפטאַרבעט, פאַררוקט אין אַ ווינקל.

גנענדל — שלײַכט־אַרײַן שטיל פון שלאָף־אַלקערל, וויל עפּעס זאָגן לוי־יצחקן, נאָר האַלט זיך אָפּ, וויל נישט איבעררײַסן דאָס התלהבות־דיקע שיר השירים־געזאַנג, קען זיך אָבער נישט אײַנהאַלטן און פּלאַצט־אַרויס ווי מיט אַ געוויין: לוי־יצחק, לוי־יצחק...

לוי־יצחק — רײַסט־איבער און בליקט־אויף. וואָס איז, גנענדל? נאָר נישט עצבות... דער בעל־דבר קוקט נאָר אויס אויף דעם...

גנענדל — לוי־יצחק! ס׳דערנעענטערט זיך שבת און ס׳איז גאָר נישטאָ אין שטוב אויף שבת. צום ערשטן מאָל...

לוי־יצחק — בטחון, ביז דער לעצטער רגע. ס׳וועט, אם ירצה השם, זײַן אַ שבת מתוך הרחבה.

גנענדל — ווי אַזוי, לוי־יצחק, אַז קיין פּרוטה איז אין שטוב נישטאָ?

לוי־יצחק — נישט געדאגהט, ס׳וועט זײַן. נו, מאירקע, מײַן זון: אל תּראיני שאַני שחרחורת, שזפתני השמש...

גנענדל — די זון זעצט זיך און לוי־יצחק זאָגט, אַז...

סאָסעלע — פּלוצעם. ברודער, לוי־יצחק, איך וועל דיך פרעגן...

לוי־יצחק — פרעג, פרעג, סאָסעלע.

סאָסעלע — פאַר וואָס, אַז ס׳קומט צו יסורים, זעצט זיך דער איבערשטער אָן נאָר דווקא אויף אָרעמע? פאַר וואָס לײַדן גערעכטע? פאַר וואָס?

גנענדל — סאָסעלע איז גערעכט, פאַר וואָס? פאַר וואָס?

לוי־יצחק — אַזוי פיל פאַרוואָסן האָב איך אים צו פרעגן וועגן גאַנצן סדר־העולם. דעם רשע איז גוט און דעם גערעכטן אין שלעכט. אַלע האָבן געפרעגט. זינט ששת ימי בראשית איז אַזוי. ס׳ווילט זיך

מתּרעם זײַן, ריידן האַרטע דיבורים מיט אים, אויבן... און אפשר וועל איך דאָס אַ מאָל טאָן. צו מאירקען: האָט מען דיך הײַנט ווידער באַליידיקט?

מאירקע — פאַרשעמט: אין בית־מדרש געציפּט, געריסן, זיך געי רייצט מיט מיר. גערופן: חסידאַקל. געפרעגט: ווען וועלן מיר שוין זײַן אויף יענער זײַט פּינסק.

לוי־יצחק — מצער זײַן קינדער, שלא חטאו, אַ גרויסע זינד. זײַ זיי מוחל!

מאירקע — מיט עלטערשער ערנסטקייט: דאָס איז דער שׂכר פאַר מצוות?

לוי־יצחק — אַן אייביקע וועלט־טענה. די גאַנצע וועלט לעבט אין זייער זכות און די צדיקים אַליין באַקומען אַן עוקץ. יעדן טאָג גייט־אַרויס אַ בת־קול פון באַרג חורב: די גאַנצע וועלט ווערט געשפּײַזט צוליב חנינא מײַן זון און פאַר חנינאן איז גענוג אַ טאָפּ האַרטע באָקסער פון ערבֿ שבת ביז ערבֿ שבת.

מאירקע — הייסט עס בלויז לעתיד לבוא?

גנענדל — בלויז יענע וועלט. פאַרברעכט די הענט. רבונו של עולם, פאַרשעם אונדז נישט הײַנט, מיר זאָלן נישט דאַרפן הונגערן שבת.

לוי־יצחק — גנענדל, בטחון ביז דער לעצטער רגע. מאירקע, לאָמיר איבערחזרן דעם נעכטיקן שיעור. מישט אַ גמרא, מיט אַן אויפגעוועקט קול: תנו רבנן, האָבן די רבנן געלערנט: זאָלסט ניט גלוסטן נאָך דעם טיש פון פירשטן, דען דײַן טיש איז גרעסער ווי זייער טיש און דײַן קרוין איז גרעסער פון זייער קרוין, דײַן אַר־בעט־געבער איז באַגלייבט צו באַצאָלן דײַן לוין. און ר׳ יונתן זאָגט: דער וואָס איז מקיים די תורה אין אָרעמקייט, וועט ער זי אַ מאָל מקיים זײַן אין שפע. מאירקע מײַן זון, אויף וואָס דאַרף מען מזוני?

מאירקע — מיטן זעלביקן גמרא־ניגון: ואָכלת ושבֿעת וברכת, טאַטעניו!

הערש וואַסערטרעגער — עפנט מיט דרך־ארץ די טיר. בלײַבט שטיין אויף דער שוועל. טראָגט נישט מער די מלבושים פון וואַסער־

טרעגער, נאָר פֿון אַ דאָרפֿגייער. אַ גוטן פֿריַיטיק, רבי! אַ גוטן, רביצין, מאירקע און סאָסעלע. אומדרייסט: וואָס מאַכט סאָסעלע?

גנענדל — הערש איז שוין נישט מער קיין וואַסערטרעגער? ווו איז הערש געווען די גאַנצע צייַט?

הערש — אַוועקגעוואָרפֿן די פּרנסה מיט די קאָראָמיסלעס [2]. תּורה לערן איך. איבער די דערפֿער גיי איך. מיר גייען זאַלבעצווייט. איך מיט סענדערן. האַנדלען מיר מיט פֿלאַקס, מיט פֿעלעכלעך, מיט אַ זעקל תּבֿואה. און גאָט בענטשט אונדזער טועכץ. און וואָס מאַכט סאָסעלע? סאָסעלע ענטפֿערט נישט?

גנענדל — אם ירצה השם, זי וועט ענטפֿערן, זי וועט ענטפֿערן, ווען ס'וועט קומען די שעה, ווען דו וועסט ראוי זײַן דערצו.

לוי־יצחק — הערש! אַ סך תּורה דאַרף מען לערנען. אַ סך תּורה, הערש.

הערש — גייט אויף אַ ווײַלע אין פֿאָרהויז. קומט־צוריק מיט אַ פּאַק, וואָס ער דערלאַנגט דער רביצין. גנענדל שלאָגט זיך מיט דער דעה: נעמט, רביצין, נעמט. איך בין דעם רבין אַזוי פֿיל שולדיק. מזונות האָב איך געבראַכט. גאָט האָט געבענטשט מײַן טועכץ. לחם ודגים ויין, לכּבֿוד דעם הייליקן שבת.

לוי־יצחק — מיט פֿאָרוווּרף: הערש, האָב איך דען דיך נישט געלערנט, אַז דער וואָס האָט פֿײַנט מתּנות וועט לאַנג לעבן. ווילסטו, הייסט עס, אונדז מקצר זײַן די יאָרן?

הערש — חס־וחלילה, רבי! מיר זײַנען דאָך שותּפֿים. איר — תּורה און איך — גשמיות...

לוי־יצחק — פֿאַרדבֿקהט. הייבט־אָן ברומען אַ ניגונדל. וואָס ווײַ־טער מער אויפֿגעוועקט. „ישמח משה במתּנת חלקו". אַלע בײַזײַענ־דיקע, אויך סאָסעלע, זינגען־מיט.

משולם־פייוול בערטשינער — שטעקט־אַרײַן דעם קאָפּ דורכן

[2] שטעקנס, אויף וועלכע עס הענגען, פֿון ביידע זײַטן, עמערס (צו טראָגן וואַסער).

פֿענצטער. אַוודאי... ווו מאַכט מען דאָס אַזעלכע יללות? בײַ די חסידאַקעס... רק מ׳זינגט, מ׳זינגט... גיי איך דאָ פֿאַרבײַ וויל איך זאָגן, אַז פּינסקער קהל וויל שוין מער נישט וואַרטן.

גנענדל — מיר וועלן אַוועקגיין. זאָרגט נישט, ר׳ ייִד...

משולם־פייוול בֿערטשינער — ווי לאַנג איז דער שיעור? ס׳שטיבל מוז אָפּגעליידיקט ווערן. דער נײַער מרא־דאַתרא, ר׳ אַבֿיג־דור, האָט נישט ווו אַרײַנצוגיין. בין איך אײַך מזחיר, אַז אויב, אם ירצה השם, קומענדיקע וואָך, הבא עלינו... וועט עס זײַן מיט געוואַלט... מיר האָבן אַ פּאַפּיר...

לוי־יצחק — שווײַגט.

הערש — זאָרגט זיך נישט, פּרנסים אַכזרים! דער רבי וועט בלי נדר ביום שני או שלישי שוין זײַן בדרך צו אַ נײַער קהילה, ווו מ׳וועט האַלטן בכּבֿוד אַזאַ רבין...

משולם־פייוול בֿערטשינער — דו, שווײַג! וואָרעם אויף דיר איז אויך דאָ אַ פּאַפּיר...

הערש — ס׳וועט זײַן אַ גרויסער יום־טובֿ, ווען מיר וועלן פּטור ווערן פֿון אַזאַ שטאָט מיט מוסרים, אַכזרים. וויל זיך לאָזן אויפֿן פּרנס, אָבער יענער טראָגט זיך אָפּ.

לוי־יצחק — הערש, נישט מיט כּעס. רבונו דעלמא כּולא, זײַ זיי מוחל, במחילה גמורא. לאָמיר מקבל זײַן שבת המלכה.

פאָרהאַנג

בילד 5

## אויפֿן וועג קיין באַרדיטשעוו

אַ תבואה־פעלד. אַ טײַכל. בײַ דער זײַט — אַ בעריאָזע־וועלדל, אין הינטערגרונט: הײַזקעס. לוי־יצחק, גנענדל, מאירקע, סאָסעלע און הערש אויף אַ שלענגלדיקן סטעזשקעלע.

הערש — וועלדל אַרײַן, וועלדל אַרויס.

לוי־יצחק — דעם באַשעפֿערס וועלט... קלאָרע טײַכלעך... בש־

מימדיקע ווערדלעך... ליכטיקע וואָלקנדלעך... עס זינגען זייַנע ווינטן. דאָס שוועלבעלע טוט תּפֿילה — צו אים, אַ לויבגעזאַנג: מלא כל הארץ כבודו...

אַ פֿאַסטעכס פֿייַפֿל, עס הערט זיך אַ לידל

וואַלד, וואַלד, ווי גרויס ביסטו!
כּלה, כּלה, ווי ווייַט ביסטו!
וואַלד, וואַלד, ווער אַוועקגענומען!

לוי־יצחק — הערש, איז גרויס דאָרטן דער פֿינצטערער וואַלד?
הערש — גייסט אַ טאָג, גייסט אַ נאַכט, גייסט אַ וואָך, אַ חודש, אַלץ, אַלץ שוואַרצער וואַלד.
לוי־יצחק — דאָס פֿינצטערניש ענדיקט זיך?
הערש — אויס וואַלד, איז ליכטיק פֿעלד.
לוי־יצחק — מיט אַן אויפֿשייַנענדיקן פּנים. שוואַרצער וואַלד אַוועקגענומען!

וואַלד, וואַלד, ווער אַוועקגענומען,
וועל איך, כּלה, צו דיר קומען.

לוי־יצחק — אַ ניגון פֿון דער גרויסער בענקשאַפֿט, וואָס יידן בענקען צו דער הייליקער שכינה. דער פּאַסטעך האָט נישט די ריכטיקע ווערטער, ווי אַזוי צו זינגען. אין דער אמתן מיינט עס אַזוי:

גלות, גלות, ווי גרויס ביסטו!
שכינה, שכינה, ווי ווייַט ביסטו!
גלות, גלות, ווער אַוועקגענומען,
וועל איך, שכינה, צו דיר קומען.

פּאַסטעך — קומט אין פֿאָדערגרונט. דאָברי דין, דאָברי ליודי [3].
לוי־יצחק — זייַ געגריסט, ליבער מענטש! פֿון וואַנען קומסטו?
פּאַסטעך — שעפּעלעך היט איך. קיעלעך פּאַשע איך. גאָט לויב איך.

---

[3] גוטן טאָג, גוטע מענטשן!

לוי־יצחק — הייבט די אויגן צום הימל: בורא־עולם, אָט האָסטו דײַן ריכטיקן זינגער!

פאַסטעך — אַז זונעלע גייט פֿון טײַכעלע אויף, זינג איך אַ לויב־געזאַנג פֿאַרן שאַפֿן דעם טאָג, פֿאַרן ברענגען ליכטיקייט. און אַז רעגנדל פֿרישט די גרעזלעך אָפּ, נעם איך ס׳פֿײַפֿעלע און שפּיל אויף אים אויס אַ תּפֿילהלע אין נאָמען פֿון די שטומע שעפֿעלעך, פֿון די שטומע קיִעלעך..

לוי־יצחק — בורא דעלמא כולא! איך בין דיך מקנא פֿאַר דײַן שיינעם זינגער.

פאַסטעך — און ווען איך בענק נאָך מײַן כלהלע, וואָס אויף יענער זײַט וואַלד, דאַנק איך אים אויבן פֿאַר די וואָלקנדלעך־שעפֿעלעך...

לוי־יצחק — בורא דעלמא כולא! דו, דו, דו, וואָס דו האָסט אַרײַנגעלייגט אין אַלץ דײַן שיינקייט! דו, וואָס האָסט דער פֿרוי געגעבן אַ חלק פֿון דײַן שיינקייט, פֿון דײַן חן, דער שורש איז דאָך דײַנער, אַן אָפּשײַן פֿון דיר...

הערש — סאָסעלעס חן, ביסט מיד, סאָסעלע?

סאָסעלע — איך, מיד? ניין, הערשל.

הערש — נישט ווײַט פֿון דאַנען איז די קרעטשמע, סאָסעלע.

גנענדל — אַ דאַנק און לויב...

סאָסעלע — פֿייגעלעך זינגען, בלימעלעך שמעקן.

הערש — ווי דו, סאָסעלע.

גנענדל — אַז מ׳וועט, אם ירצה השם, קומען אויפֿן אָרט, וועט מען אַ חופּה שטעלן.

סאָסעלע — דער ראָמיאַנעק שמעקט.

פאַסטעך — פֿײַפֿלט מיטן פֿײַפֿעלע: כלה, כלה, ווי ווײַט ביסטו!

לוי־יצחק — מ׳דאַרף זאָגן: שכינה, שכינה, ווי ווײַט ביסטו!

פאַסטעך — באַשעפֿער פֿון הימל! דיר איז דאָך באַוווּסט, ווי איך וויל דיר דינען. ווען דו אַליין זאָלסט האָבן בהמהלעך און דו זאָלסט זיי מיר איבערגעבן צו היטן, איז אַלעמען, גאָטעניו, היט איך פֿאַר געצאָלט, נאָר דײַנע קיִעלעך וואָלט איך בחינם געהיט.

אָפּ פּײַפֿלענדיק זײַן ניגון

לוי־יצחק — אין דבֿיקות: די זאַנגען, אָנגעפּולטע מיט גאָטס כּוח, שורשען צופֿרידענע. די קוקאַווקע בענקט אַרויף צו דער הייכקייט פֿון גרינעם שפּיץ סאָסנע. די פֿעסטע דעמבעס אין וואַלד בריהן זיך, גרייסן זיך מיט זייער גבֿורה, דײַן גבֿורה, רבונו דעלמא כּולא. די פֿערדלעך, די גלאַנציקע, די זאַטע, טאַנצן פֿאַר דיר, לויבן דיך. אַפֿילו דער בלויער רויך פֿון די קוימענדלעך זינגט צו דיר אַ לויב. וועל איך אויך, איך, לוי־יצחק, דיר אַ דודעלע זינגען. אַ דודעלע, וואָס זאָל איבער דער וועלט אָפּקלינגען. אומעטום דו, דו, דו. מערבֿ — דו, מזרח — דו, צפֿון — דו, דרום — דו, אויבן — דו, אונטן — דו, פֿון אַלע זײַטן — דו... אומעטום דו, דו, דו... וועל איך דיר אַ דודעלע זינגען, עס זאָל אויף אַלע דורות אָפּקלינגען... דו אין גוטס, דו אין שלעכטס, דו, דו, דו... אוי — דו? שלעכטס — אויך דו? דו? דו? בעט איך בײַ דיר, בורא־עולם, איך זאָל זוכה זײַן צו ווערן דער אומבאַצאָלטער פּאַסטעך דײַנער.

בעל־עגלה — פֿון דער נאָענט הערט זיך אַ סווישטשען מיט אַ בײַטש און בעל־עגלהשע זידלערײַען: נו, ריר זיך, פּגירה!

לוי־יצחק — איך בעט דיך, הערש, גיי־צו, זע, ווער פּײַניקט עס אַזוי גאָטס אַ באַשעפֿעניש!

הערש — רופֿט: היי, קומטס נאָר אַהער! מ׳דאַרף אײַך האָבן!

אַרענדאַר — מיט אַ צעפּלאַמטער באָרד און שטריק אַרום די לענדן, שווערע יוכטענע שטיוול. וואָס ווילט איר, וואָס?!

לוי־יצחק — בנחת: פֿאַר וואָס שלאָגט איר אַזוי אַן אָרעמע חיה?

אַרענדאַר — מיט מגושמדיקער שטים: אײַער עסק, ר׳ ייִד?

לוי־יצחק — ס׳איז דאָס עסק פֿון בורא דעלמא כּולא. ס׳איז זײַן באַשעפֿעניש. ורחמיו על כּל מעשׂיו...

אַרענדאַר — די פּגירה איז אײַנגעשפּאַרט. איך רײַס זיך אונטער די קישקעס, שטופּ דעם וואָגן באַרג־אַרויף, קריך אומישנע אַראָפּ, ס׳זאָל איר ניט שווער זײַן, און די וויסטע קליאַטשע — קוים זי

שלעפט זיך... און די לײַט פֿון רחמנות מישן זיך אין יענעמס עסקים...

סאָסעלע — ס׳קליאַטשעלע, קוים וואָס עס דעכעט. הויט און ביינער. אפֿשר איז עס הונגעריק?

גנענדל — גאָטס באַשעפֿעניש, ווײ איז מיר.

לוי־יצחק — קודם־כּל, ר׳ ייִד, רחמים. דער רבונו־של־עולם אַליין האָט דאָך אויך אין זינען יעדעס ווערעמל, מכּל שכּן...

אַרענדאַר — ער, אויבן, דער בעל־הרחמים, פֿאַר וואָס האָט ע ר נישט קיין רחמנות? די פּריצים הייסן ייִדישע ווײַבער זיך זעצן אויף ביימער און נאָכמאַכן די קוקאַווקעס און נאָך דעם שפּילן זיי זיך אין טרעפֿן אין ציל, טאַקע ממש מיט אַ ביקס... מײַנע איז אָקערשט געוועזן אַ ציל, אַ סך בלוט אָפּגעלאָפֿן... טויט־קראַנק נאָכן שפּיל... וווּ איז ע ר געוועזן דער בעל־הרחמים?

גנענדל — אוי, ווײ איז מיר! ער וועט העלפֿן. ער וועט שיקן די רפֿואה שלימה.

אַרענדאַר — פֿאַר מיר איז ער אַ צו־להכעיסניק, נישט קיין בעל־הרחמים. אַ שטוב אָן אַ באַלעבאָסטע איז ווי אַ וואָגן אָן רעדער. מיט מיר האָט דער וואָס אין הימל גאָר קיין אײַנזעעניש. פֿאַר אַ יאָרן האָט מײַן יאָסל געטאַנצט פֿאַרן פּריץ אין אַ בערנפֿעל, אַזאַ פּריצישע שפּיל! יאָסל איז, נעבעך, געוואָרן געריסן פֿון זינען. איצט אײַל איך זיך אײַנצוצאָלן דעם פּריץ די אַרענדע. כ׳האָב קוים עטלעכע שעה און דער וועג איז ווײַט. קום איך נישט אין צײַט, וואַרפֿט ער מיך אַרויס מיט דער חולנית, מיט די בעבעכעס, מיטן משוגענעם זון, מיט די פּיצעלעך, וואָס איך בין זייער טאַטע און מאַמע. וויל די וויסטע פּגירה ניט גיין. איכ׳ל זי דערהרגענען!

לוי־יצחק — ליבער ייִד, איך בעט אײַך, וואָס האָט דאָס אָרעמע באַשעפֿעניש געזינדיקט, אַז אײַך איז ביטער, לא עלינו?

אַרענדאַר — און איך שטיי און טענה זיך אויס מיט די טיפּשים. קנאַלט מיט דער בײַטש און וויל אַנטלויפֿן.

לוי־יצחק — פֿון כּעסן זיך וועט דאָ גאָר נישט אַרויסקומען, ליבער ייִד. איך אַליין האָב אויך געגנוג תּרעומותן קעגן אים. איך קען אַ ייִד, לוי־יצחק, הייסט ער, איז ער נע־ונד. קיין דאַך איבערן קאָפּ. געיאָגט, באַליידיקט. וועלכער ייִד האָט דאָס נישט זײַן פּעקל צרות? נאָר ס׳וועט נאָך בעסער ווערן. איר וועט אָנקומען צו דער צײַט. הערש! דו ווייסט אומצוגיין מיט אײַנגעשפּאַרטע קליאַטשעס. גיי, העלף אים! גלעט זי, טרינק זי אָן, גיב איר אַ פּאָר זשמעניעס פֿרישע גראָז. אויף רחמים וועט דער בורא־עולם ענטפֿערן מיט רחמים. כּוח וועט אַרײַנקומען אין פֿערדלס ביינער און ס׳וועט, אם ירצה השם, האָבן קפֿיצת הדרך. נאָר מיט גוטסקייט...

אַרענדאַר — מיט ווייכקייט אין קול און פֿאַרוויינטע אויגן: הלוואַי זאָלט איר מיר קענען העלפֿן, וועל איך אײַך אייביק געדענקען. ער מיט הערשן אָפּ.

לוי־יצחק — לחיים ולשלום!

גנענדל — אַ רפֿואה שלימה פֿאַר אײַער ווײַב און קינד.

סאָסעלע — אַ היילונג פֿאַר אַלעמען.

לוי־יצחק — און אַ לבֿ טובֿ, מיט דבֿיקות: לבֿ טובֿ יותר מכּולם.

גלות, גלות, ווי גרויס ביסטו!
שכינה, שכינה, ווי ווײַט ביסטו!
גלות, גלות ווער אַוועקגענומען,
וועל איך, שכינה, צו דיר קומען.

פֿאָרהאַנג

בוענאָס־אײַרעס 1952

נפתלי גראָס

# דאָס ליד פון בעל־שם־טוב און פון דאָבושן

די וועגן און די שטעגן אונטער אײַז און הרודעס [1]
די בערג און די טאָלן אונטער האָרבעס [2] שנייען;
פֿאַר דעם בעל־שם און פֿאַר דאָבושן, ווו זיי גייען,
איז שטייען אָפֿן אַלע באַרגהײלן און בודעס [3].

כּי אור — איבער די הייכן פֿון די בערג נעמט בלויען,
דער ווינט זינגט אין די סאָסנעס און סמערעקעס [4],
דער פֿראָסט צעשטעכט, צעשפּאָלט די צווײַגן ווי מיט צוויעקעס [5].
דער בעש״ט גייט באָרוועס טובֿלען זיך אין דער פּאָליאַנקע [6].
דאָבוש קומט לוסטיק ווי אַ חיה פֿון דער נאַכט־הוליאַנקע
און שפּרייט פֿאַר זײַנע טריט צום וואַסער — בונטן שטרויען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אויף די בערג דאָבוש געהוליעט,
פֿון אַלעם גוטן האָבן אָנגעבראַכט אים זײַנע יונגען,
מע האָט געטאַנצט, געפּײַפֿט, געפֿידלט און געזונגען;
דער בעש״ט אַליין איז אין דעם וואַלד אַרומגעגאַנגען,
געזונגען מיט דעם ווינט און נאָדל־בלעטער זײַנע געזאַנגען
און בוים נאָך בוים ווי אייגענע צו זיך געטוליעט.

געקושט מיט נאַקעטע טריט די שטעכעוודיקע שנייען,
גערעדט מיט גאָט כּבֿיכול ווי מיט זײַנס אַ גלײַכן,
און ווי עניוות נידעריק געגאַנגען און געבעטן,
געלויבט אַיעדן טראָט אַוווּ ער האָט געטרעטן;
דאָבוש האָט זיך ווי ווינט געטראָגן, און שטאָלץ — ווי קיניגרײַכן
מיט שטעט און מענטשן וואָלטן פֿאַר זײַן קוק און קול זיך דרייען.

---

[1] הויפֿנס ערד. — [2] הויקערס. — [3] כּמו שטיבלעך. — [4] ביימער. —
[5] טשוועקעס. — [6] נישט־באַאַרבעט פעלד.

האָט זײַנע נאָענטע געלויִנט מיט ליבע און מתּנות,
און קיניגלעך באַשאָנקען זײַנע אונטערטאַנען,
האָט ווי אַ קינד זיך צוגעהערט צו יעדנס זאַבעבאָנעס [7],
זיך אָנגעשפּאַנט ווי וואָפּן און איז אַרויס — סכּנות,
געשניטן ווי דער טויט אַלץ וואָס ס'איז אין וועג געשטאַנען,
געטאָן אַלצדינג ווי ס'האָט אים אַליין געטאָן געפֿעלן,
און האָט געשאַלט, געוואַלט ביז טאָג אַרײַן אין העלן.

פֿאַר דעם בעל־שם־טובֿ און פֿאַר דאָבושן ווערן
צענישט [8] די צוימען און די גרענעצן, וואָס שטערן,
און מיט הכנעה ווי אַ תּפֿילה טוט אַיעדער פֿאַלן,
מיט בייגן זיך פֿאַר זיי און פֿאַלן יעדער ווילן,
ווי ליבע גאַרט־אַרויף צו זיי פֿון אַלע שטילן,
און יעדער דומם [9]־ביימער, גראָז און קוואַלן,
ווי מילן רוישן זיי און פֿליסטערן און שאַלן
און ציִען זיך דאָבושן און דעם בעל־שם־טובֿ צו געהערן.

1926

יונה ספּיוואַק

# ר' נחמן בראַצלעווער

## דער בלינדער בעטלער

פֿרײַטיק־צו־נאַכטס נאָך מעריבֿ. ס'ברענען די בענטשליכט אויפֿן טיש. אין דעם גרויסן חדר זיצן אַרום דעם טיש עלטערע און ייִנגערע חסידים. אַ פֿאַרטיקע שטימונג.

ערשטער חסיד — און אַפֿילו דאָ, אין בראַצלעוו, האָט זיך אויך אײַנגעשטילט די מחלוקה. דער צאָרן פֿון דעם שפּאָלער האָט אויך

[7] אַלטפֿרענקישע אײַנגערייִדעניש. — [8] אַ תּל. — [9] שטיללעבן.

דערגרייכט אַהער, קיין בראַצלעוו. מ׳האָט שוין דעם רבין מבייש געווען אין קלויז.

צווייטער חסיד — איז עס טאַקע אמת, אַז דער סאַווראַניער רבֿ האָט אַרויפֿגעלייגט אַ חרם אויף אַנשי־שלומינו, אַז מ׳זאָל זיך מיט אונדז נישט טאָרן מתחתּן זײַן?

ערשטער חסיד — אַזוי רעדט מען.

צווייטער חסיד — אונדזער רבינס מוטער, די הייליקע פֿייגע בת אָדעל, זכרונה לבֿרכה, וויינט אין קבֿר, ווי אונדזער מוטער רחל, אויף אירע געפּלאָגטע קינדער...

ערשטער חסיד — קול ברמה נשמע!... נישט אונדזער רבֿ איז דער בעל־מחלוקה, נאָר יענער... ער איז דאָך דער נרדף. צו ר׳ נפֿתּלין, וועלכער מישט די בלעטער פֿון אַ ספֿר. און וואָס זאָגט איר אויף דעם, ר׳ נפֿתּלי?

ר׳ נפתלי — מיט התלהבֿות. דער אמת וועט סוף־כּל־סוף מנצח זײַן! דעם רבינס מעשׂיות, וואָס ווערן פֿון מײַן חבֿר נתן פֿאַרשריבן, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן איבער דער גאָרער וועלט. מיט יעדער מעשׂה, וואָס נתן דרוקט־אָפּ, ווערט אונדזער רבינס נאָמען געגרויסט און געאַכפּערט בײַ אַלע ייִדן, וואָס זײַנען מפּונקים און יודעי־חן... נתן איז איצט אָפּגעפֿאָרן פֿון נעמיראָוו קיין באַר־דיטשעוו, ווו ער איז מסדר צום דרוק „אַ מעשׂה פֿון אַ פֿאַרביטענעם בן־מלך מיט אַ פֿאַרביטענעם בן שפֿחה“ און „אַ מעשׂה פֿון אַ בעל־תּפֿילה“. דער עיקר חסידות פֿון אונדזער רבין איז דאָך שׂמחה, די אַהבֿה און די דבֿקות. און ווען איינער האָט די דאָזיקע דרײַ מידות, איז ער זיך מתדבק אין דעם אמת פֿון דער וועלט... אונדזער רבי לערנט אונדז אין זײַנע מעשׂיות, אַז מיר זאָלן זיך ראַנגלען מיטן יצר־הרע מתּוך צער און מתּוך שׂמחה... סײַ ווען מיר זײַנען אין אַ מצבֿ פֿון עליה און סײַ ווען מיר זײַנען אין אַ מצבֿ פֿון ירידה... דער שפּאָלער זיידע, וואָס וויל עוקר מן השורש זײַן אונדזער רבין פֿאַר זײַנע מעשׂיות, האָט דאָך אויך געפּרווט זײַן כּוח צו דערציילן מעשׂיות. נאָר דאָס זײַנען מעשׂיות פֿאַר עמי־האַרצים. די מעשׂיות

פֿון אונדזער רבין זײַנען אָבער מעשיות פֿון עקבֿתא דמשיחא... זיי לערנען אונדז, אַז מיר זאָלן זײַן אַ דור שכּולו זכּאַי... זיי זײַנען אַזוי ווי דער „שמן אַפּרסמון", וואָס פֿליסט פֿון דעם גן־עדן... זיי דערקוויקן אונדזערע הערצער און לײַטערן אונדזערע מחשבֿות און זיי וועלן לעבן לעולם ועד...

עס דערהערט זיך דאָס קול פֿון רבי נחמן פֿון צווייטן חדר. ער הייבט־אָן צו זאָגן „שלום עליכם" און קומט־אַרײַן אין גרויסן חדר. אָדעל און דאָס קינד באַווײַזן זיך אין טיר פֿון אַן אַנדער חדר.

עולם — הייבט זיך אויף פֿון די פלעצער: שלום עליכם מלאַכי השרת, מלאַכי עליון ממלך המלכים הקדוש ברוך הוא — — — —

דער רבי מאַכט קידוש. גיט כּוּן כּוס צו פֿאַרזוכן אָדלען און טוט אַ שמיר מיט אַ טראָפּן ווײַן איבער די ליפּן פֿון דעם קינד. געבנדיק אים אַ גלעט איבער דעם בעקל און אַ קוש, נעמט אים אויף די הענט און זעצט זיך.

אָדעל — נו, טאַטעניו, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מײַן זונעלע?

רבי נחמן — אַ פֿײַנער בחורעץ. שײַנט, קיין עין־הרע, לכּבֿוד שבת.

אָדעל — ריידנדיק צום קינד און שפּילנדיק זיך מיט אים. אָט אַזוי האָבן מיר אונדזער בחורעץ אויסגעצוואָגן, אָרומגעוואַשן, די פּיאהלעך אויסגעקרײַזלט און אַ יאַרמולקע אָנגעטאָן. קוקט אויף דעם קינד און זיפֿצט: אַך, גאָטעניו, ער זאָל נאָר נישט זײַן געראָטן אין זײַן טאַטן...

רבי נחמן — זיפֿץ נישט, טאָכטער. אַ דאַנק גאָט, וואָס דו האָסט פֿון אים אַ גט געקריגן און באַפֿרײַט געוואָרן. צו ר' נפתלין: און וואָס זאָגסטו עפּעס, נפֿתּלי סערדצע, אויף מײַן אָדעלס גליק?... ווען פֿרייט זיך אַן אָרעמאַן? ווען ער ווערט פּטור פֿון איין צרה, וואָס איז גרעסער פֿון דער אַנדערער...

אָדעל — און איך אַליין האָב דעם קינד אויפֿגענייט דאָס יאַרמול־

קעלע פֿון דעם סאַמעט מיט די קווייטן, וואָס האָט זיך נאָך פֿאַר־
וואַלגערט אין דער קאַמאָד פֿון דער מאַמעניו, לשלום.

רבי נחמן — פֿון אָט דעם סאַמעט, אָדעלע, האָט מען דאָך דײַן מאַמע, לשלומס, מענטעלע געשניטן בײַ אונדז אין הוסיאַטין, אין וועלכן זי איז מיט מיר אונטער דער חופּה געשטאַנען. צו ר׳ נפֿ־תלין: אַ יאָ, נפֿתלי־לעבן, ס׳איז געווען אַ שיינע צײַט, ווען מיר האָבן אין הוסיאַטין געלעבט? זומער־לעב פֿלעגן זיך דאָרטן די פֿעלדער און וועלדער, בערג און טאָלן אָנטאָן אין זײַדענע יום־טובֿדיקע מלבושים. ס׳איז געווען יוב טובֿ אויף דער וועלט... יעדעס גרעזעלע האָט דאָרטן געזאָגט אַ שירה צום השם־יתברך... און מיר זײַנען דער קהל געווען... מיר האָבן דאָס געזאַנג פֿון דער בריאה פֿאַרנומען און „אָמן" נאָכגעזאָגט... צו אָדלען און ר׳ נפתלין: און דו, אָדעלע, און דו, נפֿתלילע, זענט דאָרטן געבוירן געוואָרן, און אויסגעוואַקסן, ווי די זאַנגען אין פֿעלד און די ביימעלעך אין וואַלד... יאָ, יאָ, קינדער... הייבט זיך אויף פֿון טיש, טראָגנדיק מיט זיך דאָס קינד. ער קומט־צו צו אַ חסיד: נו, וואָס זאָגט איר עפּעס, ר׳ יוסף? איר זענט דאָך די צײַט געווען אין שפּאָלע. איז דער כּעס פֿון דעם „חולק־הגדול" נאָך נישט אײַנגעשטילט געוואָרן? איז ער נאָך אַלץ מרעיש־עולמות קעגן מיר? ער רעדט מיט די חסידים אין דער שטיל און שפּילט זיך אויך מיטן קינד.

ר׳ נפתלי — צו אָדלען: ס׳גייט מיר אויס דאָס האַרץ, אָדעלע, פֿאַר דײַן גורל. אָבער מסתּמא האָט דאָך די השגחה אַזוי געוואָלט.

אַדעל — האָסט אויף מיר רחמנות, נפֿתּלי? דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב עס נישט געטאָן מיט מײַן אייגענעם ווילן.

ר׳ נפתלי — נישט דײַן אייגענעם ווילן?

אָדעל — געדענקסט דאָך, נפֿתּלי, יענע שיינע צײַט אין הוסיאַטין, ווען מיר זײַנען נאָך קינדער געווען, איך האָב זיך דאָך איין מאָל באַהאַלטן הינטערן פּרוכת אין בית־מדרש און געהערט דײַן לער־נען...

ר׳ נפתלי — יאָ, אָדעלע. איך געדענק דאָס. איך האָב געזען, ווי

דו האָסט זיך באַהאַלטן, און דערפֿאַר האָב איך דעמאָלט געלערנט מיט אַזאַ ניגון...

אָדעל — מיט אַזאַ זיסן ניגון, וואָס איך קאָן אים קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן... ער זינגט אין מיר אין דער צײַט פֿון מײַן טיפֿן צער...

ר׳ נפתלי — דער רצון איז שטענדיק געווען אין אונדזערע הערצער. אָבער די סיבות און מניעות האָבן זיך נישט געווענדט אין אונדז... אין יענעם אָוונט, אָדעלע, ווען דו ביסט אונטער דער חופּה געשטאַנען מיט יענעם מאַן, האָב איך שטאַרק געוויינט און מתפּלל געווען, אַז ס׳זאָל עפּעס געשען און — — — —

אָדעל — איין גאָט האָט מײַן האַרץ געוווּסט. אָבער געשען איז דאָס, וואָס ס׳איז געשען. איך בין געוואָרן אַן אומגליקלעכע מוטער פֿון קינדער, וואָס זײַנען געקומען און אַוועק. מײַן אייציקע טרייסט איז פֿאַרבליבן מײַן לעצט קינד, גאָט זאָל עס נאָר יאָרן געבן. זיפֿצט. אָבער צו וואָס זיך קוועלן, נפֿתּלי?...

ר׳ נפתלי — דאָס קינד פֿון יענעם מאַן...

אָדעל — ס׳איז אויך מײַן קינד...

רבי נחמן — קוקט אויף זיי אַן ווײַלע מיט פֿאַרשנדיקע בליקן, דערנאָך ווענדט ער זיך צום עולם: איך זאָג אײַך, ייִדן, אַז מײַן גאַנץ חיות איז, וואָס איך בין אַ שטיקל צײַט געווען אין ארץ־ישׂראל... ס׳בענקט אונדזער נשמה צו איר מקור... זוכן מיר דעם מקור... ווו איז דער מקור? קושט און האָלובעט [1] דאָס קינד זעצט עס אויף די אַקסלען און טאַנצט מיט אים אַרום דער שטוב, זינגענדיק:

ווּהין פֿאָרט אַ ייִד, קינדעניו?
קיין ארץ־ישׂראל...
ווּהין פֿאָרט אַ ייִד?
קיין ארץ־ישׂראל...

---

[1] צערטלט.

ער שטעלט זיך אָפּ און ווענדט זיך צום עולם: **איך האָב געהערט, אַז איר האָט יסורים, וואָס די רביים קריגן אויף מיר, וואָס דער זקן פון שפּאָלע וויל מיך עוקר־מן־השורש־זײַן און וואָס דער סאַוור־ראַניעוו רבֿ האָט מיך אין חרם געלייגט. ס'זײַנען דאָ מנהיגים, זאָג איך אײַך, וואָס רופֿן זיך מיטן נאָמער רבי. אָבער לא די, וואָס זיי קאָנען זיך נישט פירן, זמכל־שכן, אַז זיי קאָנען נישט פירן אַנדע־רע... און ווי אַזוי קאָן דען געמאָלט זײַן, אַז מ'זאָל אויף מיר נישט קריגן? מיט דבֿיקות:**

**איך גיי דאָך אויף אַ דרך אַ נײַעם,**
**וואָס קיינער אין אים עד־עתּה**
**נישט געגאַנגען...**
**דער נײַער דרך איז צו זוכן נײַס...**
**דעם עיקר פון דעם עיקר**
**און דעם סוד פון די סודות...**
**די סטרא־אַחרא [2] שרעקט זיך פאַר דעם נײַעם...**
**זי וויל נאָר אַלטקייט און שוואַכקייט...**
**אַן אַלטער צדיק איז שלעכט צו זײַן**
**און אויך איז שלעכט צו זײַן אַן אַלטער חסיד...**
**אָבער פאַר וואָס זאָלן מיר פאַרבלײַבן אַלט,**
**ווען ס'איז זיך דער בורא אַליין מחדש**
**אין יעדן מילי־מיליאָנטל חלק**
**פון יעדער רגע...**
**און מיר, וואָס ווײַכן פון זיקנה,**
**טאַנצן־אַרײַן מיט געזאַנג און מיט פרייד**
**אין דעם חידוש פון די מעשה־בראשית...**
**ווער ס'פאַרשטייט אונדזער געזאַנג און טאַנץ,**
**פאַרשטייט אויך דעם צער פון דער וועלט...**
**און דאָס געוויש פון דער נשמה,**

---

[2] די „אַנדערע זײַט", אַ בייזער כוח, דער טײַוול.

וואָס רײַסט זיך פֿון דעם גוף,
ווי די וואַסערן פֿון זייערע תּהומען
און ווי דער פֿלאַם פֿון דעם ליכט...
ער האָלובעט דאָס קינד
קינדעניו! קינדעניו!
ווען אַרט עס דען?...
אַז דו וועסט ווערן אַ גרויסער ייִד, קינדעניו,
וועסטו מיך מן הסתּם פֿאַרשטיין... זינגט:
פֿאָרט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל, קיין ארץ־ישׂראל...

רבי נחמן קומט צו אָדלען, גיט איר איבער דאָס קינד און וואַשט זיך. דער גאַנצער עולם וואַשט זיך.

רבי נחמן — שׂאו ידיכם — — — — —
עולם — שׂאו ידיכם — — — — —
רבי נחמן — מאַכט אַ המוציא, גבאי דערלאַנגט עסן. אָדעל מיטן קינד זיצן בײַ אײן זײַט און ר׳ נפֿתּלי בײַ דער צווייטער זייט. נעמט דערנאָך דאָס קינד אויף די הענט און קוקט אים אין די איי־געלעך: קינדעניו! קינדעניו! ווענדט זיך צו ר׳ נפֿתּלין: יאָ, נפֿתּלי־סערדצע, איך האָב געלייענט דעם בריוו, וואָס אונדזער פֿרײַנד נתן האָט צו דיר געשריבן, אַז דו זאָלסט לעבן אין שׂמחה און זיך נישט צולאָזן קיין צער... איך ווייס דײַן צער, נפֿתּלי... אפֿשר בין איך אַליין שולדיק אין דײַן צער...

דער יסוד פֿון דעם צער!...
ווער קאָן זיך דען צו אים דערגרונטעווען?
ווער ווייסט זײַן אָנהייב?...
ס׳וויינט דאָס האַרץ,
אָבער צו מאָל הערט מען נישט דאָס געוויין...
ס׳וויינט דער זיווג, ווען ער ווערט צעשיידט.
און פֿילט די וועלט אָן מיט יללה...
און ווען ער געפֿינט זיך אויס צוריק,

איז אַ שׂמחה בײַ דער בריאה...
עס צאַנקט און עקט דער צער
און פֿון זײַן סוף הייבט זיך אָן
דער בראשית פֿון דער פֿרייד...
טאָן־ענדערונג:

אָבער איך זאָג דיר, נפֿתּלי, אַז מ׳טאָר זיך קיין צער נישט צולאָזן. פֿריילעך דאַרף מען זײַן, אַפֿילו ווען די גרעסטע יסורים קומען אויף דיר...

צום עולם

וואָס ווייסט איר, עולם, ווי אַזוי זיך צו פֿרייען מתּוך מרה־שחורה?... איך וועל אײַך דערציילן אַ מעשׂה, ווי אַזוי מ׳איז אַמאָל פֿריילעך געווען!

גלעט דאָס קינד. אָדעל טוליעט זיך צו אים. גלעט איר אויך דעם שטערן.

איך וועל אײַך דערציילן „די מעשׂה מיט די זיבן בעטלערס". און יעדע מעשׂה איז אַן ענין פֿאַר זיך אַליין.

רבי נחמן פֿאַרטיפֿט זיך, אַ דבֿיקותדיקע שטימונג. עולם רוקט זיך צוזאַמען.

רבי נחמן — מעשׂה:

אַמאָל איז געווען אַ מעשׂה.
ס׳איז געווען אַ בריחה אין אַ מדינה.
זײַנען זיך אַלע צעלאָפֿן.
דורכגייענדיק אַ וואַלד, האָבן זיי צוויי קינדער פֿאַרלוירן.
איינער האָט פֿאַרלוירן אַ זכר און איינער — אַ נקבֿה.
זיי זײַנען נאָך גאָר קליינע קינדער געווען.
און נישט געהאַט וואָס צו עסן.
האָבן זיי געוויינט און געשריגן.
איז צו זיי אָנגעקומען אַ בעטלער.
ער איז געגאַנגען מיט זײַנע טאָרבעס.

האָבן די קינדער זיך אָנגעהויבן טוליען צו אים.
האָט ער זיי ברויט געגעבן.
און ער האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין פון זיי.
האָבן זיי אים געבעטן, ער זאָל זיי נעמען מיט זיך,
האָט ער נישט געוואָלט.
דערווייל האָבן זיי אַ קוק געטאָן — איז דער בעטלער בלינד.
האָבן זיי זיך געחידושט: אַז ער איז בלינד, ווי אַזוי ווייסט ער
ווו צו גיין?
און דער דאָזיקער בעטלער האָט זיי געבענטשט, אַז זיי זאָלן זיין
אַזוי אַלט אַזוי ווי ער.
אויפן אַנדערן טאָג האָבן זיי ווייטער נישט געהאַט וואָס צו עסן.
האָבן זיי געשריגן און געוויינט.
איז ווידער אָנגעקומען אַ בעטלער, וואָס איז געווען אַ טויבער.
האָבן זיי אָנגעהויבן צו אים צו ריידן.
ווייזט ער מיט די הענט און זאָגט: — „איך הער גאָר נישט".
און דער בעטלער האָט זיי אויך געגעבן ברויט און אָנגעהויבן
אַוועקצוגיין.
האָבן זיי אים אויך געבעטן, אַז ער זאָל זיי נעמען מיט זיך.
האָט ער נישט געוואָלט און זיי געבענטשט, אַז זיי זאָלן זיין
אַזוי ווי ער.
דערנאָך איז ביי זיי דאָס ברויט אויך אויסגעגאַנגען.
האָבן זיי ווידער געשריגן און געוויינט.
איז ווידער צו זיי געקומען אַ בעטלער, וואָס האָט זיך פאַרהיקעט.
האָבן זיי נישט געוווּסט וואָס ער רעדט.
דערנאָך — אַ בעטלער מיט אַ קרומען האַלדז.
דערנאָך — אַ בעטלער מיט אַ האָרב.
דערנאָך — אַ בעטלער אָן הענט.
דערנאָך — אַ בעטלער אָן פיס.
און איטלעכער פון זיי האָט זיי געגעבן ברויט און געבענטשט,
אַז זיי זאָלן זיין אַזוי ווי ער.

דערנאָך איז בײַ זיי ווידער אַ מאָל אויסגעגאַנגען דאָס ברויט.
האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו אַ ישובֿ און אַרײַנגעגאַנגען אין אַ שטוב.
האָט מען זיי ברויט געגעבן.
פֿלעגן זיי שוין אַרומגיין איבער די הײַזער.
זיי זײַנען אויך געגאַנגען אויף די יאַרידן און פֿלעגן זיצן צווישן די בעטלערס.
און אַלע בעטלערס האָבן געוווסט, אַז דאָס זײַנען די קינדערלעך, וואָס זײַנען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין וואַלד.
איז געקומען די בעטלערס אויף דער דעה, אַז זיי זאָלן משדך זײַן ביידע קינדער.
האָט מען זיי משדך געווען.
האָבן די בעטלערס אויסגעגראָבן אַ גרוב, אים צוגעדעקט מיט ערד און אַלע זײַנען אין אים אַרײַנגעגאַנגען.
און זיי האָבן דאָרטן געשטעלט אַ חופה פֿאַר די קינדער.
און זיך שטאַרק משׂמח געווען.

פֿאַרטיפֿונג

און איצט הערט, וואָס ס'איז ווײַטער געשען.

פאַרוואַנדלונג. אַ גרוב אויפן פעלד. פון גרוב קומט־אַרויף אַ געזאַנג און אַ שפיל אויף פײַפלען. אַ חופה ווערט אַרויפגערוקט איבער דעם אויבנאויף. ס'הערן זיך אויסרופן: „מזל־טוב!" די בעטלערס מיט די חתן־כלה קומען־אַרויף פון גרוב.

בעטלערס — רינגלען־אַרום חתן־כלה און זינגען:

| | |
|---|---|
| שׂשׂון ושׂמחה, | אַהבֿה ואַחוה, |
| חתן וכּלה. | ושלום ורעות. |
| גילה, רינה, | חתן־כּלה, מזל־טובֿ! |
| דיצה וחדוה, | מזל־טובֿ! |

זיי זעצן זיך אַלע אויף דער ערד.

שיקאַגע 1931

א. ליעסין

# עלית־נשמה

פון די באַלאַדעס וועגן בעל־שם־טוב

— 1 —

האָט דער הייליקער בעש"ט ראש־השנה בײַ נאַכט
זיך אין חדר מיוחד פֿאַרמאַכט.

בעת בײַם עמוד אין שול האָט ער מעשׂים געאַקערט,
אַזש די לופֿט אַרום אים האָט געפֿלאַקערט.

גליט ער איצט, ווי די ליוסטרעליכט, שטיל בײַ דער וואַנט,
אויפֿן שטערן פֿאַרוואָרפֿן די האַנט.

און אין בלייך־ווייכן אָפּגלאַנץ פֿון אַטלעס, פֿון ווײַסן,
נעמט ער שטיל אין די הימלען זיך רײַסן.

הערט דעם קיטרוג אויף יידן און שאַרפֿט אין גענאָד
פֿון די שמות הקדושים דעם סוד.

ווי אַ קריגס־קאָמאַנדיר שטייט ער טיף אין די אימות
און צעשטעלט קעגן שׂטן די שמות.

אַ פֿאַרגליווערטער שטייט ער, די אויגן פֿאַרמאַכט,
נאָר דאָס האַרץ דאָס ווײַט־אָפֿענע וואַכט;

נאָר אַ טרער פֿון יסורים פֿאַלט אָפּט פֿון די ברעמען,
ווען ער פֿליסטערט די געטלעכע נעמען.

— 2 —

האָט דער הייליקער בעש"ט ראש־השנה בײַ נאַכט
מיטן בורא אַ חשבון געמאַכט:

„וויפֿל האָט שוין דײַן קנעכט אין דײַן נאָמען, דײַן ליבן,
בלודנע נשמות פֿון שרצים געטריבן,

און פֿון עולם־התוהו, פֿון זומפּ און פֿון נאַכט,
אין דעם עולם התיקון געבראַכט.

נאָר דײַן פֿאָלק, וואָס פֿאַר דיר טוט ער שטאַרבן און לעבן,
לאָזט די קליפּה קיין תּיקון ניט געבן.

איז ער ווייניק אין זומפּפּראָש געלײַטערט געוועזן —
טאָ ביז ווען, טאַטע־פֿאָטער, ביז ווען?

אוי, ביז ווען? אוי, ביז ווען!" — און אַ קראַמפּיקער צוקן
קרימט אים איבער די אַקסלען און רוקן.

און אַ גוואַלדיקער קרעכץ אין התלהבֿות פֿון פּײַן
טוט אַ ריס אין דער נאַכט זיך אַרײַן.

גאַנצע זיבעצן הונדערט פֿאַרשאָלטענע יאָרן —
האָט דײַן קנעכט די געדולד שוין פֿאַרלאָרן.

וועט ער טאָן, וואָס ער קען, און ער רײַסט זיך פֿון קלעם,
און ער לאָזט זיך אויף איינס מיט דײַן שם.

טאָ זשע גיב, אַז עס זאָל מיטן ליכט־סוד געלינגען
דײַנע איבערשטע וועלטן באַצווינגען.

אויב דײַן קנעכט איז אין דיר, און אויב דו ביסט אין אים,
ביסטו אויך אין זײַן מאָנענדער שטים —

וועט ער שטורעמען הויך אין ישיבֿה של מעלה
און משיחן פֿרעגן די שאלה".

— 3 —

האָט דער הייליקער בעש"ט ראש־השנה בײַ נאַכט
די צירופֿים די פֿײַנסטע געמאַכט.

און אָט פּילט ער זיך פליִענדיק, טרוים לײַכט־באַוועגלעך,
און אָט ווערט דאָס אוממעגלעכע מעגלעך.

און אַזוי ווי ער ברענגט נאָר אַרויס פון זײַן מויל
די באַשווערונג די גרויסע אין גרויל,

און אַ וואָרף טוט אין שרעק ערד־און־הימל אין איינעם
און עס ציטערן־אויף די עליונים.

טוט אַ בלענד אים אין דורכזיכטיק־וועקסן געזיכט
דער צעעפנטער טויער פון ליכט.

ניט דאָס אויסערע ליכט פון אַ זון און לבֿנה —
פאַר די אויגן פון פלייש אַ מתּנה.

נאָר דאָס אינערע ליכט קעגן וועמען דער שײַן
פון אַ זון וואָלט אַ שאָטן נאָר זײַן.

און עס שטראַלט אים אין ליכט דער פאַרהוילענער לייטער,
מיטן שפּיץ אין די הימלען, אַ גרייטער.

און באַפרײַט פון דעם גוף, הייבט זײַן נשמה זיך אויף
אויף די ליכטטרעפּ אַרויף און אַרויף.

און דערגרייכט ער די לויטערקייט נאָענט בײַם טויער,
פאַלט־אַרונטער דער ערדישער שלייער.

פליִען מחנות מלאָכים אַלץ אויף און אַלץ אָפּ,
מיט נשמות אַרויף־און־אַראָפּ.

לויכטן וווּנדער אַזעלכע פון הימלשע פרייַדן,
וואָס אַ מענטשלעכער מויל קען ניט ריידן.

און עס ציט מוסר־נפֿשדיק אים און עס ציט —
אַלץ פאַרבענקטער, וואָס העכער ער פליט.

טויט־פֿאַרבענקט נאָכן אורקוואַל פֿון געטלעכע קרעפֿטן,
זיך אין ליכט מיט דער שכינה באַהעפֿטן.

— 4 —

האָט דער הייליקער בעש״ט ראש־השנה בײַ נאַכט
די מדרגות, די העכסטע, געמאַכט

הימל־אויס, הימל־אײַן, אַלץ אַרויף אין די הייכן,
דעם גן־עדן העליון צו גרייכן.

היכל־אויס, היכל־אײַן, אין דעם געטלעכן שײַן,
ביז אין היכל־משיח אַרײַן.

זעט ער זיצנדיק אים, מיט די פֿאַסטעכער זיבן,
בײַ אַ תּורה פֿון שטראַלן געשריבן.

און צדיקים תּנאים, אַ ליכטער־המון,
און די אָבֿות און משה אַליין.

ווי זיי שטייען אַרום דעם משיח און זיצן,
און די קרוינען אויף אַלעמען בליצן,

פֿרעגט ער דרייסט דעם משיח: „ווען קומסטו, מײַן האַר?
עס איז פֿול שוין דער בעכער פֿון צער״.

ענטפֿערט באַלד אים משיח: „ווען בעש״ט וועט דערהייבן
יעדן איינעם אַרויפֿצוגיין אויבן״.

— 5 —

האָט דער הייליקער בעש״ט ראש־השנה בײַ נאַכט
אין אַ שמאַכטיקער פּוסטקייט דערוואַכט.

און געוויינט האָט ער לאַנג, און געוויינט האָט ער ביטער
אויף דער זעונג דער בליצשנעל פֿאַרגליטער.

און אַדורכגעזעגן האָט ער דעם וועג און דעם מײַן,
אַז מען וועט אים ניט לאָזן דערגיין.

און געגעבן זיך הייליק דעם נדר, דעם גרויסן,
דאָך צו טאָן, ווי מען האָט אים געהייסן.

און געוויינט האָט ער ביטער, געוויינט האָט ער לאַנג,
און אַוועק זײַן דערהויבענעם גאַנג.

נ״י 1928

צבי כהן

# דער רבי פון קאָצק

דראַמע אין 3 אַקטן פֿון דער טרילאָגיע פֿון חסידים

## פּראָלאָג

אַ גרופּע חסידים קומט־אָן, זינגענדיק דעם קאָצקער ניגון. פון פּאַרנט גייט ר׳ משה, וועלכער פירט־אָן מיט דער קאַפּעליע. נאָך דעם גייען חסידים, דרײַ אין אַ ריי. אָפּט האַלט דער מיטלסטער זײַנע הענט אויף די אַנדערע אַקסלען. נאָך זיי גייען־נאָך עטלעכע יונגע־לײַט, וואָס קומען דאָס ערשטע מאָל צום רבין. זיי מוזן דערפאַר טראָגן אַנדערעס פּעקלעך.

משה — זינגט: קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט.
אַלע — זינגען־איבער: קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט.
משה — קיין קאָצק גייט מען
אַלע — קיין קאָצק גייט מען.
משה — קאָצק איז במקום המקדש.
אַלע — קאָצק איז במקום המקדש.
משה — קיין קאָצק מוז מען עולה רגל זײַן.
אַלע — עולה רגל זײַן.

משה — רגל איז דער טײַטש אַ יום־טובֿ.
אַלע — רגל איז דער טײַטש אַ יום־טובֿ.
משה — אַז מען גייט קיין קאָצק איז אַ יום־טובֿ.
אַלע — אַז מען גייט קיין קאָצק איז אַ יום־טובֿ.
משה — פֿריילעך: גוט יום־טובֿ! גוט יום־טובֿ! גוט יום־טובֿ! גוט יום־טובֿ!
אַלע — גוט יום־טובֿ! גוט יום־טובֿ! גוט יום־טובֿ! גוט יום־טובֿ!
משה — אַז חסידים גייען קיין קאָצק, איז אַ גרויסער יום־טובֿ.
אַלע — אַז חסידים גייען קיין קאָצק, איז אַ גרויסער יום־טובֿ!

אַ צווייטע גרופּע חסידים קומט־אָן לינקס, אויפֿן זעלביקן אופֿן ווי די פֿון רעכטס. זיי זינגען די צווייטע סטראָפֿע פֿון קאָצקער ניגון. דער אָנפֿירער פֿון דער קאַפּעליע איז ר׳ זיידל. אַלע זינגען איצט צוזאַמען.

זיידל — זינגט: קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט.
אַלע — זינגען־איבער: קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט.
זיידל — קיין קאָצק גייט מען.
אַלע — קיין קאָצק גייט מען.
זיידל — קאָצק איז במקום המקדש.
אַלע — קאָצק איז במקום המקדש.
זיידל — קיין קאָצק מוז מען עולה רגל זײַן.
אַלע — עולה רגל זײַן.
זיידל — רגל איז דער טײַטש אַ פֿוס.
אַלע — רגל איז דער טײַטש אַ פֿוס.
זיידל — דינען גאָט מיט די פֿיס.
אַלע — דינען גאָט מיט די פֿיס.
זיידל — טאַנצנדיק!
אַלע — טאַנצנדיק!

ר׳ זיידל דרייט זיך אויס צו די חסידים, זינגט און טאַנצט. אַ טייל חסידים נעמען זיך אָן בײַ די הענט און טאַנצן מיט התלהבות. אַנדערע פּאַטשן־צו מיט די הענט און זינגען.

זיידל — הולאַ, לאַ־לאַ, הולאַ, לאַ־לאַ.
אַלע — הולאַ, לאַ־לאַ, הולאַ, אַ־לאַ.

ר׳ זיידל און ר׳ משה חזרן־איבער דאָס זעלביקע און די חסידים נאָך זיי, און אַלע טאַנצן מיט באַגייסטערונג.

זיידל — אַז חסידים גייען קיין קאָצק, גייט מען מיט אַ טאַנץ!
אַלע — אַז חסידים גייען קיין קאָצק, גייט מען מיט אַ טאַנץ!

עס קומט־אָן אַ דריטע גרופּע חסידים. זייער אָנפירער איז ר׳ פּיי־וויש. זיי זינגען די דריטע סטראָפע פון קאָצקער ניגון.

פּייוויש — זינגט: קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט.
אַלע — זינגען־איבער: קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט.
פּייוויש — קיין קאָצק גייט מען.
אַלע — קיין קאָצק גייט מען.
פּייוויש — קאָצק איז במקום המקדש.
אַלע — קאָצק איז במקום המקדש.
פּייוויש — קיין קאָצק מוז מען עולה רגל זײַן.
אַלע — עולה רגל זײַן!
פּייוויש — רגל איז דער טײַטש אַ געוווינהייט.
אַלע — רגל איז דער טײַטש אַ געוווינהייט.
פּייוויש — מוז מען זיך געוווינען צו דינען גאָט.
אַלע — מוז מען זיך געוווינען צו דינען גאָט.
פּייוויש — זינגענדיק!
אַלע — זינגענדיק!
פּייוויש — דרייט זיך אויס צו די חסידים, זינגט מיט התפעלות:
שיר מזמור, מזמור שיר! מזמור שיר, שיר מזמור!
אַלע — שיר מזמור, מזמור שיר! מזמור שיר, שיר מזמור!
ר׳ פּייוויש און די חסידים חזרן דאָס איבער עטלעכע מאָל.
פּייוויש — אַז חסידים גייען קיין קאָצק, גייט מען מיט געזאַנג!
אַלע — אַז חסידים גייען קיין קאָצק, גייט מען מיט געזאַנג!

אַלע גרופּעס מיט זייערע פירערס אָפּ.

## 1טער אַקט, 1טע סצענע ¹

אַ גרויס בית־המדרש פון רבי שמחה בונעם פון פשיסכע. צו לינקס — אַן אָרון־קודש, פאַרן אָרון־קודש אַן עמוד מיט אַ „שויתי". ניט ווײַט פון דאָרטן: אַ באַלעמער איבערגעדעקט מיט אַ בלויען פּליושע־נעם צודעק, וואָס איז אַרומגעזוימט מיט גאָלדענע טאַשמעס. צוויי פּראָסטע, לאַנגע טישן מיט לאַנגע בענק זײַנען אויסגעשטעלט בײַ דער וואַנט פון לינקס צו רעכטס. אין ווינקל, לינקס, איז אַ שאַנק מיט ספרים, איבער הויפּט גמרות. רעכטס איז דער הויפּט־אַרײַנגאַנג. ניט ווײַט פון דער טיר, אין אַ ווינקל, בײַ דער וואַנט — אַ כיור. דער־נעבן — אַ שמוציקער האַנטעך. אַ ביסל ווײַטער, רעכטס, אַ טיר צום פּאָליש. — יונגע חסידימלעך דרייען זיך אַרום אַרויף־און־אַראָפּ און זינגען: „ידיד נפש, אָב הרחמים". אַלע זײַנען אָנגעטאָן עלעגאַנט, איבער הויפּט זײַנען בײַ זיי פאַרפּוצט די באָרד און פּיאות. אַנדערע זיצן בײַ די טישן און לערנען גמרא מיט אַ ניגון. עס דרייען זיך אַרויף־און־אַראָפּ דרײַ פון אָנגעזעענע אין פשיסכער הויף: ר' איטשע־מאיר אַלטער פון גער, ר' חנוך העניך הכהן פון אַלעקסאַנדער און ר' פּײַוויש דאַנציגער, גריצער רב. זיי זײַנען פאַרטיפט אין אַ שמועס און לערנען.

יאַרטשעווער רב — קוקט זיי נאָך אַ שטיקל צײַט און ענדלעך שטעלט ער זיי אָפּ. זײַט מיר מוחל, אפשר קענט איר מיר עפּעס קלאָר מאַכן?

גריצער רב — ווער זײַט איר?

יאַרטשעווער רב — איך בין דער יאַרטשעווער רב, אָבער רופט מיך פשוט: ר' יאָסל פון יאַרטשעוו. איך בין אַ מתנגד, אָבער כ'האָב געהערט ווי מענטשן ריידן אַ סך פון פשיסכער רבי, ר'

¹ אין דער 1טער סצענע ווערט דער רבי פון קאָצק (ר' מענדל מאָרגנ־שטערן פון קאָצק) נאָך גערופן מענדל טאָמאַשעווער. איז אַלט אַ יאָר 40. שפּעטער ווערט ער גערופן בלויז דער רבי.

שמחה־בונם, און פון פשיסכער חסידות. מען האָט מיר געזאָגט, אַז עס קערן זיך דאָ ממש וועלטן. בין איך געקומען אַהער זען מיט מיינע אייגענע אויגן, וואָס דאָ קומט־פֿאָר און טאַקע אויך עפּעס לערנען, אָבער איך בין שוין דאָ אַ קימאַ־לן פון פינף טעג און כ׳הייב ניט אָן צו וויסן, וואָס איר ווילט אַזוינס. דעם רבין האָב איך ניט געזען, ווייל ער איז קראַנק. קענט איר מיר אפשר זאָגן, וואָס עס איז אַזוינס פשיסכער חסידות? וואָס טוט איר אַזוינס אויף? איך האָב שוין גערעדט מיט אַ סך חסידים און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן מיר דאָס געבן צו פֿאַרשטיין, זיי האָבן מיר עפּעס געזאָגט, אָבעס עס קלעפּט זיך ניט. איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין אַ וואָרט פון דעם וואָס זיי זאָגן. נו, האָב איך זיך נאָכגעפֿרעגט, ווער עס זיינען דאָ די סאַמע קאַרפּנקעפּ, האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף אייך. האָב איך בײַ מיר אָפּגעמאַכט צו בעטן אייך, אַז איר זאָלט עס מיר געבן צו פֿאַרשטיין. איך ווייס גוט, ווער איר זייט. איך קען אייך אַלע. איר זייט ר׳ פֿייוויש דאַנציגער, גריצער רבֿ. גיט אים שלום עליכם. כ׳ווייס, אַז איר זייט אַ גדול בתורה: כ׳קען אויך אייך, ר׳ איטשע מאיר פון גער. גיט אים אויך שלום עליכם. איר זייט ר׳ משה חלפנס איידעם און כ׳ווייס, אַז איר האָט אַ שאַרפֿן מוח. מען האָט מיר אַפילו אַ מאָל נאָכגעזאָגט אַ פשטל פון אייך, איז עס מיר שטאַרק געפֿעלן. אויך אייך קען איך, ר׳ חנוך העניך הכהן פון אַלעקסאַנדער. גיט אים אויך שלום עליכם, איך ווייס וועגן אייך, אַז איר זייט אַ גרויסער צדיק. נו, אפשר וועט איר אַלע דרײַ מיר זאָגן, וואָס עס איז אַזוינס דאָס פשיסכער חסידות?

איטשע־מאיר — יאַרטשעווער רבֿ, און וואָס האָט איר אַזוינס געזען אין פשיסכע דורך דער צייט, וואָס איר זייט דאָ?

יאַרטשעווער רב — כ׳האָב געזען אַ סך זאַכן, אָבער כ׳האָב מורא צו ריידן.

איטשע־מאיר — רעדט, רעדט, יאַרטשעווער רבֿ, האָט קיין מורא ניט! אין פשיסכע האָט מען ליב דעם אמת!

יאַרטשעווער רב — קווענקלנדיק זיך: נו, כ׳האָב געזען, אַז איר

זײַט פֿרײלעכע מענטשן. מען טרינקט דאָ אַ סך יי״ש, כאָטש שיכּור ווערט מען ניט, און מען גייט דאָ אַרום כּסדר און מען זינגט; כ׳ווייס שוין אויך, אַז דאגהנען טאָר מען דאָ ניט, און אַז טאָמער ברעכט זיך עמעצער די הענט פֿאַרזאָרגט, זאָגט מען אים גלײַך, אַז דאָס איז עצבֿות, און אַז עצבֿות איז ערגער ווי דינען דער עבֿודה זרה.

גריצער רב — איז דאָס אַלץ שלעכט?

יאַרטשעווער רב — חס־ושלום! אָבער...

איטשע־מאיר — אָבער וואָס?

יאַרטשעווער רב — קווענקלט זיך: אָבער דאָס, וואָס איר לאָזט־איבער ווײַב־און־קינדער אויף הפקר? דאָס, וואָס איר דרייט זיך דאָ אַרום און מוחט זיך זינגענדיק, בעת אײַערע ווײַבער און קינדער אין דער היים גייען־אויס פֿון הונגער...

איטשע־מאיר — צעלאַכט זיך: אַזוי! זיי גייען, נעבעך, אויס פֿון הונגער! סאַרקאַסטיש: נו, אויב אַזוי, דאַרף מען טאַקע גלײַך פֿאָרן אַהיים האַקן האָלץ פֿאַר זיי.

העניך — און וואָס נאָך האָט איר געזען דאָ, וואָס עס טויג נישט?

יאַרטשעווער רב — וואָס נאָך? איך וויל אײַך עפּעס פֿרעגן, ר׳ העניך. כ׳האָב געזען, אַז איר האָט אַרום זעקס אַ זייגער פֿאַר נאַכט ערשט אָנגעטאָן טלית־און־תּפֿילין און זיך געשטעלט דאַוונען שחרית. נו, פֿרעג איך אײַך. איז דאָס אַזוי ריכטיק? און וואָס איז מיט דעם דין וועגן זמן תּפֿילה? מעג מען דאַוונען שחרית אַזוי שפּעט? און אַז איר דאַוונט שחרית פֿאַר נאַכט, ווען דאַוונט איר שוין מנחה? און ווען מעריבֿ? זאָגט מיר, כ׳בעט אײַך, איז דאָס פּשיסכער חסידות?

מענדל טאָמאַשאָווער — קומט־אַרײַן מיט גיכע טריט און מיט אַ שאַרפֿן בליק אין די אויגן.

איטשע־מאיר — דערזעט אים, צו אַלע: מענדל איז דאָ! רופֿט אים: מענדל! מענדל!

גריצער רב — מענדל וועט אים ענטפֿערן.

העניך — טאַקע, זאָל מענדל אים ענטפערן!

מענדל טאָמאַשאָווער — קומט־צו. קוקט־אָן דעם יאַרטשעווער רבֿ. בייזלעך: וואָס איז געשען?

איטשע־מאיר — מיר טענהן זיך דאָ אויס מיט אַ מתנגד. ער איז דער יאַרטשעווער רבֿ. ווייַזט אויף אים: ער וויל וויסן, וואָס פשיסכער חסידות איז אַזוינס. דער עיקר וויל ער וויסן, פֿאַר וואָס מיר דאַווענען שפּעט שחרית. פֿאַר וואָס מיר זייַנען עובֿר אויף זמן תּפֿילה? אפֿשר ווילסטו אים ענטפֿערן?

מענדל טאָמאַשאָווער — וואַרפֿט בייזע בליקן אויפֿן יאַרטשע־ווער רבֿ: יאַרטשעווער רבֿ, איר קענט דאַווענען?

יאַרטשעווער רב — דערשראָקן: וואָס מיינט איר?

מענדל מאָטאַשאָווער — מיט אַ געשריי: איך האָב דאָך אייַך עפּעס געפֿרעגט? איר קענט דאַווענען?

יאַרטשעווער רב — נערוועז: וועלכער ייִד קען דאָס נישט דאַווענען?

מענדל טאָמאַשאָווער — אַזוי? שטורמיש: און וועלכער ייִד קען דאָס יאָ דאַווענען? וואָס הייסט בייַ אייַך דאַווענען? אויפֿמישן דעם סידור און זאָגן. אַבי געזאָגט, דאָס הייסט בייַ אייַך דאַווענען? הויך: דאַווענען מיינט, אַז מען זאָל וויסן, אַז מען גייט זיך שטעלן פֿאַרן מלך מלכי המלכים; דאַווענען הייסט, אַז דאָס האַרץ, דער קאָפּ און אַלע אבֿרים זאָלן דאַווענען, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: „כל עצמותי תּאמרנה ה׳ מי כמוך״. אַלע מייַנע גלידער זאָלן ריידן צו גאָט. נו, צו אַזאַ דאַווענען דאַרף מען האָבן הכנות, מען קען נישט דאָס מאַכן אויפֿן שפּרונג! שרייַט־אויס שטורמיש: ניין! מען קען נישט דאַווענען אויפֿן זייגער! לויפֿט איבערן בית־המדרש, קומט־צוריק, כאַפּט־אָן דעם יאַרטשעווער רבֿ בייַ די לאַצן פֿון מאַנטל: איר ווייסט, וואָס עס הייסט דאַווענען? בייַם דאַווענען דאַרף מען האָבן דרייַערליי אופֿנים פֿון אַהבֿה. דרייַ וועגן פֿון ליבשאַפֿט: מען דאַרף האָבן אַהבֿת ישׂראל און אַהבֿת התּורה. מען דאַרף האָבן אַ ליבשאַפֿט צו גאָט, וואָס זאָל ברענען אין אַלע ביינער; מען דאַרף האָבן אַ ליבשאַפֿט

צו ייִדן, אַז מען זאָל זײַן גרייט יעדע מינוט זיך מקריבֿ צו זײַן פֿאַרן כלל־ישׂראל און מען דאַרף האָבן אַ ליבשאַפֿט צו דער תּורה, אַז עס זאָל ציִען צו איר ווי אַ חתן צו אַ כּלה. נו, יאַרטשעווער רבֿ, זאָגט מיר, קען מען דאָס אַלץ טאָן אויפֿן זייגער? טרייסלט אים ווי אַ לולבֿ. איר הערט, יאַרטשעווער רבֿ? אין פּשיסכע איז דאָ נשמה, אָבער ניט קיין זייגער. איר פֿאַרשטייט? מיר האָבן דאָ ניט קיין זייגער! לאָזט־אָפּ זײַנע לאַצן.

יאַרטשעווער רב — נערוועז: כ'האָב גאָר נישט געמיינט, ר' מענדל, כ'האָב בלויז געפֿרעגט, כ'האָב נאָר בלויז געפֿרעגט...

מענדל טאָמאַשאָווער — לויפֿט הין־און־צוריק איבערן בית־מדרש, שטעלט זיך אָפּ בײַ אַ טיש, וווּ עס זיצט און לערנט אַ גרופּע יונגע־לײַט, און רופֿט־אויס: משה־מיכל ביאַלער! ער הייבט זיך אויף. שמואל נאַשעלסקער! ער הייבט זיך אויף. אליעזר־בער פֿון גראַבע־וויץ! הייבט זיך אויף. איר זעט דאָרט יענעם ייִד, דעם מתנגד? ווײַזט־אָן אויפֿן יאַרטשעווער רבֿ. ער איז דער יאַרטשעווער רבֿ! ער וויל וויסן, וואָס אַזוינס פּשיסכער חסידות איז. נו, גייט אַהין צו אים, לערנט מיט אים פּשיסכער חסידות.

מענדל צוזאַמען מיט איטשע־מאיר, העניך און דער גריצער רב גייען־אָפּ אין אַן אַנדער ווינקל, וווּ זיי שמועסן און לערנען.

משה־מיכל ביאַלער — צום יאַרטשעווער רבֿ: ר' ייִד, קודם־כּל דאַרפֿט איר שיקן נאָך אַ קווערטל בראָנפֿן.

אליעזר־בער פֿון גראַבעוויץ — אַ קוואָרט בלויז? אַזוי וואָלוול? אַ מתנגד דאַרף געבן צוויי קוואָרט יי״ש.

שמואל נאַשעלסקער — איך וועל נישט נעמען ווייניקער ווי דרײַ; צום יאַרטשעווער רבֿ: יאַרטשעווער רבֿ, גיט אַהער געלט!

יאַרטשעווער רב — וואָס פֿאַר אַ געלט?

שמואל נאַטשעלסקער — פֿאַר יי״ש!

יאַרטשעווער רב — פֿאַר יי״ש? וואָס עפּעס אין מיטן דערינען יי״ש? וואָס איז אויף אײַך די שׂמחה?

שמואל נאַשעלסקער — די שׂמחה איז, וואָס איר זײַט אין פּשיסכע. בײַ פּשיסכער חסידים איז אַלע מאָל אַ שׂמחה! עס איז אַ שׂמחה, וואָס מען קען דינען דעם רבונו של עולם. נו, גיט שוין אַהער די פּאָר גראָשן.

יאַרטשעווער רב — איך וויל נישט טרינקען!

משה־מיכל ביאַלער — צעלאַכט זיך. ער וויל נישט טרינקען! נו, חבֿרה, איר ווייסט דאָך, וואָס מען דאַרף טאָן.

שמואל נאַשעלסקער — יאַרטשעווער רבֿ, איר גיט געלט, צי איר גיט נישט?

יאַרטשעווער רב — איך האָב דאָך אײַך שוין געזאָגט, אַז איך וויל נישט טרינקען!

שמואל נאַשעלסקער — אַזוי! קריכט אים נאָך: איר ווילט נישט טרינקען, אָבער מיר ווילן טרינקען; הערט, ר' ייִד, אַזוי ווי איר זײַט אַ רבֿ, ווילן מיר נוהג כּבֿוד זײַן מיט אײַך. איר זאָלט וויסן, אַז פֿאַר אַזאַ זאַך קריגט מען בײַ אונדז אַ משכּנתּא, איר פֿאַר־שטייט? נו, מאַכט עס גיכער, נעמט־אַרויס דאָס בײַטעלע און דער־לאַנגט די פּאָר גראָשן אויף יי״ש.

יאַרטשעווער רב — ווי פֿל מאָל האָב איך אײַך שוין געזאָגט, אַז איך וויל נישט טרינקען?

משה־מיכל ביאַלער — גיט אַ ווונק צו דער חבֿרה, נו, וואָס שטייט איר? אַ משכּנתּא! חבֿרה כאַפּן דעם יאַרטשעווער רבֿ, לייגן אים אויפֿן טיש, גרייט אים אַריינצימבלען אין הינטערשטן טייל.

יאַרטשעווער רב — מיט אַ וויינענדיק קול: כ'בין אַ ייִד אַ חלוש. האָט רחמנות! הערט־אויף! כ'וועל אײַך געבן! לאָזט מיך אַראָפּ! מען נעמט אים אַרונטער פֿון טיש. יאַרטשעווער רבֿ נעמט־אַרויס דאָס בײַטעלע און שלעפּט־אַרויס פֿון דאָרט דרײַ גרויסע פּוי־לישע צענערס. אָט האָט איר אַ גילדן, אַ גאַנצן גילדן!

שמואל נאַשעלסקער — וואָס ציילט ער דאָרט, דער מתנגד?

רייסט־אַרויס דאָס בייטעלע פֿון זײַנע הענט. רופֿט: **משה־מיכל!**

משה־מיכל ביאַלער — וואָס איז?

שמואל נאַשעלסקער — אָט האָסטו דאָס בײַטעלע מיט געלט, לויף און ברענג יי״ש פֿאַרן גאַנצן געלט! הערסט?

יאַרטשעווער רב — פֿאַרזאָרגט: **אָבער כ׳וועל דאָך ניט האָבן אויף הוצאות אַהיים.**

משה־מיכל קומט באַלד צוריק מיט פֿלעשלעך יי״ש; זיי גיסן־אָן פֿולע גלעזער, טרינקען לחיים. דערנאָך נעמען זיי אַרײַן דער יאַרטשעווער רבֿ אין מיטן, טאַנצן און זינגען:

ידיד נפש, אָב הרחמים,
נפשי חולה אָהבתך
אנא אל רפא נא לה
בהראות לה נועם זיוך.

חבֿרה שטעלט זיך אָפּ. יאַרטשעווער רבֿ דרייט זיך גיך אַרויס פֿון אַלע און אַנטלויפֿט.

מרדכי־ יוסף — לויפֿט־אַרײַן אין בית־המדרש מיט אַן אימפּעט. **דעם רבין איז ערגער געוואָרן. דער דאָקטער איז נאָר־וואָס אַרויס. ער האָט געזאָגט, אַז דער רבי איז אַ חולה מסוכן.**

משה־מיכל ביאַלער — **לאָמיר זאָגן תהילים.** נעמט אַ תהילים, וואָס ליגט אויפֿן בעלעמער, הייבט־אָן זאָגן: **אַשרי האיש אַשר...**

מענדל טאָמאַשאָווער — שטורמיש: **וואָס בלעקעט ער דאָרטן? וואָס עפּעס פֿאַר אַ תהילים פּלוצלינג?**

משה־מיכל ביאַלער — **דער רבי איז זייער קראַנק.**

מענדל טאָמאַשאָווער — מיט כּעס: **נו, איז וואָס? דאַרפֿן מיר דערפֿאַר ווערן ייִדענעס? גיין אויפֿן בית־עולם און רײַסן קבֿרים? צי האָט דוד המלך געמאַכט דעם תהילים פֿאַר אַ סגולה צו בויכ־וויטיק?**

מרדכי־יוסף — **אָבער, מענדל, מען דאַרף דאָך בעטן צו גאָט פֿאַרן רבינס געזונט.**

מענדל טאָמאַשאָווער — סאַרקאַסטיש: **בעטן, שמעטן. שטור־**

מיש: מיינסטו טאַקע, אַז דער רבונו של עולם איז אַ ייִדענע? עפּעס בײַ זיי איז אַלץ אַזוי פּשוט; ווערט עמעצער קראַנק, זאָגט מען אַ פּאָר קאַפּיטלעך תּהילים און פּאַרטיק.

מרדכי־יוסף — איך זע נישט קיין שום שלעכטס אין דעם! וואָס קען זײַן שלעכט, ווען ייִדן זײַנען מתפּלל?

מענדל טאָמאַשאָווער — קאָכט זיך: איך האָב פֿײַנט אַזעלכע תּפילות. איך האָב פֿײַנט ווען מען דרייט אַ ספּאָדיק וועגן געזונט, וועגן פּרנסה, וועגן קינדער! צו גאָט דאַרף מען קומען מיט העכערע ענינים. מ׳דאַרף בעטן צו אים, אַז מען זאָל פֿאַרשטיין זײַנע וועגן, זײַן גרויסקייט! אָט דאָס פֿאַרשטיי איך, אָבער נישט תּפילות וועגן קאַרטאָפֿליעס! שטורמיש: מאַכט נישט פֿון בית־מדרש אַ שנײַדערשע שול; כ׳האָב פֿײַנט נאַרישע שטיק! זאָל יעדער איינער בעטן גאָט, פֿאַרן רבין, אויף זײַן אופֿן. טאָן ענדערנדיק: איך וועל לערנען אַ בלאַט גמרא! זעצט זיך אַוועק לערנען מיט אַ גמראַרניגון.

תמרל — אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ זײַדן קלייד, מיט אַ רויט זײַדן טיכל אויפֿן קאָפּ, באַווײַזט זיך בײַ דער טיר. זי קוקט זיך אַרום. גוט־מאָרגן, ייִדן, כ׳האָב געהערט, אַז דער רבי איז קראַנק, בין איך געקומען אַהער.

בערל חסיד — ווערכער האַלט אין מיטן צו רעכט מאַכן דעם ענגלײַכטער, דערזעט זי: תּמרל! וואָס מאַכט איר? גייט־צו צו איר.

גריצער רב — דערזעט תּמרל, גייט־אַוועק פֿון דער גרופּע, ווו ער, איטשע־מאיר און העניך האָבן געשמועסט, און גייט־צו צו איר: וואָס מאַכט איר, תּמרל?

איטשע־מאיר און העניך — קומען אויך צו ביידע: וואָס מאַכט איר, תּמרל?

תמרל — אַ דאַנק דעם אייבערשטן. כ׳האָב געהערט, אַז דער רבי ר׳ בונם איז אַזוי שלאַף.

איטשע־מאיר — השם ירחם.

העניך — דער רבונו של עולם זאָל העלפֿן.

גריצער רב — וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער וועלט, תּמרל?

תמרל — מײַן מאַן און איך באַמיִען זיך איצט אָפּצושאַפֿן די נײַע גזירות. עס וועט קאָסטן אַן אוצר, אָבער עס איז כדאַי! אויף צו ראַטעווען ייִדן פֿון אַ צרה, איז אַלץ כדאַי! אַ טײַער פֿאָלק, ייִדן! אַ טײַער פֿאָלק!

איטשע־מאיר — דער רבונו של עולם זאָל נאָר שטאַרקן אײַערע הענט. איר זײַט דאָך אַ צדיקת.

תמרל — איך בין אַ פשוטע ייִדענע. איך טו וואָס איך קען! איך האָב נאָך דאָ עפּעס צו טאָן! כ׳וועל אײַך זען שפּעטער. דרייט זיך אַוועק פֿון זיי.

איטשע־מאיר, העניך און גריצער רב גייען־צוריק צום פֿריִערדיקן פּלאַץ און שמועסן ווײַטער אין לערנען.

משה־מיכל ביאַלער — צו משה ווורקער: דו וועסט באַלד עפּעס זען! תמרל וועט זיך איצט פֿרעגן אויפֿן שוואַרצן יצחק. כ׳קען זיך וועטן דערויף.

משה ווורקער — מיט אַ ווידערווילן: נו, און אַז זי וועט זיך פֿרעגן, איז וואָס? עס איז, חס ושלום, בײַ איר דערבײַ נישטאָ קיין שום שלעכטער געדאַנק.

תמרל — צו בערל חסיד: ווו איז ר׳ יצחק ווורקער?

משה־מיכל ביאַלער — וואָס האָב איך דיר געזאָגט?

בערל חסיד — צו תמרל: ער זיצט אין פּאָליש און לערנט. ער האָט מיך אָבער געבעטן, אַז כ׳זאָל קיינעם צו אים נישט צולאָזן.

תמרל — לאָזט זיך גייִן צום פּאָליש.

בערל חסיד — תמרל, גייט נישט אַרײַן. עס פּאַסט נישט! אַן אישה!

תמרל — שמייכלט: פֿאַר תמרלען פּאַסט אַלץ! תמרלען וועט קיינער נישט חושד זײַן! זי גייט־אַרײַן אין פּאָליש.

משה־מיכל ביאַלער — צו משה ווורקער: זי איז אַרײַן צו אים אין פּאָליש.

משה ווורקער — בייז: טאָ איז וואָס? דו ווייסט, ווער תמרל

איז? דו ווייסט, וואָס פֿאַר אַ צדיקת זי איז און וואָס זי טוט אַלץ פֿאַר יידן? ווייסטו, אַז נאָך דעם ווי די קאָזאַקן האָבן פֿאַרכאַפּט וואַרשע און אויסגעהרגעט אַזוי פֿיל יידן, האָט תמרל געפּועלט בײַ איר שווער ר׳ שמואל זביטקאָווער, אַז ער זאָל אַוועקשטעלן צוויי פֿעסער מיט געלט: איינס מיט גאָלדשטיקלעך און דאָס צווייטע מיט זילבער, אויף אויסצולייזן די יידן, און ער האָט אַזוי געטאָן. נאָך מער, ער האָט אויסגערופֿן, אַז ווער עס וועט אים ברענגען אַ לעבעדיקן יידן, וועט קריגן אַ גאָלדשטיקל, און פֿאַר אַ טויטן יידן — אַ זילבערנעם טאָלער. און ווייסטו אויך, אַזביידע פֿעסלעך זײַנען אויסגעליידיקט געוואָרן איבערן טאָג, און אַזוי אַרום האָט זי אָפּגעראַטעוועט אַ סך יידן פֿון טויט און די אומגעקומענע יידן האָט מען געבראַכט צו קבֿר־ישׂראל. אָט דאָס האָט תמרל געטאָן! און נאָך וואָס, מיינסטו, קומט זי איצט צו ר׳ יצחק וואָרקער? אַלץ וועגן העלפֿן יידן! תמרל איז באַוווּסט מיט איר ליבשאַפֿט צו יידן.

משה־מיכל ביאַלער — סאַרקאַסטיש: דערווײַל ווייס איך גאָר פֿון איר ליבשאַפֿט צו איין יידן.

משה ווורקער — לויפֿט־צו און לאָזט אים אַראָפּ אַ פּאַטש. שייגעץ! עזות־פּנים! ווי אַזוי האָסטו די העזה אַזוי צו ריידן! דרך־ארץ פֿאַר ר׳ יצחק וואָרקער! דרך־ארץ פֿאַר תמרל!

יצחק ווורקער און תמרל קומען־אַרויס פֿון פּאַליש.

משה ווורקער — רופֿט: יצחק וואָרקער, תמרל, קומט־אַהער! לאָמיר טרינקען אַ גלעזעלע משקה!

יצחק ווורקער און תמרל גייען־צו און טרינקען לחיים. אַלע חסידים זינגען צוזאַמען „ווו ווינט דער אייבערשטער״.

מרדכי־יוסף — שרײַט־אויס הויך: שווײַגט! ס׳איז אַ חרפּה, כ׳לעבן. דער רבי איז אַזוי קראַנק און דאָ זינגט מען גאָר!

מענדל טאָמאַשאָווער — שטורמיש: וואָס ווילסטו פֿון זיי? זאָלן זיי זינגען! מען קען פּועלן בײַם רבונו של עולם דורך זינגען מער ווי דורך טרערן!

דאָס געזאַנג ווערט איבערגעריסן. די יונגע־לײַט זעצן זיך צוריק אַוועק בײַ די טישן און לערנען. תמרל און יצחק וורקער גייען־אַוועק אין אַ זײַט, פֿאַרטריפֿט אין אַ שמועס.

תמרל — ר׳ יצחק! כ׳וויל, איר זאָלט זײַן בײַ מיר אין הויז. כ׳וועל פֿאַר אײַך אַוועקשטעלן צוויי פֿעסלעך מיט גאָלדשטיקלעך און איר טוט מיט זיי וואָס איר ווילט, טיילט זיי אויס צו תלמידי־חכמים, צו סתם ייִדן, צו יעדן איינעם וואָס איז אין אַ עת־צרה. איר וועט מיר נישט דאַרפֿן אָפּגעבן קיין שום דין־וחשבון. כ׳ווייס, אַז גאָט האָט מיר נישט געגעבן קיין פֿאַרמעגן צו פֿאַרשאַפֿן מיט דעם פֿאַרגעניגן בלויז זיך אַליין. וואָרעם פֿאַר וואָס קומט עס מיר? ווער בין איך דאָס, אַז גאָט זאָל מיר געבן אַזוי פֿיל געלט? ניין, כ׳בין נאָר אַ שליח, אַ שומר פֿונעם געלט, מער נישט. גאָט האָט מיר געגעבן, כ׳זאָל קענען געבן אַנדערע. נישט אַזוי, ר׳ יצחק? נו, ווער ווייס נאָך בעסער וואָס צו טאָן מיטן געלט ווי איר?

יצחק וורקער — אָבער איך קען נישט אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען.

תמרל — פֿאַר וואָס?

יצחק וורקער — ווײַל עס איז דאָ קיינער נישטאָ צו העלפֿן אַ ייִדן. דער רבי איז קראַנק און עס קומען אַהער ייִדן און האָבן נישט צו וועמען אַ וואָרט אויסצורייִדן. עס קומט, למשל, אַ ייִד וואָס דאַרף פּרנסה, און וויל, אַז מען זאָל פֿאַר אים בעטן צום רבונו של עולם; אָדער עס קומט אַ ייִד וואָס דאָס ווײַב איז בײַ אים קראַנק, רחמנא לצלן; צי אַ קינד, חלילה, איז קראַנק, און דער ייִד וויל, אַז מען זאָל דערפֿאַר תּפֿילה טאָן; אָדער עס קומט אַ ייִד, וואָס האָט נישט קיין קינדער, און וויל מען זאָל בעטן פֿאַר אים, אַז ער זאָל האָבן אַ בן־זכר; צי עס קומט איינער וואָס עס האַלטן זיך בײַ אים נישט קיין קינדער; צי עמעצער דאַרף אַן עצה אין געשעפֿט־זאַכן; צי עס קומט אַ ייִד, וואָס מען האָט אים געמסרט, און ער האָט מורא ער זאָל נישט דאַרפֿן גיין אין גע־

פֿאַנגעניש. די אַלע יידן בלאָנקען זיך דאָ אַרום און עס איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט זיי.

תמרל — און וואָס איז מיט איטשע־מאירן, מיט מענדל טאָמאַ־שאָווער, מיטן גריצער רבֿ, אָדער מיט יוסף־מרדכי איזשביצער? זיי זײַנען דאָך אַלע יונגע־לײַט מיט שאַרפֿע קעפּ!

יצחק וורקער — אָט דאָס איז דאָך די צרה! זיי האָבן טאַקע שאַרפֿע קעפּ, אָבער די קעפּ זײַנען פֿאַרטאָן אין עולמות העליונים, און אין דעם פּראָסטן יידן פֿאַרגעסט מען. אָט זעט, אָט איז מענדל טאָמאַשאָווער. ער איז פֿײַער און פֿלאַם. אַזוי איז אויך איטשע־מאיר, אַן עלוי׳שער קאָפּ. אַזוי אויך מרדכי־יוסף פֿון איזשביצע. און אַזוי אַלע. שטייען זיי אָפּ גאַנצע טעג און שמועסן אין לערנען אָדער אין חסידות; מען שוועבט אין די עולמות העליונים. און אַז עס קומט אַ ייד און דאַרף עפּעס, האָט ער זיך נישט צו וועמען צו ווענדן.

תמרל — טאָ וואָס קענט איר דאָ העלפֿן?

יצחק וורקער — העלפֿן קען איך קיין סך נישט. אָבער מקרבֿ זײַן אַ יידן קען איך יאָ. איך קען אים אויסהערן, זאָגן אים אַ פּאָר גוטע ווערטער. אַ מאָל מתפּלל זײַן פֿאַר אים אָדער געבן אים אַן עצה. עס ווערט אים דערפֿון גרינגער אויפֿן האַרצן און דער עיקר — ווען ער פֿאָרט אַהיים, ווייס ער, אַז ער איז נישט געפֿאָרן צום רבין אומזיסט.

תמרל — און וואָס איז וועגן כּלל־ישׂראל, ר׳ יצחק? עס זײַנען דאָך איצט דאָ אַזוי פֿיל גזירות אויף יידן?

יצחק וורקער — געוויס, תּמרל. אָבער יעדער ייד איז חשובֿ בײַ גאָט. יעדער ייד איז אַ גאַנצע וועלט. יעדער ייד איז בבֿחינת משיח. יעדער ייד קען אויסלייזן די וועלט. איך האָב ליב יידן, תּמרל. איך קען אויסקושן יעדן ייד. וואָס פֿאַר אַ טײַער פֿאָלק יידן זײַנען!

תמרל — נעמט־אַרויס אַ זעקל מיט געלט. אויב אַזוי, וועל איך צעטיילן אַ ביסל געלט צווישן די תּלמידי־חכמים איידער איך פֿאָר

אַהיים. זי גייט־אַרום מיטן זעקל געלט, נעמט־אַרויס גאָלדשטיק־לעך און צעטיילט זיי צווישן די יונגע־לייט. גייט־צו צום גריצער רבֿ און גיט אים עטלעכע גאָלדשטיקלעך. גריצער רבֿ, כ׳וויל געבן אויך עטלעכע גאָלדשטיקלעך מענדלען, אָבער כ׳האָב מורא פֿאַר אים. ווילט איר אים אפֿשר זאָגן, אַז ער זאָל צוקומען צו מיר?

גריצער רב — שרייט־אויס הויך: מענדל, מענדל!

מענדל טאָמאַשאָווער — וואָס שרייסטו אַזוי?

גריצער רב — תּמרל וויל דיר געבן עטלעכע גאָלדשטיקלעך. קום אַהער!

מענדל טאָמאַשאָווער — מיט כּעס: וואָס, געלט?! גיט אַ קלאַפּ אין טיש. איך אַנטלויף פֿון געלט און און עס יאָגט מיר נאָך! אַפֿילו אַהער, אין בית המדרש אַריין אויך! שרייט הויך: פּיוול! וואָס ווילסטו פֿון מיר? איך בין אַנטלאָפֿן אַהער זיך ראַ־טעווען! איך וויל דינען גאָט בשלימות! איך וויל מיר דערהייבן צו די שערי־שמים, און דו ווילסט מיך גאָר אַראָפּשלעפּן צום תּהום, צום שאול תּחתּיה, צום מקור הטומאה! געלט! שפּייט־אויס. פּיוול, זאָג איר, אַז איך וויל נישט קיין געלט! זאָג איר, אַז דאָס איז אַ שפּיצל פֿון שׂטן! זאָג איר, פּיוול, אַז זי זאָל נישט קומען נאָענט צו מיר! אַז זי זאָל גיין צום טיוול מיט איר געלט!

תּמרל — צעוויינט זיך אויפֿן קול און לויפֿט־אַרויס פֿון בית־המדרש שרייענדיק: וואָס וויל ער פֿון מיר?

יצחק וורקער און גריצער רב — לויפֿן איר נאָך, רופֿן: תּמרל! תּמרל! אָפּ.

אליעזר פּולטיסקער און יִסכה קומען־אַריין. זיי שטייען בײַ דער טיר פֿון בית־המדרש און קוקן זיך אַרום.

בערל חסיד — דערזעט אליעזר פּולטיסקער און לויפֿט צו אים צו: שלום עליכם, ר׳ אליעזר פּולטיסקער.

אליעזר פּולטיסקער — שלום עליכם, בערל!

בערל חסיד — און ווער איז זי, צי ער?

אליעזר פּולטיסקער — דאָס איז דאָך מײַן טאָכטער, מײַן כלה־מיידל, יסכּה.

בערל־חסיד — אין מאַנסבילשע קליידער?

אליעזר פּולטיסקער — דו ווייסט נישט, זי שמט איבער גאַנץ פּוילן? זי האָט דאָך אַן עלוישן קאָפּ. זי קען דאָך זעכציק בלאַט גמרא פֿון אויסנווייניק!

בערל חסיד — אָבער אַ נקבֿה איז מענערשע קליידער?

אליעזר פּולטיסקער — ווען עס איז נישט אויף צו טאָן שלעכטס, איז עס נישט קיין עבֿירה. מיט איר געשען אַ טעות. זי האָט געדאַרפֿט געבוירן ווערן אַ יינגל. לומדים שמועסן דאָך מיט איר אין לערנען.

בערל חסיד — דו האָסט מיט איר געלערנט גמרא?

אליעזר פּולטיסקער — ווייס איך וואָס? ווער געלערנט, וואָס געלערנט. זי האָט מיך געהערט לערנען מיט מײַן בחורל, מיט מײַן דודל, האָט זי עס אויפֿגעכאַפּט. זעט איר, מײַן בחורל איז גראָד נישט קיין עלוי! אָבער זי האָט אַ פֿײַערדיקן קאָפּ. איך קום אַ מאָל אַהיים פֿון געשעפֿט און טרעף זי זיצן איבער אַ גמרא. זאָג איך צו איר: יסכּה, וואָס מאַכסטו חוזק פֿון דער גמרא? זאָגט זי צו מיר: איך לערן, טאַטע, און אויב דו גלייבסט מיר נישט, פֿאַרהער מיך. ווער איך נשתומם און אויף טשעקאַוועסט זי פֿאַרהערט. נו, האָט זי מיר אָפּגעזאָגט צוויי בלאַט גמרא מיט רש״י און מיט תּוספֿות! האָב איך אָפּגעמאַכט בײַ זיך, צו ברענגען זי אַהער. אָבער כ׳האָב נישט געוואָלט ברענגען אַ מיידל אין בית־המדרש אַרײַן, האָב איך איר געהייסן אָנטאָן זיך ווי אַ יינגל. אַגבֿ, אַזוי האָט מיר אויך געראָטן ר׳ איטשע־מאיר, אין אַ בריוו וואָס ער האָט צו מיר געשיקט.

בערל חסיד — אַזוי גאָר! אַזוי איז די מעשׂה, נו, האָב איך דאָך פֿאַר דיר גאָר אַ וואַזשנעם שידוך.

אליעזר פּולטיסקער — דהיינו?

בערל חסיד — מיט ר׳ העניכס זון. ער האָט ערשט נעכטן מיט מיר גערעדט, אַז ער זוכט אַ שידוך פֿאַר זײַן יחיאל־פֿישל.

אליעזר פּולטיסקער — דו קענסט דעם בחור?

בערל חסיד — אַ שאלה? אַ טײַערע פּרי. אַ גוטער קאָפּ. און דער עיקר: אַ ירא־שמים. ער געפֿינט זיך דאָ. אָבער גיב אַ רייד פֿריִער מיט ר׳ העניכן.

העניך — אָ; שלום עליכם, אליעזר! וואָס מאַכסטו?

אליעזר פּולטיסקער — געלויבט השם יתברך. כ׳האָב געהערט, אַז דער רבי איז אַזוי קראַנק, ביז איך געקומען צו פֿאָרן.

העניך — השם יתברך וועט העלפֿן.

בערל חסיד — צו העניכן: איר זעט, וועמען ער האָט דאָ מיטגעבראַכט? זײַן טאָכטער יסכּה. מען זאָגט, אַז זי איז אַן עלוי. זי קען זעכציק בלאַט גמרא פֿון אויסנווייניק.

העניך — כאַפּט זיך בײַם קאָפּ: זעכציק בלאַט גמרא?!

אליעזר פּולטיסקער — און מיט רש״י און תּוספֿות. מען קען זי פֿאַרהערן.

העניך — פּלאי פּלאים!

בערל חסיד — ווייסט איר, וואָס כ׳האָב געטראַכט, ר׳ העניך? אפֿשר אַ כּלה פֿאַר אײַער זון יחיאל־פֿישל.

העניך — טראַכט אַ ווײַל: אפֿשר!

בערל חסיד — צו העניכן: רופֿט־צו אײַער זון און זאָל ער שמועסן מיט איר אין לערנען.

העניך — עס איז ניט קיין שלעכטער געדאַנק. רופֿט: יחיאל־פֿישל!

יחיאל־פֿישל — וואָס, טאַטע! קומט־צו נענטער.

העניך — צו יחיאל־פֿישל: דאָס איז ר׳ אליעזר פּולטיסקער. פֿון אונדזערע אַלטע אַנשי שלומינו! ר׳ אליעזר האָט מיטגעבראַכט זײַנע אַ טאָכטער, אַ מיידל וואָס איז אַן עלוי; זי קען זעכציק בלאַט גמרא פֿון אויסנווייניק.

יחיאל־פישל — פֿאַרוווּנדערט: זעכציק בלאַט גמרא פֿון אויסנ־ווייניק? דאָס איז דאָך מער וויפֿל איך קען.

העניך — אַזוי זאָגט ר׳ אליעזר. נו, גייען מיר זי פֿאַרהערן. ווילסט אפֿשר מיטגיין? מיר גייען־אַרײַן אין פּאָליש.

יחיאל־פישל — יאָ, אַדרבה.

אליעזר, יסכה, העניך און יחיאל־פישל אָפּ אין פּאָליש.

יצחק וורקער — צום גריצער רב, אַרײַנקומענדיק צוריק אין בית־המדרש: דו ווײסט דאָס אים זאָגן!

גריצער רב — גייך, דו, דו זאָג עס אים!

יצחק וורקער — נו, גוט, איך וועל עס אים זאָגן. גייט־צו צו מענדלען, וועלכער איז פֿאַרטיפֿט אין לערנען: מענדל, עס וווּנדערט מיך אויף דיר, פֿאַר וואָס ביסטו גראָב פֿאַרגעקומען תמרלען? אַזאַ צדיקת! זי קומט אַהער צו העלפֿן תּלמידי־חכמים און געבן זיי עפּעס געלט, דאַרף מען זי דערפֿאַר נישט מבֿייש זײַן! זי האָט אַזש געוויינט!

מענדל טאָמאַשאָווער — סאַרקאַסטיש: אַזוי?... טאַקע!... זי האָט אַזש געוויינט! פּש... פּש... פּש... אַזש געוויינט? טאַקע!

יצחק וורקער — וואָס מאַכסטו חוזק? איך פֿרעג דיך פֿאַר וואָס קומט עס איר? זי איז דאָך אַזאַ צדיקת?

מענדל מאָטאַשאָווער — זאָל זי בעסער נישט קומען אַהער און נישט טיילן קיין געלט!

יצחק וורקער — אַזוי?! פֿאַר וואָס נישט? העלפֿט זי דען נישט מיט דעם די יונגע־לײַט וואָס זיצן דאָ און לערנען? עס שטייט דאָך: „אם אין קמח, אין תורה”.

מענדל טאָמאַשאָווער — עס שטייט דאָך אָבער נישט, אַז קמח איז מער ווי תּורה! איך קען נישט פֿאַרטראָגן, ווי זי קומט אין בית־המדרש אַרײַן מיטן זאַק געלט און דרייט זיך דאָ אַרום צווישן די יונגע־לײַט מעשׂה גבֿירטע, און טיילט אַלעמען צדקה!

שרײַט־אויס הויך: דו פֿאַרשטייסט מיך נישט, יצחק! זי מאַכט אונדז אַלע פֿאַר שנאָרערס!

יצחק וורקער — אָבער מען דאַרף דאָך העלפֿן די יונגע־לײַט וואָס זיצן און לערנען?

מענדל — זי האָט דאָס געקאָנט טאָן אין דער שטיל! נישט אַרומגיין מיטן זעקל און טיילן! גענוג וואָס די יונגע־לײַט דאַרפֿן אָנקומען צו דער גבֿירטע. אָבער זי דאַרף זיך דאָך נישט זיך אויסשטעלן!

יצחק וורקער — אָפּ אין פּאָליש.

אליעזר פולטיסקער, יסכה, העניך און יחיאל־פישל קומען־צוריק פֿון פּאָליש.

יחיאל־פישל — צו אליעזרן: אַזאַ קאָפּ! אַן אמתער עלוי־שער קאָפּ! ממש נתפּעל צו ווערן!

בערל חסיד — נו, וואָס זאָגט איר איצט, ר׳ העניך?

העניך — איך האָב דאָך אײַך שוין געזאָגט, אַז איך בין ווילִיק זיך משדך צו זײַן. ווער שמועסט נאָך, אַז דער זיווג איז געקומען גלײַך אין בית־המדרש אַרײַן.

אליעזר פולטיסקער — לאָמיר זשע מאַכן אַ וואָרט. דער־לאַנגט העניכן די האַנט. מזל־טובֿ, מחותן, אין אַ גוטער שעה!

העניך — אין אַ מזלדיקער שעה!

אליעזר פולטיסקער — צו יחיאל־פישל: נו, מזל־טובֿ, חתן? איך שיק נאָך משקה. רופֿט־אויס הויך: חבֿרה, ווינטשט מיר מזל־טובֿ! כ׳האָב זיך משדך געווען מיט העניכן. ברענגט־אַרײַן בראָנפֿן מיט לעקעך, וויפֿל נאָר איר ווילט אַליין! אַלץ על חשבון הגבֿיר.

מען טרינקט בראָנפֿן. מען פֿאַרבײַסט מיט לעקעך. מען ווינטשט מזל־טובֿ די מחותנים און חתן־כּלה. די יונגע־לײַט זינגען און גייען אין אַ טאַנץ. מען נעמט־אַרײַן אין מיטן יסכהן, וועלכע זינגט זייער שיין.

מענדל טאָמאַשאָווער — שפּרינגט־אויף: וואָס איז דאָ ווײַ־

טער? וואָס טוט זיך דאָ? מען קען שוין ביים רבין אין בית־המדרש אויך נישט זיין? קול באישה! ווער איז די חצופה וואָס זינגט? שוין ווידער אַן אישה אין בית־המדרש?

אליעזר פולטיסקער — קאָך זיך נישט, מענדל! עס איז מיין טאָכטער, יסכה. זי איז געוואָרן אַ כלה מיט העניכס זון. אָבער זי איז נישט גלאַט אַ מיידל. זי איז אַן עלוי. זי קען גוט לערנען! זי קען זעכציק בלאַט גמרא פון אויסנווייניק.

מענדל טאָמאַשאָווער — שוין אַ נייער איינפאַל פון שׂטן! פריִער איז געווען אַ צדיקת, און איצט איז אַ למדנטע מיט זעכציק בלאַט גמרא פון אויסנווייניק! און אַז זעכציק בלאַט גמרא פון אויסנווייניק, איז וואָס? און אַז אַפילו הונדערט, און אַז גאַנץ ש״ס? אַן אישה בלייבט אַן אישה! שרייט: ווייסטו ניט, אליעזר, אַז ווען די יידן זיינען געגאַנגען מקבל זיין די תורה, האָט מען זיי געזאָגט, אַז זיי מוזן זיך אָפּטיילן פון זייערע ווייבער? פאַר וואָס האָט עס דער רבונה של עולם אַזוי געוואָלט? ווייל אויב מען וויל אויף זיך נעמען דעם עול תורה, מוז מען זיך אָפּטיילן פון דער אישה, פורש זיין זיך פון איר. פאַרשטייסט?

יסכה — צעוויינט זיך: פאַר וואָס האָסטו מיך, גאָט, געשאַפן מיט אַ קאָפּ פון אַ מאַן, אין געשטאַלט פון אַ פרוי? זי לויפט־אַרויס.

יחיאל־פישל — לויפט איר נאָך: יסכה, יסכה!

1טער חסיד — לויפט־אַריין מיט אַן אימפעט: דער רבי איז גוסס. דער דאָקטער איז נאָר־וואָס אַוועק און האָט געזאָגט, אַז ער קען גאָר נישט מער טאָן. מען דאַרף בעטן צו גאָט. יידן! וואָס זיצט איר שטיל? אאַ.

2טער חסיד — קומט־אַריין מיט אַ שטורעם: די גאַנצע שטאָט לויפט אין שול אַריין מתפלל זיין פאַרן רבין. אין שטאָטישן בית־המדרש האָט מען אָנגעצונדן ליכט אין אַלע הענגלייכטער. אין די חדרים האָט מען צעלאָזט די קינדער און זיי געשיקט אין שול אַריין, זאָגן תהילים. אאַ.

3טער חסיד — קומט־אַריין פאַרצווייפלט: ר׳ אַברהם־משהלע,

דער איינציקער זון פֿון רבין, איז אַלץ אײַנגעשפּאַרט. ער וויל ניט גיין זען זײַן טאַטן. ער זיצט אַלץ אין זײַן חדר און גייט נישט אַרויס. דער רבי האָט שוין צוויי מאָל געשיקט נאָך אים. אָבער ער וויל נישט קומען צו אים. אָפּ.

4טער חסיד — קומט־אַרײַן אויפֿגערעגט: מען ווייסט שוין, פֿאַר וואָס אַבֿרהם־משהלע וויל נישט קומען צום רבין. ער האָט עס געזאָגט צו אַ מקורבֿ: „איך ווייס פֿאַר וואָס דער טאַטע וויל, איך זאָל קומען צו אים. ער וויל מיר איבערגעבן זײַנע מדרגות. אָבער איך וויל נישט, ער זאָל ז״י מיר איבערגעבן. איך וויל, אַז מײַן טאַטע זאָל לעבן! איך וויל בעסער האָבן אַ טאַטן ווי מדרגות". אָפּ.

1טער חסיד — קומט־אַרײַן מיט אַ געוויין: דער רבי איז נאָר־וואָס נסתלק געוואָרן!

שטימען — ברוך דיין אמת!

1טער חסיד — ער האָט פֿאַרן טויט געזאָגט צו די אַרומיקע: „מען האָט בײַ מיר איצט צוגענומען דאָס ליכט פֿון די אויגן. דערפֿאַר האָט מען מיר געגעבן דאָס ליכט פֿון אור הגנוז[2]! עס איז איצט אַזוי ליכטיק ווי זיבן זונען וואָלטן געשײַנט מיט אַ מאָל! זאָגט מיט מיר „שמע ישׂראל ה׳ אלוקינו, ה׳ אחד". מען האָט מיט אים געזאָגט, און מיט „אחד" האָט ער זײַן נשמה אויסגעהויכט.

אַלע בלײַבן זיצן פֿאַרשטומט. אַ דריקנדיקע שטימונג.

מענדל טאָמאַשאָווער — איך פֿאָר אַהיים!

איטשע־מאיר — מענדל! וואָס הייסט, דו פֿאָרסט אַהיים? דו וועסט נישט זײַן בײַם רבינס לוויה?

מענדל טאָמאַשאָווער — ניין! איך בין געקומען אַהער צו אַ לעבעדיקן רבין. איצט, ווען מײַן רבי איז טויט, האָב איך דאָ גאָר נישט וואָס צו טאָן.

---

[2] „דאָס באַהאַלטענע ליכט", וואָס דער רבונו של עולם האַלט אָנגעגרייט, ווי לעגענדעס דערציילן, פֿאַר צדיקים אויף יענער וועלט.

איטשע־מאיר — אויפגערעגט: מענדל, בלייב! מיר זיינען גע־בליבן כצאן בלי רועה! מען דאַרף טראַכטן וועגן אַ ממלא־מקומו. אַלע ווילן, אַז דו זאָלסט זען דעם צער פון די יידן אין גלות. מיר ווילן, אַז דו זאָלסט גיין אין מיטן וועג.

מענדל טאָמאַשאָווער — אין מיטן וועג גייען פערד; מענטשן גייען ביי די זייטן.

העניך — מענדל, בלייב! דו טאָרסט אונדז נישט פאַרלאָזן!

מענדל טאָמאַשאָווער — צו וואָס דאַרפט איר מיך? וואָס איר ווילט, איז: איך זאָל ווערן אַ „זנאַכער״ [3], אַ פערדהענדלער און אַ פרנסה־געבער! אַז איך זאָל גאַנצע טעג פאַרנעמען זיך נאָר מיט די נאַרישע השׂגות פון קליינע מענטשעלעך! דערפאַר וועט איר מיך רופן „רבי״. נו, אַ גליק האָט מיך געטראָפן, צו זיין אַ רבי פון נאַראָנים.

מרדכי־יוסף — מענדל, מיר ווילן, אַז דו זאָלסט בלייבן. מיר דאַרפן דיך, אַז דו זאָלסט זיין אונדזער מדריך אין חסידות, זאָלסט זיין צו אונדז אַ וועגווייזער, ווי אַזוי צו דינען דעם רבונו־של־עולם.

מענדל טאָמאַשאָווער — מיר ווילן? וויפל זייט איר? שוחט, שעכט מיר די הינער! וויפל הינער? איינע. איך פאָר אַהיים. גייט אָפּ.

גריצער רב — נו, אויב מענדל איז אַוועקגעפאָרן, מוז מען טראַכטן פון אַברהם־משהלען. איך האָב שוין מיט אים גערעדט. ער וויל דערווייל דערפון נישט הערן, דאַרף מען נאָך אַ מאָל מיט אים ריידן.

1טער חסיד — קומט־אַריין צעטומלט: אַברהם־משהלע האָט זיך פאַרשלאָסן און וויל נישט אַרויסקומען. ער זאָגט, ער וועט נישט גיין צו דער לויה. אָפּ.

2טער חסיד — קומט־אַריין. מען האָט געפרווווט ריידן מיט אַב־רהם־משהלען און אים געזאָגט, אַז ער מוז ווערן ממלא מקומו, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל עס נישט בשום אופן. דערפאַר

---

[3] טרעפער.

וויל ער אויך נישט גיין צו דער לוויה. ער האָט מורא, אַז מען וועט אים דאָרטן, בײַם אָפּענעם קבֿר, אויסרופֿן פֿאַר רבי.

3טער חסיד — קומט־אַרײַן: מען האָט געעפֿנט די צוואה פֿון רבין. ער שרײַבט, אַז באַלד נאָך דער פּטירה, זאָל זײַן די לוויה, ווײַל ער וויל ניט לאַנג זײַן אַ מת. ער וויל גלײַך קומען אויפֿן עולם־האמת. מען איז אים שוין מטהר. אָפּ.

4טער חסיד — קומט־אַרײַן: חסידים האָבן ניט געוואָלט צולאָזן די חבֿרה־קדישא. אָבער די חבֿרה־קדישא־לײַט האָבן געטענהט, אַז דאָס איז זייער גרעסטע מצווה און זיי וועלן זי ניט אַוועקגעבן צו אַן אַנדערן. האָט מען אַרײַנגעשיקט אַ צעטעלע צו אַבֿרהם־משהלען און ער האָט געענטפֿערט, אַז זיי זײַנען גערעכט.

עס פֿאַרמירן זיך איצט קופּקעלעך חסידים, וואָס שטייען און שמועסן.

ערשטע קופּקעלע

מרדכי־יוסף — טאָ וואָס וועט זײַן, ווער וועט זײַן רבי?

איטשע־מאיר — זאָרג זיך נישט, מרדכי־יוסף, מענדל וועט זײַן רבי!

איטשע־מאיר — מענדל? ער איז דאָך אַנטלאָפֿן!

איטשע־מאיר — ער איז נישט אַנטלאָפֿן. ער וועט קומען צוריק. ער וועט ניט זײַן אָן אונדז; כ׳גלייב גאָר נישט, אַז ער איז גע־פֿאָרן אַהיים קיין טאָמאַשאָוו. ער איז מסתּמא אויף זײַן אַכסניה.

מרדכי־יוסף — טאָ, לאָמיר גיין צו אים, לאָמיר אים רופֿן אַהער און אים זאָגן, אַז ער מוז זײַן רבי!

איטשע־מאיר — לאָמיר וואַרטן ביז ער וועט אַליין קומען אַהער.

גריצער רב — איטשע־מאיר איז גערעכט.

העניך — מען מוז האָבן געדולד! מענדל וועט אונדז נישט פֿאַר־לאָזן.

עס קומען־אַרײַן ערשטער, צווייטער, דריטער און פֿערטער חסיד. זיי גרופּירן זיך.

צווייטע קופּקעלע

1טער חסיד — מען מוז פֿאַרלאַנגען פֿון אַבֿרהם־משהלען, אַז ער זאָל זײַן רבי.

2טער חסיד — אַז ער האָט געזאָגט בפּירוש, ער וויל נישט. אפֿשר מאַכן יצחק וואורקער פֿאַר אַ רבי. ער איז אַ גרויסער צדיק.

3טער חסיד — פֿאַר וואָס נישט דעם גריצער רבֿ? ער איז אויך אַ גרויסער צדיק און אַ גדול בתּורה אויך.

4טער חסיד — פֿאַר וואָס נישט איטשע־מאירן?

ערשטער, צווייטער, דריטער און פערטער חסיד אָפּ.

דריטע קופּקעלע

משה־מיכל — עס קען נישט זײַן קיין אַנדערער ווי מענדל!

אליעזר פּולטיסקער — מענדל איז ווי די זון. קען מען דען שטענדיק שטיין מיטן פּנים צו דער זון?

שמואל נאַשעלסקער — בעסער מיטן פּנים צו דער זון ווי אַבֿרהם־משהס קאַלטקייט. איך האָב בײַ אים נישט וואָס צו לערנען.

משה וואורקער — ר׳ יצחק וואורקער איז אַ צדיק יסוד־עולם און דערצו גוט צו מענטשן.

אליעזר־בער — איך דאַרף נישט אַזאַ רבי! איך דאַרף נישט קיין רבין פֿאַר פּרנסה!

שמש פון פשיסכער רבין — עפֿנט די טיר פֿון בית־מדרש, שרײַט־אויס: באַלד וועט זײַן די לוויה; אָפּ.

יסכה קומט־אַרײַן שמועסנדיק מיט תמרלען — ביידע מיט פֿאַרווײנטע אויגן.

יסכה — איך וויל גיין צו דער לוויה מיט מײַן חתן, צווישן די מענער. זאָגן זיי מיר, אַז כ׳זאָל גיין צווישן די ווײַבער... אַפֿילו מײַן חתן זאָגט מיר, אַז כ׳זאָל נישט גיין נעבן אים, ווײַל כ׳בין אַן אישה. אָבער אַזוי, ביז איצט, ווייס ער גאָר נישט, צי איך בין אַן אישה. ער האַלט מיך פֿאַר אַ ייִנגל און וויל נאָר שמועסן מיט מיר

אין לערנען. אָבער אין בין שוין מיד פֿון דעם. איך בענק נאָך ליבשאַפֿט, תמרל. וויינט.

תמרל — גלעט איר איבערן קאָפּ. באַרויִק דיך, מײַן קינד. קום מיט מיר! כ׳וויל מיט דיר עפּעס ריידן. ביידע אָפּ.

עס קומען־אַרײַן: ערשטער, צווייטער, דריטער און פערטער חסיד.

1טער חסיד — אַבֿרהם־משהלע וויל בשום אופֿן נישט גיין צו דער לוויה. ער האָט זיך פֿאַרשלאָסן אין זײַן צימער און איז דאָרטן די גאַנצע צײַט. ער וויל נישט ווערן רבי!

2טער חסיד — טאָ וואָס וועט איצט זײַן?

3טער חסיד — קיינער וויל נישט זײַן קיין רבי.

4טער חסיד — מיר מוזן גיין צו אַבֿרהם־משהלע און אים מאַכן פֿאַר רבי מיט געוואַלט, צי ער וויל דאָס, צי נישט. אַן עדה ייִדן קען נישט בלײַבן אויף הפֿקר.

דאָרפּייד — קומט־אַרײַן. צום ערשטן חסיד: דער פּריץ וויל מיך אַרויסוואַרפֿן פֿון דער אַרענדע. ער וויל מער געלט, אָבער איך קען נישט באַצאָלן אַזאַ פּרײַז. וואָס זאָל איך טאָן?

1טער חסיד — פֿאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ מיט אײַער פּריץ.

דאָרפּייד — גייט־צו פּאַמעלעך צום צווייטן חסיד: אפֿשר קענט איר מיר העלפֿן? וואָס זאָל איך טאָן קעגן פּריץ, דעם אַכזר, וואָס...

2טער חסיד — וואָס דרייט איר מיר אַ קאָפּ וועגן פּריץ? לאָזט מיך צו רו.

דאָרפּייד — גייט שוין צו פֿאַרזיכטיק צום דריטן און פֿערטן חסיד, וועלכע שמועסן צוזאַמען: אפֿשר ווייסט איר, וואָס איך זאָל טאָן וועגן פּריץ? אפֿשר האָט איר אַן עצה?

3טער חסיד — דאָ זײַנען נישטאָ קיין עצה־געבערס. זאָגט אַ קאַפּיטל תהילים.

דאָרפּייד — ערנסט: כ׳האָב שוין געזאָגט.

4טער חסיד — און אַז תהילים העלפֿט נישט, וואָס קענען מיר טאָן?

דאָרפּייד — כ׳קען נישט אַהיימפֿאָרן מיט גאָרנישט צו מײַן ווײַב

און קינדער. זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל און ווישט זיך די אויגן.

בערל חסיד — קומט־אַריין מיט פריידּ: מענדל איז דאָ! מענדל איז צוריקגעקומען! אָט איז ער; אָט גייט ער!

מענדל טאָמאַשאָווער — קומט־אַריין, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן.

אַלע — גיבן זיך אַ לאָז צו אים: מענדל! מענדל!

מענדל טאָמאַשאָווער — וואָס איז ס'בייזע געלאָף אויף אייך?

איטשע־מאיר — מענדל, מיר וואַרטן דאָך אויף דיר! עס איז געבליבן בהסכם כולם, אַז דו ביסט אונדזער מנהיג!

מענדל טאָמאַשאָווער — אַ בעל־עגלה איז אויך אַ מנהיג. איך וויל ניט זיין קיין מנהיג פון פערד.

איטשע־מאיר — דו וועסט זיין אַ מנהיג פון אַן עם־קדוש.

מענדל טאָמאַשאָווער — איך וויל העלפן יידן וואָס ווילן דערהויבן ווערן.

שטימען — מיר ווילן אַלע דערהויבן ווערן!!

איטשע־מאיר — מזל־טוב, רבי! מזל־טוב!

העניך — מזל־טוב, רבי!

גריצער רב — מזל־טוב, רבי, מנהיג הדור!

גריצער רב — מזל־טוב, מענדל! דו ביסט איצט אונדזער רבי!

מרדכי־יוסף — מזל־טוב, רבי, מנהיג הדור!

חסידים — שרייען: מזל־טוב! מזל־טוב! מענדל איז דער רבי! מזל־טוב!

יצחק וורקער — קומט־אַריין, הערט די געשרייען, קומט־צו צו מענדלען. מזל־טוב, מענדל! אָבער דו זאָלסט זיין אַן אמתער רבי. דו זאָלסט זיין גוט צו יידן!

דאָרפייך — דערמוטיקט, גייט־צו צו מענדלען: רבי, איר וועט מיר העלפן! דער פריץ וויל, איך זאָל אים געבן מער געלט פאַר דער אַרענדע. איך האָב אָבער נישט, וואָס זאָל איך טאָן? ער זאָגט, אַז ער וועט מיך אַרויסוואַרפן מיט מיין ווייב און קינדער.

מענדל טאָמאַשאָווער — טאָ וואָס ווילסטו פון מיר?

דאָרפֿייך — אַ ברכה אָדער אַן עצה.

מענדל טאָמאַשאָווער — פֿערד איינער! וואָס, האָב איך קע־שענעס פֿול מיט עצות?

דאָרפייך — פֿאַרצווייפֿלט. טאָ ווו זאָל איך גיין? צו וועמען זאָל איך זיך ווענדן, אַז מיר איז אַזוי שלעכט?

מענדל טאָמאַשאָווער — וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר? גיי צו אַלדי גוטע יאָר!

יצחק ווורקער — שפּרינגט־אויף, גיט אַ קלאַפּ אין טיש: מענדל, דאָס איז נישט דער וועג! טרייַב נישט פֿון דיר קיין ייִדן! וואָס ווילסטו דווקא זייַן אַ קטיגור אויף ייִדן? ייִדן זייַנען אין גלות. מען דאַרף זיי העלפֿן! מען דאַרף זיי טרייסטן!

מענדל טאָמאַשאָווער — איך קען נישט אַוועקגעבן מייַן גאַנץ לעבן פֿאַר אַ באַנדע קבצנים, וואָס קומען נאָר צום רבין וועגן גראָ־שנדיקע זאַכן. שרייַט ווילד: איך קען נישט ווערן קיין גראָשנדיקער רבי! איך האָב העכערע השגות!

יצחק ווורקער — אויפֿגערעגט: מענדל, איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, אַז דו זאָלסט נישט טרייַבן פֿון זיך קיין ייִדן! די וועלט איז גרויס און פֿול מיט גויִים, אָבער ייִדן זייַנען אין גלות און לייַדן! אויב דו וועסט זיי טרייַבן, וועלן זיי, חלילה־וחס, אַוועקגיין צו די גויִים! מען דאַרף העלפֿן ייִדן! מען דאַרף ליב האָבן ייִדן! עפּעס אַ קלייניקייט אַהבֿת ישׂראל!

מענדל טאָמאַשאָווער — שטורמיש: איך האָב ליב ייִדן נישט ווייניקער ווי דו, יצחק! עס קען נישט זייַן קיין אַהבֿת המקום אָן אַהבֿת התּורה, און עס קען נישט זייַן אַהבֿת התּורה אָן אַהבֿת ישׂראל, ווייַל אַלע דרייַ זייַנען איינס. אורייתא, קודשא בריך הוא וישׂראל חד הוא. אָבער איך פֿאַרשטיי אַנדערש אַהבֿת ישׂראל ווי דו, יצחק. עס דאַרף זייַן אַהבֿת ישׂראל צום כּלל ישׂראל. מען דאַרף העלפֿן די ייִדן אויסגעלייזט ווערן פֿון גלות... אָבער כּדי אויסגעלייזט צו ווערן, דאַרף מען האָבן גרויסע ייִדן. מען דאַרף האָב ייִדן וואָס זאָלן זייַן ראוי לגאולה. שטאַרקע ייִדן, ייִדן וואָס שטייען העכער איבער די

גראָשנדיקע ענינים פֿון נאַרישן לעבן! הער מיך אויס, יצחק, פֿאַר גראָשנדיקע יידן וויל איך קיין רבי ניט זײַן. איך פֿאָר שוין אַוועק!
שטימען — רבי, פֿאַרלאָז אונדז נישט! ווער וועט בעטן צו גאָט פֿאַר אונדז? ווער וועט אונדז העלפֿן אין צײַט פֿון נויט? ווער וועט מתפּלל זײַן פֿאַר אונדז אויף פּנסה?
מענדל טאָמאַשאָווער — אויפֿגעקאָכט: איר הערט! איר הערט! פּרנסה! פּאַר־נאָ־סע! אָט דאָס אַלץ וואָס זיי ווילן! עפּעס העכער פֿון פּרנסה איז בײַ זיי נישטאָ! נאָר פּרנסה גיב זיי! גייט צו אַלדי גוטע יאָר!
שטימען — ער איז נישט קיין רבי! ער וויל אונדז נישט העלפֿן!
יצחק וורקער — די צרה מיט דיר, מענדל, איז דאָס וואָס דו קריכסט צו־הויך! עס איז געגליכן צו אַ באַרג. צופֿוסנס פֿון באַרג זײַנען דאָ אַ סך מענטשן. אָבער וואָס העכער מען שטײַגט, אַלץ ווייניקער מענטשן, און אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג זײַנען גאָר נישטאָ קיין מענטשן. דאָרטן איז מען שוין איינער אַליין. ס'איז אַ גרויסע סכּנה!
מענדל טאָמאַשאָווער — עס איז קיין שום סכּנה! די תּורה איז געגעבן געוואָרן אויף אַ באַרג מיט קולות וברקים. פֿון דעמאָלט אָן, ווער עס וויל מקבל זײַן די תּורה, מוז שטייגן אויפֿן באַרג, און גיין העכער און העכער. בהמות גייען נישט אויף קיין באַרג. און קיין בהמות דאַרף איך נישט. מיר דאַרפֿן גאַנצע יידן, נישט קיין שטיקלעך יידן. אַפֿילו אַ גאַנצער גוי איז בײַ מיר מער חשובֿ ווי אַ האַלבער ייד.
יצחק וורקער — אָבער ווי אַזוי קען מען מיט אַזאַ דרך פֿירן אַן עולם?
מענדל טאָמאַשאָווער — איך וויל נישט קיין עולם! איך וויל נאָר צוויי הונדערט יונגע־לײַט, וואָס זאָלן פֿאַרגעסן אין אַלע הבֿלי העולם הזה און דינען גאָט בשלימות. זיי זאָלן זײַן אַזוי אָרעם, אַז זיי זאָלן מוזן צודעקן זייערע קעפּ מיט אַ בלעטל קרויט, אָבער פֿאָרט זאָלן זיי אויסרופֿן אומעטום: „ה' הוא האלוקים"! מיט צוויי הונדערט

אַזעלכע יונגע־לײַט, און אַפילו מיט נאָך וויניקער, קען מען אויס־לייזן די וועלט.

יצחק ווורקער — מאַכסט אַ טעות, מענדל, דו גייסט אויף אַ פאַלשן וועג, וואָס איז פול מיט סכּנות. דו וועסט אַזוי אַרום נישט אויסלייזן די וועלט. עס וועלן קיין מאָל ניט זײַן קיין צוויי הונדערט מענדלס, און ווען אַפילו יאָ — זײַנען צוויי הונדערט מענדלס נישט אַלע ייִדן.

מענדל טאָמאַשאָווער — יצחק, איך זע נישט קיין אַנדערן וועג! נישט בהמות פירן מענטשן, נאָר מענטשן — בהמות! אַ בעל־עגלה, וואָס פירט די פערד, פאָרט מיט זיי אַזוי לאַנג ביז ער קומט־אָן צום ריכטיקן פלאַץ. ווי איז אָבער צו אַ בעל־עגלה, וואָס זײַנע פערד האָבן זיך צעבריקעוועט און זיי פירן אים!

יצחק ווורקער — אָבער פערד דאַרפן דאָך אויך עסן! מען דאַרף זיי אויך אַ מאָל אָנפאָיען[4]!

מענדל טאָמאַשאָווער — ווער עס זאָרגט זיך פאַר עסן פאַר פערד — און ווער פאַר אויסלייזונג פון די ייִדן? די ייִדן דאַרפן אויסגעלייזט ווערן פון גלות. משיח זיצט בײַ די טויערן פון רוים און וואַרט אויף די ייִדן ביז זיי וועלן ראוי זײַן לגאולה! ער וואַרט אויף אונדז, מיר זאָלן אויפבינדן זײַנע קייטן. אָבער אויפבינדן די קייטן פון משיח קענען נישט קיין פערד. וויפל עסן זיי זאָלן נישט האָבן! בלויז אַ הײַפל גרויסע, שטאַרקע ייִדן איז גענוג צו באַ־פרײַען משיחן פון זײַנע קייטן!

יצחק ווורקער — דער בעל־שם־טובֿ איז געקומען צו די פשוטע ייִדן. ער איז געקומען זיי צו העלפן.

מענדל טאָמאַשאָווער — האָט דען דער בעל־שם־טובֿ געשווירן, אַז עס זאָלן נישט זײַן קיין גרעסערע פון אים?

יצחק ווורקער — מענדל, פאַר וואָס האָט ר' לוי־יצחק פון בער־דיטשעוו אַנדערש פאַרשטאַנען אַהבֿת־ישׂראל. ער האָט דאָך גאָר

---

[4] אָנטרינקען.

נישט געזען קיין שלעכטע יידן! ער האָט געוואָלט העלפֿן אַלע יידן, יעדן באַזונדער.

מענדל טאָמאַשאָווער — זאָג מיר נישט פֿון ר׳ לוי־יצחק. ער האָט געקענט אויף אָפּפּאַל פֿון אַ ייד זאָגן, אַז ער שמעקט מיט בשׂמים. איך וויל אָבער ברענגען די גאולה!

יצחק וורקער — מענדל, ווערסט זיך אפשר איינריידן, אַז דו ביסט משיח?

מענדל טאָמאַשאָווער — אין יעדן דור איז דאָ משיח. און אויב עס זאָל אין היינטיקן דור אויספֿאַלן דער גורל אויף מיר, בין איך גרייט זיך מקריב צו זיין, כדי אויסצולייזן די יידן.

יצחק וורקער — איך קען נישט גיין מיט דיר, מענדל. דאָס זיינען נישט מיינע וועגן!

מענדל טאָמאַשאָווער — מיר פֿאָרן קיין טאָמאַשאָוו. דאָרט וועט געשאַפֿן ווערן אַ נייע וועלט. ווער עס וויל, זאָל מיטפֿאָרן!

שטימען — ר׳ מענדל איז דער רבי! ר׳ מענדל איז דער רבי! מיר וועלן פֿאָרן קיין טאָמאַשאָוו!

מענדל טאָמאַשאָווער — מי לה׳ אלי!

עס גייען־צו צו אים און גיבן אים די הענט איטשע־מאיר, העניך דער גריצער רב ר׳ מרדכי־יוסף און נאָך אַנדערע יונגע־לייט. זיי גייען־אַוועק אין אַ זייט און שמועסן.

4טער חסיד — אין אַן אַנדער ווינקל: און מיר וועלן מאַכן אַבֿרהם־משהלען פֿאַר רבי. ער מוז ווערן אונדזער רבי. שרייבט־אָן קוויטלעך און מיר וועלן אַריינגיין צו אים. מיר וועלן שטורעמען די טיר, ביז ער וועט אונדז עפֿענען, און דערנאָך וועלן מיר נישט אָפּטרעטן פֿון אים, ביז ער וועט ביי אונדז נעמען קוויטלעך.

שטימען — ריכטיק! ריכטיק!

אַ טייל שרייבן־אָן קוויטלעך און האַלטן זיי אין די הענט.

4טער חסיד — קומט אַלע! עטלעכע יונגע־לייט גייען מיט אים. אָפּ.

משה וווּרקער — און מיר ווילן מאַכן ר׳ יצחק וואָרקער פֿאַר אַ רבי.

יצחק וווּרקער — פֿאָלגט מיך און שרײַבט אויף אָן קוויטלעך און גייט צו אַבֿרהם־משהלען.

שטימען — ניין, מיר ווילן אײַך פֿאַר רבי! מיר ווילן פֿאָרן מיט אײַך קיין וואָרקע!

משה וווּרקער — ר׳ יצחק וואָרקער איז רבי! ער איז דער וואָרקער רבי! מזל־טובֿ! מזל־טובֿ!

שטימען — מזל־טובֿ! מזל־טובֿ!

דאָרפֿייד — קומט־צו דרייסטער צו יצחק וואָרקער: רבי, אפֿשר וועט איר מיר העלפֿן? וויינט.

יצחק וווּרקער — אַוודאי וועל איך טאָן פֿאַר אײַך, וואָס עס איז נאָר מעגלעך, מיט השם יתברכס הילף.

דאָרפֿייד — צעוויינט זיך.

יצחק וווּרקער — איר וויינט? אַ ייִד וויינט! אַז אַ ייִד וויינט, צעברעכט עס מיר דאָס האַרץ! כ׳קען זיך באַלד אַליין צעוויינען. נו, וויינט נישט, ר׳ ייִד! נעמט־אַרויס אַ טיכל און ווישט אים אָפּ די אויגן. וויינט נישט! טײַערע ייִדן! ווילע ייִדן! מען דאַרף זיי העלפֿן! נו, דערציילט מיר, ר׳ ייִד, אַלצדינג, דערציילט מיר אַלץ.

שמש פון פשיסכער רבי — די לוויה! די לוויה!

אַלע גייען־אַרויס.

פאָרהאַנג

ניו־יאָרק 1950

י. י. סיגאַל

# ר׳ פּנחס קאָריצער

דאָס בייז ליגט אונטער אַלע מענטשנס טריט
אין צער פון ווערטער און אין פּײַן פון אויגן.
בלײַענדיקע שטילקייט איז דאָס שווײַגן
אין דער טיף פון זײַן געמיט.

זײַן וואָרט איז גאָלד געוויגן,
אײַנגעהילט און אײַנגעשטעלט
אין לויטערקייט פון שווײַגן.

און זײַן געדאַנק אין טיפקייטן פאַרשלאָגן.
די וועלט איז קראַנק,
די וועלט איז קראַנק,
נאָר מ׳טאָר דערפון נישט ריידן,
מ׳דאַרף גאָר ניט זאָגן...

ווי שאָטנס פון שׂטן ליגן די שוואַרצע זאָרגן
נעבן יעדן מענטשנס טיר.
נאָר אין עניוות עפנט זיך גאָטס האַרץ פאַר דיר
מיט ליכטיקייט און טרייסט,
ווי ס׳עפנט זיך די זון אויף אין פרימאָרגן.

1927

ברוך האַגער

# ר׳ ברוכל

פון בוך „אין גאולה־אומרו"

— א —

בלײַערנע שטיקער וואָלקנס הענגען איבער די דעכער און גיסן די לעצטע צוויי פֿאַרגליווערטע טראָפּנס רעגן פֿון זיך אויס. דער טשערמוש [1] זידט — ס׳קאָכט דאָס גיהנום — און פֿאַרציטערט מיט צאָרנדיקן געברום ווי דאָס געהייל פֿון לייבן.

די כוואַליעס, וואָס זײַנען פֿון הימל געפֿאַלן אַ גאַנצע וואָך, האָבן דעם אײַנגעענגטן, אייביק צעכעסטן טײַך איבערגעלאָדן און צעשפּרייט ווי אַ ים.

אַ העלפֿט פֿון וויזשניצע שווימט אין מבול: שטיבער, בהמות און צעבראָכן הויזוואַרג טרינקען זיך; און אויף לודקעס און צע־ריסענע ספּלאַוועס [2] מאַטערן זיך מענטשן, קליין און גרויס, מיט אַלע כּוחות גובֿר צו זײַן דעם צעזאָטענעם תּהום און צו ראַטעווען זיך צום ברעג.

מחנות צעווילדעוועטע ברואים טומלען זיך איבער די גאַסן, אַרויף צום רבישן הויף.

— ב —

אין פּראַווע [3]־שטוב, בײַם גרויסן טיש, צו דער זײַט פֿון פֿאָ־טערס פֿאַריתומטער שטול, זיצט ר׳ ברוכל, דעם הויכן, צאַרט־גע־פֿאַלדעוועטן שטערן אָנגעלענט אויף דער האַנט, און גריבלט זיך אין קוויטלעך־בקשות, וואָס פֿון פֿאַר זײַן פֿאָטערס פּטירה. און פֿון זײַן לאַנגן פֿלאַמענדיקן באַרשטין [4] קײַקלען זיך דיקע שלאַנגען אַרום

[1] טײַך. — [2] טראַטוועס (צוזאַמענגעטשעפּעטע קלעצער). — [3] בית־־דין. — [4] בורשטונענע ליולקע.

די אומעטיקע ווענט און וויקלען אים אין גרויע שווימענדיקע כמאַ־רעס.

ר׳ ברוכלס מחשבות ציליען[5] זיך ווי פֿעדעם פֿאַרפּלאָנטערטע און צעריסענע:

דער מנהיג מוז קודם־כל זיין אַ בעל־כּוח — אַ גבֿר!

דער מנהיג מוז אין זיך כּולל זיין אַלע מדרגות פֿון דור — שלעכטס און גוטס. און דאָס גוטע באַדאַרף ער דערהייבן צו די הייכן, און דאָס שלעכטע מוז ער אויסברענען און צעבלאָזן עס מיטן ווינט...

ווו נעמט מען אַזוי פֿיל גבֿורה, אַזוי פֿיל אַחריות אין זיך, צו קענען איבערטראָגן יידישן צער?

ער קאָן עס נישט צוזען, ער קאָן עס נישט... עס נעמט אים דאָס חיות צו...

שרעק און זאָרג — אָן אַ גבֿול זאָרג! — וואַרפֿן זיך אָן און פֿאַרפֿולן די טעג... און די נעכט ווערן פֿון יללות צעריסן... שבת און יום־טובֿ איז אויך קיין אָפּהאַלט נישט...

דער פֿאָטער זכרונו לבֿרכה...

עס איז דען נאָך פֿאַראַנען געווען אַ גלייכן צו אים — אַ גבֿר־אלים אַזאַ?

ער האָט געקאָנט טראָגן ווי אַ מויער און איינזאַפּן אין זיך טרערן — פֿאַרגאָסענע ביטערע טרערן — אַ טשערמוש.

דער פֿאָטער האָט מיט זיך די שפּע אויך פֿאַרנומען. שוין שבת־צו־נאַכטס, בעת מען האָט אים צו קבֿורה געטראָגן, איז דער מבול געקומען.

— ג —

ר׳ ברוכל איז געווען אַ בן־יחיד און דער פֿאָטער האָט געהיט, ס׳זאָל אַ קאַלט ווינטעלע אויף אים נישט קיין בלאָז טאָן.

---

[5] שנירלען זיך, בינדן זיך.

בעתן פראַוועָן האָט אים ר׳ מענדעלע פאַרזאָגט — און מיטן האַרבן וואָרט — צו געפינען זיך אין זײַן אַרום.

ער האָט אויסגעהיט דעם בן־יחיד זײַנעם, עס זאָלן פרעמדע גשמיותדיקע דאַגות אַפילו דעם זוים אים נישט אָנרירן.

— דער עסק איז נישט פאַר זײַנע השׂגות. זײַן נפש — רזין דרזין — פאַרטראָגט נישט דעם וואָכעדיקן ענין. ער איז פאַר עפּעס אַנ־דערש אָנגעגרייט.

איבער הונדערט יאָר וועט מען בײַ אים דאַרפן גיין אין גאָר אַן אַנדער חדר...

— ד —

חסידים, אָרטיקע און פרעמדע, פאַרבליבענע נאָך פון דער לויה, לויפן אַ גאַנצע וואָך, בעטן, חלשן, ער זאָל זייערע בקשות צונעמען.

מען לאָזט זיי איבער זײַן שוועל נישט אַריבער. וואָס וועט עס פועלן? אַז ער איז גאָר אין גאַנצן נישט אויף דער וועלט!

בערל, דער עלטסטער מקורב, וואָס האָט נאָך געדינט בײַ זײַן זיידן, ר׳ חיים קאָסאָווער, קאָן אויך גאָר נישט אויפטאָן: אַלע טענות און רייד, וואָס ער האָט שוין נישט געפּרוווט אַרויסברענגען, שלאָגן בלויז אָן אין די ווענט. צו אים דערגייען זיי נישט.

ער זיצט די גאַנצע צײַט צו דער זײַט פון פאָטערס שטול, אַ פאַרטראָגענער און פון רויכעס אַ פאַרנעפּלטער. און נישט ער הערט, נישט ער זעט, וואָס אַרום אים רודערט זיך. די צורה זײַנע ווײַסלט זיך, און ער גייט־אײַן פון טאָג צו טאָג.

— ה —

הויך האָט זיך דאָס ליכט דערהויבן, נאָר אַז עס האָט די שײַן גענומען זיך ברייט צעשפּרייטן, איז עס פּלוצעם פאַרלאָשן געוואָרן.

ר׳ מענדעלעס הסתלקות איז געקומען אומגעריכט. און דער בן־יחיד, נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, וועמען דער פאָטער האָט דאָס גאַנצע לעבן אויסגעהיט פון פרעמדער גשמיותדיקער זאָרג, האָט

דעם שעבוד [6] צו חסידים, וואָס אַ רבי באַדאַרף אויף זיך נעמען, נישט געוואָלט דערלאָזן אויפֿן געדאַנק.

— ו —

ר׳ ברוכל איז מלא פנימיות. דער קאָך איז ביי אים אַן אינע־וויניקסטער. די פּאַרע שלאָגט נישט אַרויס. און די אַהבֿה צו גאָט און צו מענטשן איז אַ טיף־פֿאַרבאָרגענע, אַ פֿאַרגראָבענע.

מער פֿון דער מצווה אַליין איז דער ברען מקיים צו זיין די מצווה: די הכנות צו בענטשן אתרוג און די געגועים [7] מיטן אתרוג זיינען פֿאַר אים שווערער ווי די גאַנצע עבֿודה פֿון די ימים־נוראים.

דער ערבֿ שטייט ביי אים העכער פֿונעם יום־טובֿ, העכער.

און דאָ שטייט ער מיט זיין אינעוויניקסטער, פֿאַרשלאָסענער וועלט אַליין — פֿרעמד דעם גאַנצן עולם.

חסידים ווילן מעשׂים — קלינגענדיקע מעשׂים.

— ז —

ר׳ ברוכל מישט די קוויטלעך, טונקט דעם בליק אין די שמאָלע שורהלעך פֿון איינעם, פֿונעם אַנדערן, קערט עס איבער, און גיט זיך אַ רייב אַלץ דעם שטערן: אַ גאָראַלניע [8] אָפּגעברענט — אָקסן פֿאַלן — אָקסן!... דחקות פּרנסה — און ווידער פּרנסה — הצלחה ביי זיווגים — בריאַת הגוף... אַוודאי, מען פֿאַרגעסט, חלילה נישט, אַז עס איז פֿאַראַנען נאָך אַ חלק, אַ העכערס, מען דערמאָנט זיך: מ׳בעט אויף התחזקות־הנפֿש, התרוממות־הנפֿש... ר׳ ברוכל קרעכצט: מען וואָלט עס מער אין זינען געהאַט, נישט אַזוי געדאַגהט פֿאַרן היינט, וואָס מער געוועקט דאָס פּנימיות, וואָס שטאַרקער צערייצט אין זיך השתּוקקות [9] צום שורש, וואָלט דאָך קיין שפֿע במילא נישט אָפּגעגאַנגען — שפֿע ברכה עד — בלי די.

---

[6] אונטערגעוואָרפנקייט, דינסטגרייטקייט. — [7] בענקשאַפֿט. — [8] בראַנפֿן, אַלקאָהאָל־פֿאַבריק. — [9] גלוסטונג, באַגער.

אַ לאַנג קוויטל וואַרפּט זיך אים פֿאַר די אויגן: ק׳ ע״ע, קינ־דער, קינדערלעך און קינדס־קינדערלעך, און דאָס צעטל פֿון דאגות קאַרגט זיך אויך נישט. שפּלדיקע דאגות. גלוסט ער נאָך צו ברענגען אַ בן־זקונים אויף דער וועלט

ר׳ ברוכל האָט דאָס קוויטל פֿון זיך אַ שאַר אַוועק געטאָן און דאָס פּנים וואָלקנט זיך אים שווער אָן:

— וישם כצאן משפּחות...

אויף די, וואָס ער האָט געבראַכט אויף דעם עולם, האָט ער שוין אָפּגעהאָרעוועט? ער האָט שוין בײַ זיי גאָר נישט וואָס מתקן צו זײַן?

— ח —

מ׳זשומעט, מ׳רעשט!

אַ געלויף איבערן הויף און קולות יאָגן זיך, ווילד צעלאָזטע.

בערל, איבערגעראַשט און פֿאַרביטן, נעמט לויפֿן, און מיט בייז געברום, איבער דער שטוב. די אויגן זײַנע יאָגן שטעכיק צווישן די ווי׳עס, די נאָז, אויסגעצויגן ווי אַ שווערד, איז קאַלך, ווײַס, און דאָס בערדל, שוואַרצע און ווײַסע פֿעדעם פֿאַרמישטע, פֿאַרשפּיצט זיך אַרויף.

ער לויפֿט ווי אין קאַראַהאָד, ווי ווען מען וויל עפּעס כאַפּן און ס׳פֿאַרשווינדט פֿון אונטער די הענט. ביז פּלוצעם, ער האָט זיך נעבן אים אַ שטעל־אָפּ געגעבן און האָט מיט די פֿויסטן גענומען זעצן אין טיש אַרײַן:

— רבי, איר שווײַגט?

— ייִדן זײַנען אין אַזאַ צרה און אײַך באַנעמט עס נישט? ס׳אַרט אײַך גאָר נישט? מיר וועלן עס דען דערלאָזן?

און בערלס כעס צעזידט זיך ביז צו דער העכסטער היץ און ער צעשרײַט זיך משונה אויפֿן קול:

— אַראָפּ פֿון הימל! בייגט דעם הימל צו דער ערד!

ר׳ ברוכל האָט זיך פֿון שרעק אויף זײַן זיץ אַ זײַטל געטאָן,

און עס האָבן די פֿײַכטע סאַמעטענע אויגן זײַנע פֿון צווישן די רויך־וואָלקנס אַ בלענד געגעבן.

— ט —

די קולות גייען אַלץ העכער, עזותדיקער און טראָגן־אונטער דאָס גאַנצע הויז. און אויף אַ מאָל זײַנען די טירן אויפֿגעריסן און מענטשן אַ שטראָם כוואַליעט אַרײַן צו אים.

— י —

ייִדן רײַסן זיך בײַ די בערד און פּיאות, און זייער קלאָג, זייער געוויין שלאָגן זיך ווי דונערן אין דער לופֿטן צונויף:

— נאָר וואָס דער הייליקער פֿאָטער אײַערער — זכרונו־לבֿרכה — האָט אונדז פֿאַרלאָזט — ס'האָבן נאָך אַפֿילו נישט פֿאַרשטילט זײַנע טריט — און שוין אַזאַ אומגליק, אַזאַ חשכות איבער אונדז...

ר' ברוכל האָט זיך אַ שטעל־אויף געגעבן און איז געשטאַנען געבוקט, ווי אַ שולדיקער וואָס דאַרף פֿאַרענטפֿערן זײַן חטא.

די שמאָלע געזײַדנטע הענט זײַנע האַלט ער אין גראָבן גאַרטל פֿאַרקלעמט און דאָס פּנים, מיט אויגן פֿאַרשלאָסענע, ברענט בײַ אים אַ פֿלאַם־פֿײַער.

ס'איז שטיל. עפּעס ווי אָפּגעשטעלט האָט זיך די צײַט. און עס ברעכט זיך פֿון קיין שום מענטשן נישט אַ דעך [10] דורך דער ברוסט. נאָר דער זייגער אויף דער וואַנט איז דרייסט; די אויסגעמאָסטענע, גלײַכע קלעפּ פֿון זײַן אומרו טראָגן זיך הויך, ווי אַ וואָרענונג און ווי אַן אָנזאָג.

שטיל, צאַפּלדיק פֿאַרנעמט זיך ר' ברוכל אויף זײַן ווייך, בראָדעריש קול:

— רבותי, צו מײַנע ווידעס זײַנען ייִדן געפֿאָרן נאָך רוחניות.

---

[10] אָטעמצוג.

געקומען דערפֿילן דעם תּענוג פֿון שבת שבתון און האָבן געפֿונעןביידע וועלטן. דאָס טעלערל פֿון הימל האָט מען דורך זיי געקאָנט דערלאַנגען... מיט דער האַנט דערלאַנגען...

ביים טאַטן — זכרונו לבֿרכה — איז שוין געווען עפּעס אַנ־דערש... די השגות זיינען שוין געווען געפֿאַלענע, האָט ער אָבער מיט איין קאַפּיטל תּהילים געקענט אויפֿרייסן די שערי־רחמים און מיט זיינע תּפֿילות צעבערעכן די הימלען.

— איך — איך קאָן אויף זיין וועג נישט גיין... און ייִדישע צרות, ייִדישע זאָרגן וואַרפֿן מיך פֿון די פֿיס... כ'האָב קיין כּוח נישט...

בערל האָט אַ טאַנץ־אונטער געגעבן און האָט די צעשפּרייטע הענט זיינע פֿון זיך אַ וואָרף געטאָן:

— ייִדן, לאָזט אייך נישט! וואָס שווייגט איר?

— רננו צדיקים, רננו!

און ווי פֿון אַ שטורעם האָט עס מיטן עולם אַ רודער געטאָן און אַ געזאַנג, אַ צעברענטער, האָט זיך דערהויבן און געוויגט די ווענט.

און ס'האָבן הענט זיך געפֿלאָכטן אין אַ גרויסער, שטאַרקער קייט, און ס'איז ר' ברוכל פּלוצעם געזעסן אויף דער כּסא פֿון זיינע אָבֿות־אַבֿותיו, אַ פֿאַרלוירענער, אַ צעבראָכענער, ווי אַ פֿאַרמשפּטער צו גרויס שטראָף.

1969

אַהרן צייטלין

# פּאַוועל און שניאור־זלמן

באַלאַדע

— 1 —

אין פּעטער־פּאַוועל־פּעסטונג, אין דער תּפֿיסה פֿון די צאַרן,
רויכערט זיך אַ פֿינצטער לעמפּל אויף אַ נאַסער וואַנט.
שאָטנס קוקן קרום מיט שפּיצל[1]־אויגן פֿון זשאַנדאַרן.
אויף דער הוילער ערד — אַ ייִד אַן אַרעסטאַנט.

ס'איז שניאור־זלמן פֿון ליאַדי. מסירה האָט אין קייטן אים געשמידט.
מתנגדות האָט אַהער אַרײַנגעוואָרפֿן אים, דעם תּלמיד פֿון דעם מגיד[2].
אָט בליצט עס נאָך אין ווינקל דאָרט דאָס אויג פֿון פּינסקער מסור,
דעם מתנגד.
נאָר גאָר נישט שטערט די גאָט־פֿאַרהאָרכטע רו פֿון זײַן געמיט.

פֿאַרטיפֿן טוט ער זיך אין גאָט, אָט ווי די פֿעלדער פֿון דעם ווײַסן,
שטיל־וואָלקנדיקן, שטרענג־פֿאַרטראַכטן רײַסן.
זאָל פֿילדערן דער שׂטן און זאָל עשׂו זײַן אַ כּעסן...
ווייל דעם וואָס האָט קיין צאָרן און קיין עצבֿות נישט געהאַט!
ווייל דעם וואָס לעבט אין חכמה־דעת־בינה!
דער עיקר איז מחשבֿה ווײַסע, דינע,
דער עיקר איז חב"ד[3].

— 2 —

שלעפּט זיך אַ שיכּורער פּאַוועל דער צאַר,
פּאַוועל דער צאַר.

---

[1] שפּיאָן. — [2] מעזעריטשער רבי, בעל־שם־טובס תּלמיד. — [3] (ראשי־תּיבות) חכמה, בינה, דעה — דער עיקר פֿון דער תּורה פֿון ליאַדיר רבין — שניאור זלמן — ליבאַוויטשער רבי.

פּינצטער און דאַר
שלעפּט זיך אים נאָך אַ משוגענער צער,
טײַטלט מיט פּינצטערע פינגער אויף אים:
משוגענער צאַר!
גאָר נישט הערט פאַוועל אין וויסטן קאָשמאַר
שלעפּט זיך אַ שיכּורער פאַוועל דער נאַר,
פאַוועל דער צאַר.
— בראָנפן און ווײַבערלײַב! האַר בין איך, האַר! —
שרײַט פאַוועל דער צאַר.

— 3 —

נאָר ווער, צום טײַוול, קאָן דען אויסהאַלטן אַ נאַכט ווי די?
דאָס קאָן שוין נישט אַפילו פאַוועל... טשאָרט וואָזמי[4],
וואָס איז עס פאַר אַ נאַכט?

קריכט ווי אַ מויז אַ גרויסע, קריכט — און ס'וויל נישט ווערן פרי.
דער שאַרבן קראַכט און זי — זי קריכט
ער קראַכט, זי קריכט —
און נישט צו וויסן וואָס און ווי!

עך, טשאָרט וואָזמי!
ער וואָלט אַ נאַכט אַזאַ אַ הינטישע געכאַפּט,
צעקלאַפּט,
צעשמיסן,
און פאַרשיקט זי, די קאַנאַליע, אויף סיביר —
און זאָל זי וויסן!

מען זאָגט: אין פעסטונג זיצט אַ רבֿ.
אַ כּישוף־מאַכער מוז ער זײַן אַ גרויסער —
זײַן אַרבעט מוז עס זײַן — יעי באָהו[5]!

[4] נעמט עס דער טײַוול! — [5] „אַזוי זאָל גאָט העלפן"!

שטר — ראָף!
גענומען און געבראַכט
אויף זײַן קאָפּ, דעם צאַרישן, אַזאַ מין נאַכט.
המ... קרעציק פּי!
ער וועט אים שוין! ער וועט אים! טשאָרט וואָזמי!

— 4 —

און אפשר זיך ניט אָנהייבן מיט אים? ווער ווייס אים?
יידן!
שרעקלעכער ווי שדים! פֿאַרזיכטיקער ווי מתים!
דאָך... פֿאָרט...
ס'ציט...
עפּעס ווילט זיך אָנקוקן דעם ייד...
עך, טי[6]!
טשאָרט!

— 5 —

אַ שווערער שלאָף באַפֿאַלט דעם צאַר:
אַ זעץ אין קאָפּ ווי מיט אַ האַק,
אַ וואָרף־אַרײַן צו זיך אין זאַק,
און אַ פֿאַרשלעפּ, און אַ פֿאַרטראָג.

און צו מאָרגנס ערשט בײַ טאָג,
יאָ, בײַ טאָג, אַ זייגער צוויי,
שטייט ער אויף און קוקט זיך אום.
— אַלץ זײַן כּישוף! כּישוף... הום...
אָ, דער רבֿ! דער ייד! איך גיי!

— 6 —

וואַקלט זיך אַרײַן צאַר פּאַוועל אין דער טיר.

---

[6] אַי, דו!

דאַכט זיך: אָט — און ער וועט נעמען גיין אויף אַלע פֿיר
ווי אַמאָל נבֿוכדנצר.
— זעלמאַן ברוכאָוויטש... זעלמאַן... — רעדט ער אין אַ זײַט. —
אין די פּאַפּירן שטייט, אַז דײַנע לײַט
האַלטן פֿאַר אַ מאַן אַ געטלעכן דיך, זעלמאַן..

ווייס איך: ביסט אַ שווינדלער און אַ כּישוף־מאַכער! וואָט[7]!
נאָר ביסטו יאָ אַ מאַן פֿון גאָט —
זאָג מיר דו, אַ שטייגער, אָן אַ זייגער,
זאָג אָקאָרשט, ווי שפּעט ס'איז... קערסט דאָך וויסן...
ווייסטו נישט, דו, הונט — דו ווערסט געשמיסן
און אָפּגעגעבן פֿאַר סאָלדאַט!

שניאור־זלמן קוקט־אָן, פֿאָרכט, נאָר רוסלאַנדס צאַר
קוקט מיט טויטאַנגסט און מיט חשד.

— 7 —

— דאָ איז נאַכט, — זאָגט שניאור־זלמן — נאָר איך ווייס:
ס'איז טאָג
און צוויי אַ זייגער איז מיט כּך־וכּך מינוטן.
— פֿאַרשווערער איינער... זעלמאַן... האָסט בײַ זיך אַ זייגער!
— כ'וועל שמײַסן... בלוט וועט גיין! גיב־אָפּ מיט גוטן!
— מײַן זייגער איז אין מיר... פֿון אינעווייניק ווייס איך...
— דו, ליגנער איינער! זעלמאַן! דו פֿאַרפֿירער!
דעם זייגער ווײַזן, סוואָלאָטש! הענגען הייס איך!
—עס איז אין מיר מײַן זייגער... ס'איז אין מיר ער...

צירופֿים צוועלף פֿון שם־הויה[8] לײַכטן מיר בײַ טאָג,
און ס'לײַכטן מיר צירופֿים צוועלף פֿון אַדוישם[9]
בײַ נאַכט... און וועדליק די צירופֿים ווייס איך און זאָג

[7] אָט דאָס! — [8] גאָט. — [9] ד׳!

די שעה און מינוטן... און געלויבט השם —
כ׳קאָן וויסן אויך דעם טאָג, ווען מײַנע קייטן פֿאַלן...
ווי ראָסע וועט אויף רײַסן זיך אַראָפּלאָזן מײַן וואָרט...
און כ׳קאָן דיר זאָגן, אויב דו ביסט אַ בעלן,
ווען ס׳פֿאַלט דײַן קאָפּ...

— מאָרד! מאָרד! —

שרײַט־אויס דער צאַר — ווער וועט מיך טויטן?

— זיי!

די לײַט דײַנע, די מקורבֿים!

— אַ געשריי —

און דער וואַנזיניקער, שרפֿהדיקער קאָפּ פֿון צאַר,
ווי צוגעקוועטשט מיט בלײַערנע געוויכטער,
לאָזט זיך אַראָפּ... און זע: פֿאַר שרעק פֿאַרקריכט ער
צווישן די אַקסלען — און בלײַבט ליגן שטאַר.
צום בראַנפֿן־ריח מישט זיך צו אַ האַרבער ריח פֿון בית־עלמין.
פּאַוועל גייט־אַרויס —
און ס׳שאָקלט מיטן קאָפּ נאָך אים ר׳ שניאור־זלמן.

— 8 —

ווערט ווידער שטיל — און רעדלעך פֿון צירופֿים
דרייען זיך אין אים ווי שרײַפֿלעך זייגערדיקע.
דרייט זיך אין אַ זײַט אַ רעדל, שטילער, בלויער
ווי אַלע, קוקט אים אָן מיט בליקן העלע און סניגורדיקע.
דער צירוף לייגט זיך ליכטיק אויס און גלאַט:
— יוד־טית כסלו, תקנ״ט.

וויס ער: דעמאָלט עפֿנט זיך אים אויף די תּפֿיסה,
עס וועט זײַן זון זיך אָנגורטן מיט שײַן —
און דאָס וועט זײַן
נאָך פּאַוועלס בייזער מיתה.

ברוך האַגער

# די סטרעליסקער

אין סטרעליסק איז אַ שׂמחה — אַ יום־טובֿ. דער תּיקון גיסט זיך מיט קאַנען. חסידים טאַנצן אויף די גאַסן און דאָס געזאַנג ברענט זיי פֿון די מײַלער.

אַ גרויסער חשובֿער גאַסט איז דאָ. ר׳ מענדעלע קאָסעווער, באַגלייט פֿון חסידים זײַנע, איז געקומען אויף נאַכטלעגער צו זײַן שוואָגער, ר׳ אורי, קיין סטרעליסק. די וועלט פֿלעגט זאָגן: בײַ ר׳ מענדעלען ליגט דער שליסל צום אוצר פֿון פּרנסה, בײַ ר׳ אורין — פֿון יראַת־שמים. זײַנען טאַקע קאָסעווער חסידים געווען גבֿי־רים עשירים. סטרעליסקער — קבצנים־אבֿיונים. סטרעליסקער חסי־דים פֿעלט אָבער קיין עשירות נישט. זייערע השׂגות זײַנען נישט קיין געלט.

— התעוררות, עבֿודת־הבורא! מיט דעם חיות לעבן זיי.

פֿײַער שפּריצט זיי בײַ די תּפֿילות. בעתן דאַוונען וואַרפֿן זיי זיך מיט די קעפּ צו די ווענט, סדוכן זיך מיט די קולאַקעס אין די הערצער און מיט וואָס עס קומט זיי אונטער די הענט. טאַנצן ווי מטורפֿע מיט די שטענדערס אַרום, צעברעכן, צעלאָמען, און די געשרייען און גוואַלדן זייערע צעשלאָגן וואָלקנס, רײַסן די הימלען אײַן.

*

ר׳ מענדעלע קאָסעווער האָט פֿונעם סטרעליסקער עניוות גע־ווּסט, נאָר אויף אַזוי ווײַט נישט געגלייבט. און אַז ער האָט עס איצט דערזען, דאָס אָרעמקייט, אין דער גאַנצער באַשײַמפּערלעכער גרייס — אויסגעווייקטע, פֿאַרהונגערטע פּנימער, אָפּגעריסענע מל־בושים אויף אײַנגעטריקנטע לײַבער — איז ער געווען צעקאָכט און איבערגענומען ביז גאָר.

— היתכן! ווי אַזוי דערלאָזסטו עס, אַז יידן, יראים, ושלימים ווי דיינע, זאָלן עס אַזוי אָפּקומען אויף דער וועלט?

— גלייב מיר, שוואָגער־לעב, — פאַרענטפערט זיך ר׳ אורי, אַ זייער התנצלותדיקער — איך האָב, חס־ושלום, אין דעם קיין שולד נישט.

— אַז ס׳פעלט זיי נישט!

*

ר׳ מענדעלען איז ר׳ אוריס תירוץ נישט איינגעגאַנגען. עס האָט אים נאָך מער צערודערט און אין גרויס אומרו אַריינגע־בראַכט. ער וועט זיך אַליין פרווון צו זיי. און שפעט ביי נאַכט, דער עולם האָט נאָך אַלץ געפראַוועט די שמחה, געפּרייט און דער־הויבן זיך מעלה מעלה, לאָזט ער צו זיך רופן די פני פון די סטרעליסקער און פרעגט ביי זיי:

— וואָס, למשל, וואָלטן סטרעליסקער חסידים זיך געווונטשן? ס׳איז אַן עת־רצון!

זיי שטייען צעחושט און קוקן אויף ר׳ מענדעלען מיט אָפּגע־נומען לשון:

— וואָס וויל ער? זיי פאַרשטייען נישט זיין מיין!

— האַ?? יידן האָבן גאָר קיין בקשות נישט? ס׳פעלט זיי גאָר נישט?

צעטרייסלען זיך די סטרעליסקער, פון אַ פלוצעם אָנגעצונדע־נעם התפעלות, און קנייטשן די אָנגעצויגענע, פאַרנעפּלטע שטערנס זייערע:

— וואָס איז שייך? אַוודאי, אַוודאי וואָלטן זיי געהאַט אויף וואָס צו בעטן.

ווער קען דען דערגרייכן צו דערצו?

— נו, זאָגט, זאָגט!

זיי וואָלטן זיך געווונטשן, צו קענען זאָגן — ברוך שאָמר — פונקט אַזוי, מיט דער אייגענער קדושה, מיטן אייגענעם ברען, וואָס זייער רבי.

די פּלאַקערלעך אין ר׳ מענדעלעס אויגן האָבן אַ פּלייץ געטאָן און ער גיט זיך, אַן אָנגעצונדענער, אַ הייב פֿון זײַן זיץ:

— און מכּוח פּרנסה? ס׳איז, חלילה, אַ זינד צו דינען גאָט מתּוך הרחבֿה?

די חסידים לאָזן טיף אַראָפּ די קעפּ און שטייען ווי פֿאַר־שולדיקטע בײַם משפּט.

— רופֿט־אויס: וואָס און וויפֿל אַ יעדער איינער פֿון אײַך וועט מאָרגן אין דער פֿרי אין זינען האָבן בײַ דער תּפֿילה — אַדון־עולם — וועט אים דער פֿון אויבן משפּיע זײַן!

*

די ידיעה האָט אָנגעיאָגט אַ בהלה, ס׳האָט אַלעמען אַ נעם געטאָן. און מען רעשט, און דער טומל שטאַרקט זיך מער און מער. עפּעס ווי זיי וואָלטן זיך פֿון אַן אײַנקלעמעניש אָפּגעריסן. עס האָט דער עולם דאָס לײַב דערפֿילט. מען דערוועקט זיך ווי פֿון שיכּרות, פֿון אַ נאַכטיק חלום־געשפּין.

פֿאַראַנען אַ היים, וואָס דאָס דחקות איז דאָרט אָן אַ שיעור, ווײַב און קינדער פֿאַרלאָזן, אָן חיונה — הפֿקר. אַ סך פֿון זיי האָט נאָך קיין איין דערוואַקסן קינד צו לײַט נישט געבראַכט. און ס׳האָט דער יום־טובֿ זיך אָפּגעשפּרייט, און ס׳איז די פֿרייד פֿאַרגאַנגען.

דאָס רעשט פֿון דער נאַכט ביזן אויפֿקומענדיקן טאָג איז מען אין גאַנצן, אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן אין דער נײַער, איצט אַנטפּלעק־טער וועלט: מען מוחט, חשבונט און חזרט־אײַן די באַגערן אויף אויסנווייניק.

זיי טאָרן, חלילה, נישט פֿאַרגעסן, וואָרעם אַ צווייט מאָל?... מאָרגן, אויף מאָרגן שטייט די וועלט!

*

אויף־צו־מאָרגנס וואַרט דער עולם אומרויִק, מיט אַ ציטער און שרעק אין האַרצן — און דער רבי האָט זיך גראָד הײַנט

שטאַרק פּאַרשפּעקטיקט. מען וואָלט שוין גערן וועלן האָבן אַריבער־געשפּרונגען דאָס בריקל.

און נאָר ער האָט זיך באַוויזן, ר׳ אורי, אויף דער שוועל פֿונעם בית־מדרש און, ווי אַ לייב, אַ געשריי געטאָן אַדון־עולם — האָט זיך אַ שטורעם אויפֿגעכאַפּט, אַ פֿײַער צעבלאָזן, און ס׳טרייסלען די ווענט, ס׳קאָלערט דער דיל ווי פֿון ערד־ציטערניש.

דער עולם פּלעכט זיך צונויף און רײַסט זיך פֿון אַנאַנד. קי־דער־ווידער. נאָך און נאָך אַ מאָל. און מען צעניזוקט זיך. און ס׳איז אַ געלאַף ווי אין אַ מסוכן ראַנגלעניש, ווי צווישן גיבורים אין אַ מלחמה.

און ר׳ אורי היצט, בײַטשט מיט גליִענדיקע ריטער און דאָס התלהבֿות זײַנס גיסט זיך. ברענענדיקער שוועבל.

*

און אַז די סטרעליסקער לײַט זײַנען, לאַנג נאָכן דאַוונען, פֿונעם פֿאַרמאַטערטקייט אַ ביסל צו זיך געקומען, כאַפּן זיי זיך:

— אָוואַ־אָוואַ! פֿאַרגעסן, גאָר אין גאַנצן פֿאַרגעסן...

חיים גראַדע

# הקפֿות אין כּפֿר חב״ד

חבד״ניקעס טאַנצן אין שמיני־עצרת.
יגיע כּפּים, די אַרבל פֿאַרקאַשערט.
און סאַבּרעס מיט אויגן פֿון בלויען כּנרת,
און קרעמערס וואָס האָבן די הערצער געכּשרט —
פֿאַרוואַרפֿן די קעפּ און פֿאַרהייבן די פּאָלעס
און טאַנצן; חב״ד איז ניט בודק די ציצית.
אַ פּשיטה אַ ייִד וואָס לאָזט־איבער דעם גלות,

איז פֿאַלן אַוודאי אַוועק די מחיצות.
ווער רעדט נאָך גרעאַטעוועטע האָלעוועשקעס
פֿון פּלאַם אין טרעבלינקע און יוצאי־עקזאָדוס;
הגם זיי פֿאַרקריכן אויף זײַטיקע סטעזשקעס
אין פּראַוועון דעם סדר מיט נײַע הגדות;
קיין חילוק ניט! ווער ס'איז אַרויס פֿון דעם פֿײַער
און זאָגט, אַז ער האָט אין דער תורה אַ חלק —
זײַן ייִדישקייט איז אַ געוואַלד, אין לשער!
און ווו ער פֿאַרקריכט ניט — זײַן ניצוץ איז הייליק.

פֿון בוך „אויף מײַן וועג צו דיר" — „בדרכי אליך", תל־אָביב 1969

מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי

## דאָס פּײַפּעלע

צו דעם בעל־שמס צײַטן האָט געלעבט אין אַ דאָרף אַ ייִד, אַן ערלעכער און אַ פּשוטער ייִד, שמעון מיטן נאָמען. געהאַלטן האָט מען אַ שטיקל שענקל און, כאָטש ס'איז ניט געווען אַזוי מיט הרחבֿה, האָט מען קיין מאָל ניט אַ טראַכט געטאָן מכּוח דעם, צי חס־ושלום גאָר האָבן תּרעומות. פֿאַרקערט, מען דאַנקט נאָך דעם אייבערשטן, אַז מ'האָט זיך אַ ווינקעלע. און כאָטש מ'איז שטענדיק אַ טרוד [1], בלײַבט נאָך אַ ביסל צײַט פֿאַר אַ ייִדיש וואָרט... אײַ, ס'איז ניטאָ קיין מנין און קיין מקווה ניט און אַלע זיבן זאַכן פֿון שטאָט, דערפֿאַר איז אָבער דאָ אַ תּהילימל און אַ סידורל, און אַ שטילע שמונה־עשׂרה דאַוונט זיך אין אַ דאָרף אַוודאי גוט...

[1] אַ פֿאַרנומענער (ביַי דער אַרבעט).

וואָס וואָלט שמעונען און זײַן ווײַב געפֿעלט, אַז גאָט וואָלט זיי ניט געווען געשטראָפֿט מיט אַ קינד, אַ יינגל, וואָס איז שוין אַלט צען יאָר און קען אַפֿילו נאָך קיין עבֿרי ניט? וואָס זאָג איך עבֿרי? ניט די צורה פֿון אַן אלף, פֿון אַ מלופֿים. מלמדים האָט מען ניט געקאָנט האַלטן, אָבער באַהעלפֿערס האָט מען גענומען. אויך געזוכט גוטע, איבערן כּוח, אָבער ס'איז געווען אַלץ אומזיסט. דער מוח איז געווען אַזוי פֿראָסט און פֿאַרשטאָפּט, אַז מען האָט אים ניט געקענט אויסלערנען זאָגן אַ ברכה. צי ווער שמועסט קריאת־שמע לייענען, צי מודה־אני? מיינט איר, אַז ער האָט עפּעס פֿאַרשטאַנען פֿון אַן עבֿירה, אַז מען טאָר שבת ניט רײַסן פּאַפּיר, צי טראָגן אַ שטיינדל?

וואָס שמעון און זײַן ווײַב האָבן געליטן, קאָנט איר אײַך ניט אויסמאָלן. אָבער ווי געזאָגט: תּרעומות האָבן זיי ניט געהאַט צום אייבערשטן און האָבן ניט גערעדט פֿון זייער מזל. יענע יאָרן און יענע מיני מענטשן! אָבער דאָס איז אין אַמאָליקע צײַטן אויך געווען ווי הײַנט. מען האָט זיך געשעמט, זיך געשעמט פֿאַר אַנדערע... אַז ס'זײַנען געקומען ימים־נוראים און מען איז געפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן, האָט מען זיך געשעמט מיטצונעמען דאָס יינגל, מ'זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד. אַ יידיש קינד און ס'זעט־אויס ווי ס'וואָלט געשטאַמט פֿון גויים. און ריידן רעדט דאָס אויך האַלב גוייִש, אַ פּראָסטער שייגעץ...

אָבער וואָס טוט מען? דאָס נפֿש איז שוין באַלד אַלט דרײַצן יאָר. ס'גייט אויף בר־מצווה און מען מוז דאָך טראַכטן וועגן דעם, ווי מאַכט מען אים כאָטש צו אַ שטיקל ייִד. האָט זיך דער פֿאָטער מיישבֿ געווען און אים דאָס מאָל מיטגענומען אין שטאָט אַרײַן צו יום־כּיפּור. געדאַווענט האָט ער אין בעל־שמס בית־מדרש. און מאָלט אײַך אויס, אַז אַזאַ בופֿלאַקס פֿון אַ מענטשן קומט אין אַזאַ סבֿיבֿה... דער בעל־שם אַליין האָט נאָך דעמאָלט געלעבט און די גאַנצע חבֿריה, און געדאַווענט האָט מען ווי די שׂרפֿים ואופֿנים. דער דאָרפֿס־בחור איז געשטאַנען צווישן די וועקסענע ליכט און די

געלע טליתים, וואָס האָבן זיך געשאָקלט, און האָט געקוקט ווונדער־לעך.

די תּפילות זײַנען דאָס מאָל ניט געווען אַזוי אַקוראַט, וואָרעם ס׳איז דאָס יאָר געווען אַ גרויסער קטרוג אויף ייִדן און דער בעל־שם האָט זיך שטאַרק נתעצבֿ געווען און אַלע מאָל אַ געשריי געגעבן שאַגת־אַרי [2]. כּל־נדרי האָט מען אָנגעהויבן מיט גרויס יללה, עפּעס אַ קלייניקייט: וזה שער השמים! אַז מען שטייט און מען מוז עפֿע־נען די טויערן פֿונעם הימל, און עס שטייען תּפילות פֿון הונדער־טער יאָרן און מ׳לאָזט זיי ניט אַרײַן. שמעון האָט געהאַלטן זײַן זון כּסדר נעבן זיך און האָט פֿון אים ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג. עפּעס איז אים אַרײַן אין דער מחשבֿה, טאָמער איז ער זיך מיישבֿ און לעשט־אויס אַ ליכט, און ער האָט זיך צעווײנט מיט אַזאַ גע־בראָכן קול, וואָס דאָס איז געווען באַצאָלונג פֿאַר אַלע דרײַצן יאָר. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די סליחות מיט די לאַנגע תּפילות. עפּעס אַ קלייניקייט — האָבן די זכיה צו דאַוונען מיטן בעל־שם אין איינעם! אָבער דער בעל־שם וויינט ביטער, אַ פּנים, ס׳איז אַ שטאַרקע שיטנה [3] אויף כּל־ישׂראל...

און אויף מאָרגן פֿרי האָט דער בעל־שם אַליין געדאַוונט שחרית פֿאַרן עמוד, און מוסף אויך, איטלעכן איז געווען אַזוי שווער אויפֿן האַרצן און איטלעכער האָט געטאָן תּשובֿה פֿאַר אַלע יאָרן, און איטלעכער האָט געפֿילט, אַז מען מוז ממרק [4] זײַן אַלע עוונות... דאָ זעט שמעון, אַז זײַן ייִנגל האַלט די האַנט אין קעשענע און וויל עפּעס אַרויסנעמען.

— טאַטע, — זאָגט ער — איך האָב אַ פֿײַפֿל און וויל בלאָזן אויף דעם...

איר קאָנט אײַך אויסמאָלן די שרעק פֿונעם פֿאָטער. ער זאָגט אים שטילערהייט און בײַסט מיט די ליפּן:

[2] מיט אַ קול פון אַ לייב. — [3] בייזגײַסט, טײַוול. — [4] אָפּרייניקן, אַראָפּ־נעמען אַלע זינד.

— טו דאָס ניט, מ׳טאָר ניט...

דאָס יינגל אָבער זאָגט:

— כאָטש איין בלאָז טאָן.

שמעון וואָלט אים געקאָנט דערהרגענען. מעג מען יום־כיפּור זײַן אין כּעס? און אַזאַ בילבול בשעת התפילה! ער האַלט אים צו די קעשענע מיטן פֿײַפֿעלע, וואָרעם אַרויסנעמען טאָר מען דאָס ניט, ס׳איז מוקצה... נאָר דאָס יינגל רײַסט זיך און בעט:

— כאָטש איין בלאָז.

פֿאַרשעלט זיך שמעון, פֿאַר וואָס ער האָט אים מיטגענומען; ער וואָלט געגעבן מי־יודע וויפֿל, אַז ער וואָלט אים אַצינד געהאַט אין דאָרף.

דאָס יינגל רײַסט זיך און בעט אין איינעם:

— לאָז מיך בלאָזן, טאַטע.

ס׳איז שוין מנחה. ס׳קומט צו נעילה.

דער בעל־שם האָט זיך ווידער אַנידערגעשטעלט און האָט אָנגעהויבן מתפלל צו זײַן בשבֿרון־לבֿ. אָבער ער האָט נאָך ניט געפּועלט אויבן, וואָס ער האָט געוואָלט פּועלן. ער איז שוין געווען בײַ זײַן רבין אחיה השילוני און איז שוין געווען אין היכל־המשיח. און ס׳העלפֿט ניט, מען וויל די תּפֿילות ניט אַרײַנלאָזן. עפּעס טויזנטער פֿון די מקטרגים און משׂטינים [5] האָבן זיך דאָס מאָל צונויפֿגענומען און אָנגערעדט אויף ייִדן, אַפֿילו דעם חטא פֿונעם עגל האָט מען נאָך אַ מאָל אויפֿגעמישט און דעם חטא פֿון ירבֿעם בן נבֿט. האָט דען דער בעל־שם גאָר קיין זכיות ניט? האָט אים דאָס מאָל גאָט פֿאַרלאָזן? אין דעם גאַנצן בית־המדרש איז אימה ופּחד. ס׳איז שווער, ס׳איז שווער. דאָס פֿילט איטלעכער מתפלל.

און נאָך איז אין אַ שעה אַרום שוין תּקיעה־גדולה.

דאָ כאַפּט־אַרויס דאָס דאָרפֿסיינגל דאָס פֿײַפֿעלע און הייבט־אָן בלאָזן:

---

[5] באַשולדיקערס, אָנריידערס צו שלעכטס.

— טאָ! טאָ! טאָ!

אַ שרעק איז געפֿאַלן אויפֿן עולם. מ׳האָט ניט געוווּסט פֿון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען; מ׳האָט געמיינט, ס׳איז דער שׂטן וואָס בלאָזט.

אַז מ׳האָט דערזען דאָס ייִנגל האַלטן דאָס פֿײַפֿעלע אין מויל, האָט מען אים געוואָלט צערײַסן.

דאָ האָט זיך דער בעל־שם אומגעקערט מיטן פּנים צום עולם און געגעבן אַ ווונק, מ׳זאָל דאָס ייִנגל ניט טשעפּען, און האָט זיך ווידער אַנידערגעשטעלט דאַווענען נעילה, און עפּעס גאָר אַנדערש, מיט אַ פֿריילעך האַרץ. און אַלע האָבן אויף איין מאָל געפֿילט, אַז ס׳איז עפּעס גרינגער געוואָרן. אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט דער ווײַנענדיקער יום־כּיפּור רויִק און לײַכט. מעריבֿ האָט מען אויך גיך אָפּגעדאַוונט און נאָך חידוש־לבֿנה, אַז מען האָט שוין פֿאַר־שלאָגן די פּלעקער אויף סוכּות, האָט זיך די חבֿריה צוזאַמענגעקליבן צום בעל־שם און רבי וואָלף קוצעס האָט, ווי תּמיד, געוואָלט פֿון אים וויסן דעם פּירוש פֿון דער זאַך.

דער בעל־שם האָט פֿאַרוויכערט די ליולקע און האָט דער־ציילט פֿון דעם גרויסן קטרוג אויף ייִדן און פֿונעם גרויסן צער, וואָס ער האָט געהאַט דעם גאַנצן יום־כּיפּור, ווען ער האָט געזען, אַז ער קאָן נישט אָפּוואַשן די שׂיטנה און מיטנעמען די תּפֿילות.

אָבער דאָס ייִנגל, וואָס איז קיין מאָל ניט געווען אין אַ בית־מדרש און וואָס האָט קיין מאָל נישט פֿאַרשטאַנען אַ וואָרט פֿונעם דאַווענען — און זעט — אַז ער רודערט זיך עפּעס אַרום אים און ער וויל אויך עפּעס טאָן, אָבער ער קען ניט. דאָ האָט ער אַ בלאָז געטאָן אויפֿן פֿײַפֿעלע און דאָס איז געווען אין דער שעה זײַן עבֿודה. און פֿון דער עבֿודה פֿון אַזאַ פּראָסטער נשמה איז געוואָרן אַן עת־רצון למעלה. און אַלע טויערן האָבן זיך אויפֿגעעפֿנט און די תּפֿילות זײַנען אַרײַן פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד, און מען האָט ייִדן אַלץ מוחל געווען און מען האָט זיי נאָך געשענקט אַ גוט און רײַך יאָר און ישועות און נחמות בכל־תּפֿוצות־ישׂראל.

י. ל. פּרץ

# אַ שמועס

עס איז אַ וואַרעמער, אמת־יום־טובֿדיקער טאָג און ר' שכנא, אַ הויכער, אַ דאַרער ייד, אַ שריד ופליט פון די אַלטע קאָצקער, און ר' זרח, אויך אַ דאַרער, נאָר אַ קליין־געוואַקסענער ייד, אַ נשאר פון די אַלטע בעלזער, לאָזן זיך היגטער דער שטאָט אַרויס שפּאַצירן. יונגערהייט זיינען זיי זיך שונאים געווען, שונאים אויף טויט און לעבן. ר' שכנא האָט געפירט די קאָצקער קעגן די בעלזער און ר' זרח — די בעלזער קעגן די קאָצקער! היינט, אויף דער עלטער, אַז די קאָצקער זיינען געוואָרן „נישט דאָס וואָס אַמאָל" און די בעלזער האָבן פאַרלוירן דעם ברען, האָבן זיי זיך ביידע אָפּגע־טיילט פון די חבֿרות, זיינען זיי ביידע אַרויס פון די שטיבלעך, ווו שוואַכערע חסידים, נאָר יינגערע און שטאַרקערע ליגט האָבן אי־בערגענומען די הנהגה.

אין בית־המדרש, ווינטער ביים אויוון, האָבן זיי שלום געמאַכט; און צינד, חול־המועד פּסח, ביים ערשטן שיינעם טאָג, גייען זיי ביידע שפּאַצירן. די זון שיינט אויף אַ ווייט בלויען הימל. פון דער ערד רייסן זיך אַרויס די גרעזעלעך: מען זעט ממש בחוש, ווי אַ מלאך שטייט ביי יעדן גרעזל און שלאָגט: וואַקס! וואַקס! מחנות פייגעלעך צעפליען זיך, זוכנדיק פאַראיאָריקע נעסטן — און ר' שכנא מאַכט צו ר' זרחן:

— קאָצקער, פאַרשטייסט? אמתע קאָצקער, מיין איך, פון די היינטיקע איז נישט כדאַי צו ריידן, נאָר אמתע אַלטע קאָצקער האַלטן גאָר נישט אַזוי שטאַרק פון דער הגדה...

— נאָר פון די קניידלעך? — שמייכלט ר' זרח.

— אויס קניידלעך! — ענטפערט ר' שכנא ערנסט — לאַך נישט! דו ווייסט דעם סוד פון „לא תסגיר עבֿד אל אַדונו"?

— פֿאַר מיר — זאָגט דער בעלזער מיט אַ שטאָלצער עניוות, — איז געגוג צו וויסן די כּוונה פֿון דאַווגען.

ר' שכנא מאַכט זיך נישט הערנדיק און זאָגט ווײַטער:

— מילא, דער פשט איז דאָך פשוט: אַז עס אַנטלויפֿט אַ קנעכט אַ משרת, אַ פּויער — טאָר מען אים על פּי דין־תּורה נישט כאַפּן, נישט בינדן און נישט איבערגעבן צוריק צום פּריץ, צום בעל־הבית; מן הסתם, אַז אַ מענטש אַנטלויפֿט, קאָן ער שוין נישט אויסהאַלטן. איז שוין סכּנת־נפֿשות! נאָר דער סוד איז אויך גאָר פשוט: דער גוף איז בבחינת עבֿד — — ער איז אַ קנעכט צו דער נשמה! דער גוף איז אַ בעל־תּאווה, ער זעט אַ שטיק חזיר, אַן אשת־איש, אַן עבֿודה זרה, ווייס איך וואָס — שפּרינגט ער פֿון דער הויט אַרויס; זאָגט אָבער די נשמה: לא תּעשׂה! מוז ער שווײַגן. און פֿאַרקערט — די נשמה וויל אַ מצווה טאָן — מוז דער גוף טאָן, מעג ער זײַן מיד, געהרגעט... מוזן די הענט אַרבעטן, די פֿיס לויפֿן, דאָס מויל ריידן... פֿאַר וואָס? דער פּריץ, די נשמה הייסט! און פֿון דעסט וועגן: לא תּסגיר! אין גאַנצן איבערגעבן דעם גוף צו דער נשמה טאָר מען אויך נישט. די פֿײַערדיקע נשמה וואָלט אים פֿאַרברענט, אַש פֿון אים געמאַכט. און, ווען דער רבונו של עולם זאָל וועלן נשמות אָן גופֿים, וואָלט ער קיין וועלט נישט באַשאַפֿן! און דעריבער האָט דער גוף אויך זײַנע זכיותן... „כּל היושבֿ בתּענית נקרא חוטא", דער וואָס פֿאַסט אַ סך הייסט אַ זינ־דיקער — דער גוף דאַרף עסן! ווער עס וויל פֿאָרן, מוז שפּײַזן דאָס פֿערד! קומט ווײַטער אַ יום־טובֿ, אַ יום דפּגרא — פֿריי דיך אויך! נעם אַ קאָפּ בראַנפֿן, פֿריי דיך, גוף, אויך! און די נשמה האָט הנאה, און דער גוף האָט הנאה: די נשמה — פֿון דער ברכה, דער גוף — פֿון קאָפּ! פּסח, זמן חרותנו — קום אַהער, גוף, כאַפּ אַ קניידל! און ער ווערט דורך דעם געהויבן, נתעלה! ער קומט צו שׂמחת מצווה! — אויס קניידלעך, ברודער, לאַך נישט!

ר' זרח איז מודה, אַז דער ענין איז טיף און לאָזט זיך הערן; ער אָבער עסט נישט קיין שרויה!

— האָסט דו הנאה פֿון מצוות...

— ווער האָט מצוות צו דער זעט? — שמייכלט ר׳ זרח. און גלאַט — ווו נעמט מען ציין צו די מצוות?

— ווי אַזוי דען ביסט דו מקיים „ושמחת בחגך״ בנוגע צום גוף?

— איך ווייס? אויב ראָזשינקע־וויין שמעקט אים — מילא! איך אַליין האָב ווילד הנאה פֿון דער הגדה. איך זיץ און זאָג, און צייל די מכּות, און צייל, און טאָפּל זיי און מאַך נאָך אַ מאָל אַ כּפֿל...

— מגושם!

— מגושם? פֿאַר אַזוי פֿיל צרות און ענויים קשים... פֿאַר אַזוי לאַנג גלות השכינה? איך מיין, מען דאַרף מאַכן אַ מנהג, מען זאָל זאָגן זיבן מאָל די מכּות, זיבן מאָל שפֿוך חמתך! דער עיקר — די מכּות; מחיה בין איך מיך מיט זיי! איך וואָלט נאָך געוואָלט עפּע־נען די טיר ביי די מכּות... זאָלן זיי הערן! וואָס האָב איך מורא? זיי פֿאַרשטייען דען לשון הקודש?

ר׳ שכנא שוויַיגט אַ ווייַלע, דערנאָך דערציילט ער כּהאי לישנא:

— הערסט, ביי אונדז האָט זיך געטראָפֿן אַזאַ מעשׂה. איך זאָל ניט זאָגן קיין גוזמא, אפֿשר אין צענטן הויז פֿון רבין, זכרונו לבֿרכה, האָט געוווינט אַ קצבֿ. איך זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ער איז שוין אויפֿן עולם־האמת, אַ מגושמער קצבֿ, אַ קצבֿ שבקצבֿים! אַ קאַרק ווי אַ שטיק אָקס, ברעמען ווי די באַרשטן און הענט ווי די קלעצער! הייַנט — אַ קול! אַז ער רעדט, דאַכט זיך, עס דונערט פֿון וויַטן, חייל שיסט! ער איז, דאַכט זיך, אַ בעלזער חסיד געווען.

— נו, נו... — ברומט ר׳ זרח.

— כ׳לעבן — ענטפֿערט ר׳ שכנא קאַלטבלוטיק — ער פֿלעגט דאַווענען מיט משונה־ווילדע העוויות, מיט אַלערליי אייבער־קולות און אונטער־קולות. ביי זיַין „תּזכּרו״ האָט זיך געדאַכט, אַז מען שפּריצט מיט וואַסער אויף פֿייַער!

— מוחל, מוחל!

— הײַנט זײַ דיר משער, וואָס פֿאַר אַ מהומה עס ווערט, אַז אַזאַ בחור זעצט זיך צו דער הגדה!... מען הערט יעדעס וואָרט בײַם רבין אין שטוב! מילא — אַ קצב, זעצט ער ווי אַ קצב; לאַכט מען אַרום טיש. דער רבי, זכרונו לברכה, קוים־קוים וואָס ער רירט מיט די ליפּן; מען זעט דאָך בחוש, אַז ער שמייכלט... שפּעטער אָבער, אַז דער „חתן־דגן" [1] האָט אָנגעהויבן ציילן די מכּות, אַז זיי האָבן אים אָנגעהויבן אַרויספֿליִען פֿון מויל ווי די קוילן, און ער זעצט נאָך דערבײַ אין טיש אַרײַן מיט אַ האַמער, אַז מען הערט, ווי די כּוסות קלינגען — איז דער רבי, זכרונו לברכה, אַרײַנגעפֿאַלן אין אַן אומעט, אין עצבֿות...

— אין עצבֿות — יום־טובֿ — פּסח? וואָס רעדסטו?

— מען האָט טאַקע געפֿרעגט!

— און וואָס האָט ער געענטפֿערט?

— דער רבונו של עולם אַליין — האָט ער געזאָגט — איז בײַ יציאת־מצרים אַרײַנגעפֿאַלן אין עצבֿות!

— ווו האָט ער עס גענומען?

— אַ מדרש! אַז די בני ישׂראל זײַנען אַריבער איבערן ים און דאָס וואַסער האָט פֿאַרדעקט און פֿאַרטרונקען פּרעה וכל חילו, האָבן די מלאָכים אָנגעהויבן זאָגן שירה. שׂרפֿים ואופֿנים זײַנען זיך צעפֿלויגן אין אַלע זיבן הימלען מיט אַ זמר, מיט אַ בשׂורה טובֿה! אַלע כּוכבֿים ומזלות האָבן אָנגעהויבן זינגען און טאַנצן! און די גלגולים — קאָנסט דיר פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ שׂמחה עס איז געווען: די טומאה איז אײַנגעזונקען געוואָרן! נאָר דער רבונו של עולם האָט אַלע אָפּגעשטעלט, פֿון כּסא הכּבֿוד האָט זיך געהערט אַ קול: מעשׂה ידי טובֿעים בים ואתּם אומרים שירה? — מײַנע קינדער טרינקען זיך אין ים, און איר פֿרייט אײַך און זינגט! וואָרעם פּרה וכל חילו, — דעם כּוח הטומאה אַליין, האָט אויך גאָט באַשאַפֿן... ורחמיו על כּל מעשׂיו, כּתיבֿ!

---

[1] דער דאָזיקער (ווילבאַקאַנטער).

— מילא! — זיפֿצט ר׳ זרח.
ער שווייגט אַ ווײַלע און דערנאָך פֿרעגט ער:
— אויב עס איז ווײַטער אַ מדרש, וואָס האָט ער אויפֿגעטאָן?
ר׳ שכנא שטעלט זיך אָפּ און זאָגט ערנסט:
— ערשטנס, בעלזער נאַר, איז קיינער נישט מחויבֿ מחדש צו זײַן: אין מוקדם ומאוחר בתּורה... דאָס אַלטע איז נײַ, דאָס נײַע איז אַלט... צווייטנס, האָט ער אונדז מגלה געווען דעם סוד, פֿאַר וואָס מען לייענט די הגדה, אַפֿילו די מכּות פֿון דער הגדה, מיט אַ טרויעריקן סיני־ניגון [2], וואָס איז טאַקע דורכגעגעצט מיט עצבֿות. און דריטנס, האָט ער מיט דעם פֿאַרטײַטשט אַ פּסוק: אַל תּשׂמח ישׂראל אֶל גיל כּעמים. מגושם, גראָב פֿריי זיך נישט! דו ביסט נישט קיין פּויער!... נשמה איז נישט קיין יידישע זאַך.

## קאָצקער ניגון



---

[2] אַ ניגון, וואָס איז בײַ אַלעמען אָנגענומען, פּאָפּולער.

יעקב פרידמאַן

# דער סאַסאָווער גייט מיט הקפות

שׂמחת־תּורה אין שול פֿלעגט דער סאַסאָווער, זכותו יגן,
זיך נוהג זײַן תּורה פֿאַר פּראָסטוואַרג צו זאָגן.

עמך גאַפּט, און דער סאַסאָווער דרשנט צום עולם:
איטלעכער טראָט קען ווערן אַ שטאַפּל צום רבונו של עולם.

קדוש, קדוש, קדוש! און ס'איז אין בחינה פֿון אַ כּהן־גדול
יעדער ייִד וואָס טוט עבֿודה מיט דראַטווע צי מיט נאָדל.

און פֿירט אַ וואַסערפֿירער וואַסער, זינגען מלאָכים אויפֿן וואָגן,
און טוען אויפֿן ייִדנס ברכות, ברוך־הוא, ברוך־שמו נאָכזאָגן.

קדוש, קדוש, קדוש... גאַפֿן בעל־מלאָכות.
נו, זאָגט דער צדיק, איצט קומט צו די הקפֿות!

גייט ער, טוט מיט פּראָסטוואַרג זיך אויסמישן.
זעט ער ייִדישע בתולות די הייליקע תּורות קושן.

שרײַט ער: אמת, ס'איז הייליק צו דער תּורה די אַהבֿה,
נאָר ס'איז דאָך הייליקער אַוודאי
אַ מכּה אויסצוזויגן אויף אַ קינדיש קעפּל...
און ער נעמט־אַרויס פֿון קאַפּטן אַ רויטבאַקיקן עפּל,
טוט־אָן אויף אַ פֿאָן אים, דערלאַנגט צו אַ ייִנגל,
וואָס שטייט אָפּגעשליסן, פֿאַרשעמט אין אַ ווינקל.

דאָס ייִנגל טוט אַ ציטער און לאָזט זיך דערפֿרייט מיטן פֿענדל,
און סע שעפּטשעט דער סאַסאָווער:
„מיר זאָל זײַן פֿאַר דײַן פֿאַרשמאָדערטן סטענדל!

ווי איז מיר פֿאַר אים...
ער האָט אויף יום־טובֿ אַפֿילו קיין שטיקל קאַפּאָטע״.

און ער זעט: סע זיצט בײַם כּיור דעם ייִנגעלעס טאַטע,
אַ ייִד אַ לאַטוטניק, פֿאַרנורעט אין ווינקל.
דערלאַנגט דער רבי אים די הקפֿה,
און אַליין נעמט ער דאָס ייִנגל.

„ילד־שעשועים״, זײַן פּנים טוט גלאַנצן.
און ער הייבט מיטן ייִנגל ווי מיט אַ תּורה אָן טאַנצן.

„אַ דאַנק פֿאַר דער הקפֿה, אַ דאַנק דיר, רבונו של עולם״.
און דער סאַסאָווער טאַנצט מיטן קינד,
און אַרום מיט ספֿרים — דער עולם.

פֿון בוך „פֿאַסטעכער אין ישראל״, תּל־אָביב 1953

צבי כהן

# שטורמישע דורות

אַ פראַגמענט פון היסטאָרישן ראָמאַן

ווען דער טיראָווצער מגיד איז געקומען, האָט ער נישט גע־וווּסט, וואָס צו טאָן מיט ר׳ נחמנען. ער האָט אים אַזוי געלויבט, אַזוי געגרויסט, אַז ער האָט אים געמאַכט פֿאַרן גרעסטן צדיק הדור, און אַפֿילו אים גענומען אײַנריידן, אַז אַזוי ווי אין יעדן דור ווערט געבוירן משיח, איז ער אפֿשר דער משיח פֿון דור. ר׳ נחמנס שטאַר־קע פֿאַנטאַזיע האָט מער נישט געדאַרפֿט און ער האָט שוין אויך אָנגעהויבן צו טראַכטן פֿון זיך ווי פֿון גרעסטן צדיק הדור... ר׳ נחמן האָט איצט געזאָגט אַ סך תּורה, אין וועלכער ער האָט דאָס

אַרויסגעזאָגט, און דער טיראָוועצער האָט דערצו צוגעבאָמקעט. אַזוי האָט אויפֿן פּסוק „דור דור ודורשיו“ ר׳ נחמן געזאָגט צום טיראָווער: „למשל, איר זענט דער דור און איך בין דער דורש פֿון דור“.

בײַ דער פֿרײַטיק־צו־נאַכטיקער סעודה האָט ר׳ נחמן אָנגענומען דעם טיראָוועצער בײַ דער האַנט און געזאָגט וועגן זיך אַליין: „זאָגט, טיראָוועצער מגיד, איז עס נישט אמת, אַז אַזאַ חידוש ווי איך איז נאָך גאָר אויף דער וועלט נישט געווען?“. דער טיראָוועצער האָט אים דערויף געענטפֿערט: „מסכּים! כ׳שטים־צו דערצו!“.

ר׳ נחמן איז באַלד דערנאָך אַרויסגעקומען מיט לשון:

— די וועלט דאַרף שטאַרק בעטן פֿאַר מיר, מחמת די וועלט דאַרף מיך זייער שטאַרק האָבן. איך דאַרף די וועלט נישט, אָבער די וועלט דאַרף מיך יאָ. זי קען זיך אָן מיר נישט באַגיין, און נישט נאָר די וועלט, נאָר אַפֿילו אַלע רביים, אַלע צדיקים — אַלע דאַרפֿן מיך, ווײַל וואָס זײַנען זיי קעגן מיר? — גאָר נישט. איך דאַרף זיי אַלע מחזיר למוטב זײַן!

בײַ דער שבת־בײַטאָגיקער סעודה האָט ר׳ נחמן אַזוי געזאָגט:

— ווען איך וואָלט געוואָלט מגלה זײַן ווער איך בין, וואָלט די גאַנצע וועלט נאָך מיר געלאָפֿן. איך וויל עס אָבער נישט טאָן.

אַ ביסל שפּעטער האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אַמאָל געמיינט, אַז דאָס, וואָס איך טראַכט, אַז קיינער איז נישט אַזאַ צדיק ווי איך און קיינער קען נישט אָנפֿירן מיט דער וועלט אַזוי ווי איך, איז נישט מער ווי גאַוהדיקע רייד, וואָס דער יצר־הרע טראָגט מיר אונטער. איצט אָבער ווייס איך קלאָר, אַז דאָס איז נישט פֿון יצר־הרע, נאָר עס איז דער ריינער אמת. איך בין טאַקע דער אײנציקער מנהיג הדור! עס איז נישטאָ קיין אַנדערער! עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ מנהיג ווי איך בין.

און צו שלוש־סעודות האָט זיך שוין זײַן פֿאַנטאַזיע גאָר צעשפּילט און ער האָט געזאָגט צו אַלעמען:

— אַלע טובֿות, וואָס משיח קען טאָן פֿאַר ייִדן, קען איך אויך

טאָן. דער חילוק איז נאָר, וואָס ער וועט גוזר זײַן און עס וועט מקוים ווערן, און איך...

דאָ איז אַרײַנגעקומען שאָשע און אַרײַנגעבראַכט פּיש פֿאַר אַלעמען, און ווי ער האָט זי דערזען, האָט ער מער גאָר נישט געזאָגט.

זונטיק אין דער פֿרי, ווען דער טיראָווצער און זײַן איידעם האָבן זיך געזעגנט מיט ר׳ נחמנען, האָט דער טיראָווצער צו אים געזאָגט:

— פֿאַר וואָס ליגט איר אין אַזאַ העק? איר קענט דאָך פֿאַרשײַנען אַ וועלט! קומט אין מײַן געגנט, באַזעצט זיך אין קיעווער גובערניע אָדער אין כערסאָנער גובערניע, וועלן מיר דאָך זײַן שכנים און אַלע וועלן וויסן פֿון אײַך.

ר׳ נחמנען זײַנען די ווערטער אַרײַן אין קאָפּ. אָבער ווען ר׳ נחמן האָט שפּעטער געזאָגט שאָשען, אַז ער האָט בדעה זיך צו ציען אין אַ שטעטל, אין קיעווער גובערניע, איז זי געוואָרן אויסער זיך און האָט אים געזאָגט, אַז זי וועט פֿון דאַנען זיך נישט רירן... יעדנפֿאַלס וועט זי פֿריער עס איבעררײדן מיט איר טאַטן... שאָשע האָט געהאַט אַ גוטן טעם דערויף. זי האָט קיין מאָל נישט געוואָלט אַוועקפֿאָרן ווײַט פֿון איר פֿאָטער, ר׳ אפֿרים, ווײַל אויב עס האָט איר אויסגעפֿעלט געלט, איז זי אַרײַנגעגאַנגען צום טאַטן און בײַ אים עפּעס געכאַפּט. זי האָט אויך געקענט אַרײַנגיין צום טאַטן און זיך גוט אויסווײנען פֿאַר אים אויף איר ביטערן מזל בײַ ר׳ נחמנען, וואָס העלפֿט דער גאַנצער וועלט און פֿאַרגעסט אין איר און אין די קינדער... זי האָט אויך געקענט בעטן איר טאַטן, ער זאָל אַכטונג געבן אויף די קינדער און זיי מגדל זײַן, וואָרעם ר׳ נחמן האָט פֿון גאָר נישט געוואָלט וויסן. ער איז געווען אַ מענטש פֿאַר זיך אַליין... אַרײַנגעטאָן נאָר אין זיך, געטראַכט בלויז פֿון זיך און געלעבט נאָר פֿאַר זיך... קינדער דאַרפֿן אָבער אַ טאַטן... און ר׳ נחמן וויל פֿון גאָר נישט וויסן. נישט וואָס זי זאָגט און נישט וואָס די קינדער זאָגן. אויב אים פֿאַלט עפּעס אײַן, מוז עס שוין

זײַן... גראָד לעצטנס, זינט שאָשע האָט זיך מיט אים געקריגט, איידער זיי זײַנען געפֿאָרן צו דער חתונה, איז ער געווען אַ ביסל בעסער צו איר און צו די קינדער. אָבער דער מגיד האָט אים שוין צוריק דעם קאָפּ פֿאַרדרייט... זינט ער איז אַוועקגעפֿאָרן איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש... ער רעדט נישט אַרויס צו איר קיין וואָרט... גייט־אַרום אָנגעבלאָזן, און אַז ער זאָגט עפּעס, איז עס מיט רוגזה, שרײַט און בייזערט זיך. דאָ האָט זי איר טאַטן. און אַפֿילו פֿריידל, זײַן נײַ ווײַב, איז אויך גוט צו איר. דאָרטן אָבער — ווען וועט זי האָבן?... צו וועמען וועט זי קענען גיין, אויב חלילה ער וועט איר נישט געבן קיין געלט?... און ווער וועט אַכטונג געבן אויף די קינדער?... זי אַליין קען נישט... עס מוז זײַן אַ מאַן, אַ טאַטע, אַ זיידע, אַ פֿעטער, אָבער נישט קיין אישה... פֿאַר איר האָבן זיי קיין דרך־ארץ נישט... און בכלל, פֿאַר וואָס טויג נישט דאָ? ער איז שוין דאָ אָנגעזען, קריגט פֿון דער קהילה אַ שיינע מטבע אַ וואָך... פֿאַר וואָס לויפֿן אַנדערשוווּ?

ר׳ נחמן האָט איר נאָכגעגעבן. ער האָט געוווּסט, אַז בײַ ר׳ אפֿרימען וועט ער אַלץ פּועלן, און ער דאַרף דאָך באַלד קומען. העכסטנס, נאָך אַ וואָך, נאָך די שבֿע ברכות. עס קען זײַן, אַז ער וועט קומען נאָך פֿריִער.

ר׳ נחמן האָט שוין איצט געטראַכט, אַז ער וועט בקרובֿ אָנהייבן צו פֿירן רביסטוואָ ביד רמה... וואָרעם אויב דער טיראָווצער, וואָס אַלע בוקן זיך צו אים, קומט צו אים און זאָגט אים אַזעלכע רייד — טאָ וואָס זײַנען שוין אַלע אַנדערע?... אָבער פֿאַר וואָס קומען זיי, די אַלע אַנדערע רביים, נישט צו אים? זיי ווייסן דאָך יאָ ווער ער איז!... זיי ווייסן דאָך, אַז קיינער קען זיך נישט פֿאַרגלײַכן צו אים, ובפֿרט נאָך נאָכדעם ווי ער איז געווען אין ארץ־ישׂראל און האָט זוכה געווען, עס זאָל דאָרטן אויף אים רוען די שכינה... פֿאַר וואָס קומען זיי נישט, די רביים, איינער און איינער, צו אים? דאָס ווײַזט, אַז זיי זײַנען קליינע מענטשעלעך, וואָס האַלטן זיך פֿאַר גרויסע... ער וועט אָבער זיי ווײַזן, ווער עס

איז באמת גרויס! ער וועט באַלד אויפֿשײַנען ווי די זון גייט־אויף אין דער פֿרי, אָבער נישט דאָ, אין מעדוועדעווקע... „לך לך מאַרצך“, האָט גאָט געזאָגט צו אַבֿרהמען, און ער מוז אויך אַוועק־פֿאָרן... ער וועט וואַרטן ביז אפֿרים וועט קומען. אָבער קיינער וועט נישט מאַכן אַנדערש... ער מוז איצט אַרויס אין דער וועלט, אַז אַלע זאָלן וויסן ווער ער איז...

1959

אַביעזר בורשטין

# אַ פֿיש

ווער עסט עס פֿיש אין מיטן דער וואָך? אַ נאַשער, אַ פֿרעַ־סער, אַן אָנזעצער אָדער, למשל, להבֿדיל, אויף אַ סעודת־מצווה און אין די נײַן טעג, ווען מען טאָר נישט עסן פֿלייש. אַזוי עסט אַ ייִד פֿיש נאָר שבת. די גמרא רעכנט־אויס אַ סך טעמים, פֿאַר וואָס עס איז גוט צו עסן פֿיש: עס איז געזונט פֿאַר די אויגן; גוט פֿאַר קינדער האָבן; היט פֿון עין־הרע; אַ פֿרוי וואָס טראָגט און עסט פֿיש האָט באַחנטע קינדער, און „דג“ באַטרעפֿט זיבן, וואָס איז אין קבלה אַ חשובֿע ציפֿער. אַפֿילו אין דער תורה אַליין שטייט, אַז בשעת ייִדן זײַנען געגאַנגען אין מדבר האָבן זיי נישט געקאָנט פֿאַר־געסן דאָס גוטע שטיקעלע פֿיש, ווי דער פּסוק זאָגט: „זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים“ [1].

אָבער דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן שבת. ווען מען מאַכט פֿרײַער קידוש אויף אַ גוט גלעזעלע ווײַן, און דערנאָך שווענקט מען אָפּ דעם האַלדז מיט אַ שאַרף ביסל משקה, האָט אַ שטיקעלע פֿיש אין מיטן — טוויזנט טעמען און זיבן חנען. אָבער אין דער וואָכן,

---

[1] במדבר, י״א, ח׳.

ווען מען איז פֿאַרהאָרעוועט און פֿאַרשמײַעט אין געשעפֿטן, אַלץ גייט כאַפּ־לאַפּ, טאָ וואָס פֿאַר אַ טעם קען האָבן פֿיש? אַדרבא, מען קאָן זיך נאָך, חלילה, קרעקן מיט אַ ביין אין האַלדז אויך...

דאָך איז געווען אַ מעשׂה, ווען חסידים האָבן געגעסן פֿיש אין סאַמע מיטוואָך. נאָר לאָמיר דערציילן די מעשׂה מיט אַ סדר.

די זשיטאָמירער חסידים האָבן אַ מאָל אײַנגעלאַדן דעם רבין ר׳ ברוכל פֿון מעזשיבוזש, ער זאָל קומען קיין זשיטאָמיר אין אַ פּראָסטן וואָכנטאָג. געוויינטלעך האָבן די חסידים צוגעגרייט לכּבֿוד דעם רבין אַ גוטע סעודה מיט יויך, פֿלייש און צימעס, אַזוי ווי עס איז נהוג בײַ גוטע־ייִדן. אָבער דער רבי ר׳ ברוכל האָט פֿאַר־לאַנגט, אַז מען זאָל צוגרייטן פֿיש אויך. אין מיטן דער וואָך פֿיש איז אַ שטיקל חידוש, אָבער אַז דער רבי זאָגט, איז דאָך ניט שייך. האָט מען געקויפֿט אַ העכט פֿון אַ צען פֿונט די וואָג. דער רבי אַליין האָט געזאַלצן דעם פֿיש, ווי די גמרא דערציילט, אַז דער אַמורא רבא האָט יעדן פֿרײַטיק פֿאַרמאַכט די גמרא און האָט אַליין געזאַלצן דעם פֿיש לכּבֿוד שבת. בשעת־מעשׂה האָט מען געזען באַ־שײַמפּערלעך, ווי דער רבי האָט גרויס שׂמחה מיט דעם פֿיש, כאָטש עס איז אין מיטן דער וואָך. קיינער האָט אָבער נישט גע־ווּסט פֿאַר וואָס.

אין אָוונט, בײַ דער סעודה, האָט מען יעדן מכבד געווען מיט אַ גרויסער פּאָרציע פֿיש. דער עולם האָט געגעסן מיט הנאה. דער־נאָך האָט דער רבי געטיילט „שיריים" פֿון זײַן פּאָרציע פֿיש. מען האָט נאָכגעטרונקען אַ גלעזעלע „לחיים", און דער רבי ר׳ ברוכל האָט, אַנשטאָט תּורה זאָגן, דערציילט אַזאַ מעשׂה.

מיט יאָרן צוריק איז געזעסן אין זשיטאָמיר אַ יונגער־מאַן, וואָס איז פֿול געווען מיט תּורה און חכמה ווי אַ מילגרוים. אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ שאַרפֿן, ווי אַ שבת־מעסער. דאָך האָט ער זיך געיאָגט רק נאָכן אמת. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין פּילפּולים מיט דרייענישן, נאָר פּשוט פּשט; וואָס דער תּנא האָט געזאָגט און ווי דער אַמורא האָט מפֿרש געווען. דערצו האָט ער געלערנט די תּורה

בקדושה ובטהרה. יעדן טאָג געגאַנגען אין מקווה אַרײַן. נישט צו־געלאָזט צום מוח שלעכטע געדאַנקען, נישט קיין קנאה, נישט קיין שנאה, נישט קיין לשון־הרע. טאָמער האָט ער געהערט אַ חידוש, האָט ער נאָכגעזאָגט אין יענעמס נאָמען, ווי די חכמים זאָגן, אַז מען זאָגט נאָך דברי־תורה אין יענעמס נאָמען, איז מען מקרב די גאולה.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ יונגער־מאַן לערנט תורה לשמה מיט קדושה און טהרה, האָט עס אויבן, אויפן הימל, געמאַכט אַ גרויסן רושם. געוועזן שׂהען, ווען פמליא־של־מעלה האָט אַוועקגעלייגט אַלע געשעפטן און זיך אײַנגעהערט צו דער הייליקר תורה פון דעם דאָזיקן טײַערן יונגן־מאַן.

אַז דער שׂטן האָט געזען אַזאַ „צרה“, האָט ער גענומען ציטערן מיט אַלע ביינער. ווער ווייסט! דער יונגער־מאַן קאָן דאָך „חלילה“ אַראָפּברענגען די גאולה פון הימל... איז געגאַנגען דער שׂטן און געבעטן רשות פון אייבערשטן, אויסצופּרוּוון דעם יונגן־מאַן, און ער האָט גענומען צוטראַכטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַראָפּצופירן דעם יונגן־מאַן פון וועג.

אַוודאי וועט דער שׂטן נישט צוגיין צו אַזאַ יונגן־מאַן און אים אָנריידן צו אַן עבירה. ער וואָלט דאָך אים אָנגעשפּיגן אַ פול פּנים. טאָ וואָס האָט ער געטאָן? קודם־כל האָט ער מפורסם געמאַכט אין שטאָט, אַז דער יונגער־מאַן איז אַ גרויסער למדן און צדיק, און אַז די שטאָט איז מחויב צו האַלטן אים בכבוד־גדול. ער האָט אָנגערעדט די שטאָטלײַט, אַז מען זאָל אויפשטיין פאַר אים, ווען ער קומט אין שול און גייט פון שול. זײַן ווײַב האָט געהאַט אַ בשׂמים־קלייט אין מאַרק, האָט ער גענומען איר אָנשיקן קונים אָן אַ סוף. די אָרעמע פרוי האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט צו באַדינען די קונים, וואָס האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. האָט זי איין מאָל געבעטן איר מאַן, ער זאָל איין שעה אין טאָג צוהעלפן צום מסחר. תחילת האָט ער נישט געוואָלט הערן. וואָס הייסט! ביטול־תורה? אָבער ווײַבער ווייסן שוין די גוטע מינוט, ווען מען קאָן

בײַם מאַן אויסבעטן אַל דאָס גוטס. מילא, האָט ער שוין מסכּים געווען נאָר אויף איין שעה און ער איז אויפגעשטאַנען יעדן טאָג אַ שעה פריִער. דערווײַל איז דאָס געשעפט געוואַקסן, צוגעקומען נאָך קונים, ייִדן און גויים. דער יונגער־מאַן האָט שוין געמוזט העלפן דעם ווײַב צוויי שעה אַ טאָג, דערנאָך — דרײַ, פיר. ער איז דערווײַל שטאַרק רײַך געוואָרן. געגעסן מעדנים און אָנגעטאָן בגדי־מלכות. ביסלעכווײַז איז ער אַרויס פון לערנען און אַרײַן אין מסחר. עס האָט זיך געעפנט אַ נײַע וועלט פאַר אים. ער איז שוין געפאָרן קיין קיִעוו און קיין אָדעס אײַנקויפן סחורה. ער האָט זיך באַקאַנט מיט הפקרדיקע וואַרשעווער און פרײלעכע סוחרים־כאַ־ליאַסטרעס. ער האָט זיי געהערט ריידן געמיינע רייד. תחילת האָט עס אים געגרילצט אין אויער. דערנאָך האָט ער זיך צוגעוווינט און אַליין גענומען ריידן ניבול־פּה. די חכמים זאָגן, אַז ווער עס איז פוגם אין „ברית־לשון", איז אויך פוגם אין אַנדערן „ברית". סוחרים האָבן אים אָנגערעדט, איז ער אויך מיטגעגאַנגען. בקיצור, דער יונגער־מאַן האָט עובֿר געווען אַ שאָק עבֿירות יעדן טאָג, און דער יצר־הרע האָט זיך געפּאַטשט אין גראָבן בויך: אָט האָב איך דעם יונגן־מאַן געפּאַקט אין מײַנע קלעשטשעס, ער וועט שוין פון מײַנע הענט נישט אַרויס...

אַ מאָל האָבן אַ חבֿרה אָדעסער סוחרים אײַנגעאָרדנט אַ באַל אין אַ פּריצישן הויף מיט מוזיק און געזאַנג, טענצערינס און זינ־גערינס, עסן און טרינקען, אוודאי, נבֿלות וטרפֿות. זיי האָבן דעם יונגן־מאַן פון זשיטאָמיר אויך אײַנגעלאַדן צו דער חגיגה[2]. ער האָט אויסגעזוכט אַ תּירוץ פאַרן ווײַב, אַז ער פאָרט קויפן סחורה, ער האָט אײַנגעשפּאַנט די קאָטש און געפאָרן.

עס איז שוין געווען אלול־צײַט. דער הימל פאַרכמורעט. אַ בײַסיק בייז ווינטל האָט געפּליקט די לעצטע פאַרגעלטע בלעטער פון די ביימער אַראָפּ. דעם יונגן־מאַן איז געוואָרן סומנע אויפן

[2] הוליאַנקע (שמחהלע).

האַרצן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין די פֿאַרגעלטע גמרא־בלעטער. שוין לאַנג נישט געטראַכט פֿון זיי. עפּעס גאָר אַן אַנדער לעבן געווען אַמאָל. טאַקע שטיל, רויִק, אָבער — אינערלעכע פֿרייד און תמימות. אַ לעבן פֿון הידוש און שאַפֿונג, און טאַקע אמת אויך. ווען האָט ער אַ מאָל געזאָגט ליגן זײַן ווײַב? הײַנט לײַגט ער איר, וויפֿל עס לאָזט זיך. אַ מאָל איז זיך אַלץ געפֿלאָסן ווי אַ רויִק טײַכל, נישט געפֿילט ווי די צײַט לויפֿט. הײַנט יאָגט ער זיך נאָך תּאַוות, קען זיי קיין מאָל ניט זעטיקן. אָט ווײַזט זיך שוין אַ גרויע האָר אין שלייף — מען ווערט עלטער... ער האָט זיך אָפּגעשאָקלט ווי פֿון אַ בייזן חלום. די קאָטש איז אַרײַנגעפֿאָרן אין אַ ייִדיש שטעטל. עס איז שוין געווען פֿאַרנאַכטלעך, איז ער צוגעפֿאָרן צו אַן אַכסניה נעכטיקן. עפּעס האָט ער געזען, ווי אַלעמענס פּנימער זײַנען פֿאַרטרויערט. ער האָט זיי געפֿרעגט די סיבה. האָבן זיי אים דערציילט אַז דער פּריץ האָט הײַנט אַרעסטירט דעם פּאַכטער מיט זײַן פֿרוי און קינדער פֿאַר אַ חובֿ פֿון הונדערט רענדלעך. אַ טײַערער ייִד, דער פּאַכטער, מיט אַ קראַנק ווײַב, און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי אויסלייזן פֿון גוייִשע הענט.

עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ גרויס רחמנות אויף דער אָרעמער ייִדישער משפּחה. אָט גייט ער אויסגעבן הונדערט רענדלעך פֿאַר זײַנע תּאוות — בעסער וואָלט ער ראַטעווען די ייִדישע משפּחה. דער פּאַכטער איז אים געפֿאַלן צו די פֿיס און געקושט די קנעכל. די חכמים זאָגן, אַז אַ מצווה שלעפּט נאָך אַ מצווה. דעם יונגן־מאַן האָט אַרומגעכאַפּט אַ רוח פֿון תּשובֿה. ער האָט זיך דערמאָנט אין די ימים־נוראים. ער איז אַרײַן אין שטעטלשן בית־מדרש, געדאַוונט מיטן מנין, נאָך יאָרן נישט דאַוונען. דאָס האַרץ האָט זיך אים איבערגעקערט צו ייִדישקייט. צו מאָרגנס האָט עס אויסגעדרייט דעם דישל און איז אַהיים געפֿאָרן.

אַ גאַנצן וועג אַהיים האָט ער אַרײַנגעטראַכט אין זײַנע עבֿי־רות, צווישן זיי אַזעלכע וואָס עס העלפֿט נישט קיין תּשובֿה. ער האָט דאָך געקאָנט לערנען, האָט ער געוווּסט, וואָס עס טוט זיך. עס

איז אים ענג געוואָרן אין מוח. וואָס וועט ער טאָן? וווהין וועט ער אַוועקפֿירן זײַן חרפּה? ווען ער וואָלט כאָטש געקענט זיך אַליין אויספּאַטשן און שמײַסן זיך מיט אײַזערנע ריטער — וואָלט ער עס גערן געטאָן...

די קאָטש איז אַרויסגעפֿאָרן אויפֿן דניעסטער־ברעג. די טײַכ־ וועלן האָבן זיך געמיניעט ווי די טויזנט אויגן פֿון מלאך־המוות. אָט האָט זיך געעפֿנט אַ כוואַליע — אַזוי ווי זי רופֿט אים. ער איז ראָפּ־ טעם אַראָפּ פֿון קאָטש, אַריבער די באַריערע פֿון בריק און האַסטיק אַרײַנגעשפּרונגען אין טײַך...

די חסידים בײַם טיש זײַנען געזעסן ווי פֿאַרגליווערט, מיט אָפֿענע מײַלער. און דער רבי ר׳ ברוכל האָט פֿאַרגעזעצט:

— אַז די נשמה פֿון יונגן־מאַן איז געקומען אין הימל, האָט מען געוווגן זײַנע מצוות און עבֿירות. שלעכט! שווער, גראָבע עבֿי־ רות ווענן מער ווי מצוות. אָבער דאָך, ער האָט דאָך געראַטעוועט אַ ייִדישע משפּחה. האָט בית־דין של מעלה באַשלאָסן: נישט גיהנום און נישט גן־עדן, נאָר ער זאָל מגולגל ווערן אין אַ פֿיש פֿון דעם זעלביקן טײַך. אַז דער פֿיש וועט אַ מאָל אַרויפֿקומען אויף אַ ייִדישן טיש, ווו מען וואַשט זיך צו „שאו ידיכם" און מען מאַכט אַ ברכה אויפֿן עסן — וועט ערשט די נשמה האָבן איר תּיקון...

דער רבי ר׳ ברוכל האָט אויפֿגעהויבן דעם כּוס משקה און געזאָגט צום עולם:

— טרינקט, ייִדן, לחיים! לאָמיר מתפּלל זײַן פֿאַרן תּיקון פֿון דעם אומגליקלעכן יונגן־מאַן און פֿאַרן תּיקון פֿון אַלע פֿאַר־ בלאָנדזשעטע ייִדישע נשמות...

פֿון בוך „חסידים דערציילן", תּל־אָבֿיב 1976

## משיח

דו וויל נאָר און זע, ווי עס ברענט זיך דיין מאָרגן, און גלייב אין זיין קומען.
דו קום נאָר אַהער צו מיין אָפּענעם פענצטער אין שווייגן, איך פֿרומען,
און קוק דורכן נעפּל פֿון וואַנדער־אָנבלערונג, און גלייב דיינע אויגן,
און זע ווי ער האָט אין זיין אינערער תּפֿיסה די גראַסטע געבויגן.
און גלייב אין זיין קומען!

און זעסטו אין שטאָל אים געקאָוועט, זיין האַרץ איז מיט דיר דאָך פֿאַרבונדן.
אָפּ־אָט און זיין איבערקע גבֿורה וועט אַרבעטיק איך אים זיך צעברומען,
און אויפֿפּרייסלען וועלן די הערצער, וואָס האָבן זיין ברומען פֿאַרגעסן,
און אויפֿלעבן וועלן די ביינער, וואָס זיינען צעשפּרייט און צעפֿרעסן.
און גלייב אין זיין קומען!

מיט רחמים און טרייסט אין זיין בליק וועט ער קומען צו אונדז פֿון דער ווייטן
און אויפֿקלייבן וועט ער אונדז, קינדער געפּלאָגטע פֿון אַלערליי צייטן,
און ברענגען וועט ער אונדז דעם חלום פֿון אונדזערע ייִדישע און באָבעס
און אומקערן וועט ער צוריק אונדז אין הייליקן לאַנד פֿון די אָבֿות.
און גלייב אין זיין קומען!

בײַ דער זיינס פֿון אַ אוראַלטן באַרג שטייט זיין ווילדווילדער פֿערד אָנגעצאַמט,
אָט־אָט און איך זאָג פֿון זיין טראָט וועט די ערד אונטער אים אָנגעצונדן.
דו וויל נאָר! און הער, ווי עס קראַכט די קייטן, וואָס רייסן זיך איבער,
און הער, ווי עס הילכט דאָס ווילדווילדע פֿערד צו זיין אייגענעם גיבור.
און גלייב אין זיין קומען!

מ. באַסין

נױ־יאָרק 1916

שמשון אַפּטער

# דעם רבינס יאָרצײַט

אין דעם גרויסן מעזשיבוזשער בית־מדרש איז אין יענעם זו־מערדיקן נאָכמיטאָג געווען אַ נישט־געוויינלעכע שטילקייט. די שטענדיקע לערנערס, די בחורים פֿון דער ישיבֿה „דרכי נועם“, האָבן אין יענעם טאָג נישט געלערנט. מיינסטנס פֿון זיי זײַנען אַוועק צום אוהל פֿון רבין ר׳ מאירל, וואָס געפֿינט זיך בײַם אַרײַנגאַנג צום אַלטן בית־עולם. די לאַנגע טישן מיט די אָפּגעריבענע שווערע בענק זײַנען געשטאַנען ליידיק. די ספֿרים מיט רוקנס פֿון גרויען לײַוונט און פֿון ברוינעם אָפּגעריבענעם לעדער אין די גרויסע אָפֿענע שענק האָבן אַרונטערגעקוקט פֿאַרלאָזט צום אויסגעליידיקטן בית־מדרש. בלויז דאָ און דאָרט זײַנען געזעסן עטלעכע בחורים, גרויסע מתמידים, פֿאַרטיפֿט אין לערנען.

אין אַ זײַט איז געזעסן דער גרויסער עילוי ר׳ אלימלך, ר׳ נתן שוחטס איידעם, און זיך געוויגט איבער אַ יורה־דעה. זײַן אויסגעע־מאָרעט פּנים מיט דעם שוואַרצן בערדל מיט די נאָכהענגענדיקע גלעקלדיקע פּיאות איז געווען אויסגעבלייכט ווי נאָך אַ לאַנגן תּענית, ער האָט זיך געוויגט הין־און־צוריק מיט אַן אימפּעט, ווי ער וואָלט זיך געראַנגלט מיט זײַנע שווערע רעיונות.

בײַם גרויסן בעלעמער מיט דער טונקל־בלויער סאַמעטענער איבערדעק איז געשטאַנען ר׳ משה־יצחק, דער אייביקער פּאַסטער. ער איז געווען אָנגעטאָן אין טלית־און־תּפֿילין, פֿאַרהילט איבערן קאָפּ, ווו עס האָט זיך אַרויסגעזען זײַן אויסגעדאַרט לענגלעך פּנים מיט דער שיטערער צעקנייטשטער באָרד.

בײַם סאַמע טיר, נעבן פּאָליש, איז געזעסן משה־יצחקס זינדל אַרקע מיט זײַן פֿרײַנד זײַנוועלע קראָליק. נעבן זיי, אויפֿן טיש, איז געלעגן אַ שטויס מיט ספֿרים, וואָס האָט זיי כמעט ווי פֿאַר־שטעלט, זיי האָבן זיך מכּלומרשט געוויגט איבער אַ גמרא, אָבער

אונטערן טיש האָבן זיי קונציק געשפּילט אין קערטלעך. זיי האָבן אַ ווײַלע זיך פֿאַרגעסן ווו זיי געפֿינען זיך און זיך גענומען אַמפּערן. דער רויט־פּנימדיקער אַרקע — מער געראָטן אין זײַן מאַמען, די קאַלך־הענדלערקע, איידער אין זײַן טאַטן משה־יצחק — האָט זיך גענומען היצן קעגן זײַן פֿרײַנד זײַנוועלע קראָליק, וואָס האָט בײַ אים כסדר געוווּנען. זײַנוועלעס פּרום בלייך פּנימל מיט די בלויע קלאָרע אויגן האָבן געקוקט קאַלט, גזלניש, און בײַ אים צוגענומען די קופּערנע מטבעות. פֿון זייער אַמפּערן זיך האָט זיך בײַם בעלפֿער אויפֿגעכאַפּט ר׳ משה־יצחק פֿון זײַנע רעיונות און מיט שרעק זיך אַרומגעקוקט. ער האָט מיט גרויס ווייטיק אַ ברום געטאָן צום זון.

— נו! נו, ביטול־תּורה? אוי, טאַטע זיסער אין הימל!

די צוויי יינגלעך האָבן מיט שרעק באַהאַלטן די קוויטלעך און מיט אַ שטיל געזאַנג גענומען לערנען.

דער אויסטערלישער געברום פֿון ר׳ משה־יצחק האָט אויך מיך אויפֿגעוועקט פֿון פֿאַרגליווערטקייט, איך בין געזעסן איבער אַ ספֿר אָבער גאָר נישט געלערנט. מײַנע אויגן האָבן געקוקט שטאַר איבער דעם ליידיקן בית־מדרש, אין מײַנע אויערן האָט געקלונגען דאָס אײַנגעהאַלטענע שטילע געוויין פֿון מײַן מאַמען. איך האָב געזען דאָס פֿאַרטרויערטע פּנים פֿון מײַן טאַטן. מײַן יונג ברודערל חיימל איז שוין עטלעכע וואָכן קראַנק. מײַן טאַטע האָט אים שוין געהאַט צוגעגעבן נאָך צוויי נעמען: יחיאל־מאיר, אַבי צו פֿאַרטומלען די שדים, די נישט־גוטע, וואָס ווילן צונעמען זײַן יונגע נשמה. אפֿשר וועט ער געראַטעוועט ווערן אין זכות פֿון רבין ר׳ מאירל, דעם גרויסן צדיק, וואָס ליגט אויפֿן היגן בית־החיים, וואָס אַ גאַנצע וועלט יידן קומען אויף זײַן קבֿר צו זײַן יאָרצײַט.

איך האָב געדאַרפֿט גיין ווי אַלע בחורים לייגן אַ קוויטל אויף זײַן קבֿר אָדער אפֿשר נאָך מער קען העלפֿן מײַן התמדהדיק לערנען. האָב איך זיך גענומען וויגן איבערן ספֿר.

אָבער מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט פֿון דרויסן אַ טומל. די

טיר פֿון בית־מדרש האָט זיך געעפֿנט און דרײַ װײַבער זײַנען מיט אַ ליאַרעם־געשריי אַרײַנגעקומען. אַלע דרײַ װײַבער זײַנען געװען פֿאַרהילט איבער די קעפּ, דאָך האָב איך גלײַך דערקענט, אַז דאָס זײַנען מײַנע צװיי מומעס, די מומע פּעסל און די מומע שפּרינצע, און די באָבע אסתּר. די מומע פּעסל, אַן עקרה מיט אַן אײַנגעד־רונצלט געלבלעך פּנים, איז געלאָפֿן פֿאָרויס מיט אַ געניטשאַפּט, װי זי װאָלט שוין דאָ פֿיל מאָל געװען. זי איז צו צום אָרון־קודש, אָפּגעדעקט דאָס פּרוכת און מיטן פּנים צוגעפֿאַלן צו די האַלב־אָפֿענע טירלעך, און מיט אַ פֿאַרביטערט יאָמערלעך געװיין גענומען בעטן:

— רחמים, דאָס קינד חיימל־יחיאל־מאיר דאַרף רחמים! אין זכות פֿון זײַנע קינדער, װאָס באַגערן צו לערנען דײַן תּורה, נעם אים נישט צו פֿון אונדז!

די הױכע מומע שפּרינצע און די שװער־באַלײַבטע באָבע אסתּר האָבן מיטגעשאָקלט מיט די קעפּ און מיט פֿאַרװיינטע פּני־מער שטיל מיטגעקלאָגט.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פֿאַרגראָבן אין ספֿר. איך בין געװען צעבראָכן פֿון דעם, װאָס מײַן ברודערל איז אַזױ שלאָף, אַז ער דאַרף רחמים. איך האָב זיך אױך געשעמט, װאָס אַלע האָבן געזען אונדזער אומגליק.

די דרײַ װײַבער האָבן שטיל, מיט גרױס דרך־ארץ אַרױסגע־שלײַכט פֿון בית־מדרש מיט דעם געפֿיל, אַז זיי האָבן עפּעס אױס־געפּועלט צו העלפֿן מײַן קראַנק ברודערל.

נאָך זייער אַװעקגיין האָט זיך זײַנװועלע קראָליק אָפּגעריסן פֿון זײַן חבֿר אַרקע און צוגעקומען צו מיר. ער האָט זיך אַװעקגעזעצט געבן מיר, מיך באַטראַכט מיט זײַנע קאַלטע, בלױע אױגן.

— האָסט מיר גאָר נישט געזאָגט, אַז דײַן ברודערל איז אַזױ שלאָף? אפֿשר האָסטו מיט עפּעס געזינדיקט? דערמאָן זיך און טו תּשובֿה! — האָט ער שטרענג־פֿעריש געזאָגט און מיך דורכגעשפּיזט מיט זײַנע דורכדרינגלעכע בליקן.

איך האָב טיף און שװער אָפּגעזיפֿצט:

— איך ווייס נישט, ווען איך האָב געזינדיקט, אפשר במחשבה?

איך האָב זיך גלייך דערמאָנט, אַז נעכטן אין דער פרי, ווען איך האָב אַרויסגעקוקט פון אונדזער פענצטער, איז פונקט דעמאָלט דורכגעגאַנגען דעם קאָניוך [1] טוביהס טעכטערל. זי איז געגאַנגען גלייך און פון איר בלויז טוכענעם קליידל האָבן אַרויסגעשפּאַרט די קיילעכדיקע טיילן פון איר קערפּער, איר הויכער בוזעם האָט זיך געצאַפּלט. איר שיין רונדיק פנימל איז געווען צעפלאַמט. די אויסגערונדיקטע קרייזעלעך פון איר שוואַרצן קאָפּ האָר האָבן פאַרדעקט איר שטערן. זי האָט געהאַלטן אירע אויגן פאַרשעמט אַרונטערגעלאָזט און עפּעס ווי געפּענטעט, פאַרצוימט אירע טריט, ווי זי וואָלט דערפילט מיינע בליקן אויף זיך... מיין האַרץ האָט דעמאָלט אויפגעצאַפּלט. איך האָב דערפילט אַ מאָדנע גלוסטעניש איבערן גאַנצן לייב, וואָס האָט מיך דורכגענומען מיט אַ פיבערדיקן ציטער. מיין האַרץ האָט נאָך דעם לאַנג עפּעס גענאָגט מיט בענקשאַפט. איך האָב לאַנג נאָך דעם כסדר געזען איר געשטאַלט פאַר מיינע אויגן...

— וואָס קען איך טאָן, אויב איך האָב געזינדיקט במחשבה?

— האָב איך געפרעגט אַ דערשראָקענער מיין שטראָפערישן חבר.

— תּשובֿה, טו תּשובֿה, פאַסטן ווי ר' משה־יצחק, דאָס איז די בעסטע סגולה.

— איך וועל עס טאָן בלי נדר, אַבי מיין ברודערל זאָל געזונט זיין.

איך האָב שוין מער נישט געקענט לערנען, איך בין אַרויסגעגאַנגען פון בית־מדרש אַ צעטומלטער. אין פאָדערהויז האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם גרויסן צדיק דעם מעזשיבוזשער, וואָס די גאַנצע וועלט האָט אים גערופן דער אַפּטער רבי, דער אוהבֿ־ישׂראל. ער האָט דאָ אין שטאָט אַוועקגעלייגט אויפן בית־מדרש־בוידעם אַן אייזערנעם שטעקן מיט אַ סו־

[1] פערדבאַדינער.

דותדיקער קבלה־שריפֿט. ער האָט דאָס געטאָן צו ראַטעווען די שטאָטמענטשן פֿון אַ מגיפֿה קעגן די שדים און רוחות, וואָס האָבן דעמאָלט באַדראָט חרובֿ צו מאַכן דעם ישובֿ.

איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צו די לייטערדיקע טרעפּ און אַרויף צום בוידעם, געעפֿנט די טיר. פֿון אינעווייניק האָט אַ שלאָג געטאָן אַ טרוקענע היץ, וואָס איז געקומען פֿון אָנגעגליטן דאַך. פֿון דעם באַרג מיט שמות און אַלטע צעפֿליקטע ספֿרים, וואָס זײַנען דאָ געלעגן אָנגעוואַלגערט, האָט געשלאָגן אַ שטויביקער פֿאַרטריקנטער גערוך. איך האָב אָפּגעשאַרט די שמות און אָנגעטאַפּט מיט ציטער־דיקע פֿינגער דעם פּירעקיקן אײַזערנעם שטעקן מיט די אַרויסגע־שטאַרצטע אותיות. איך בין צוגעלאָפֿן מיטן פּנים צום שטעקן און שטיל געכליפּעט.

— הייליקער צדיק ממעזשיבוזש! העלף אונדז, העלף מײַן ברו־דערל חיים־יחיאל־מאיר!

אַרום איז געווען שטיל. אַ גריל האָט ערגעץ אָן אויפֿהער גע„גרילט אין דער בוידעמדיקער משופּע.

איך בין צוריק אַרונטער אין פֿאָדערהויז. איצט איז שוין דאָ געווען אַ ביסל טומלדיק. אין דעם זײַטיקן צימער, נעבן פּאָליש, ווו עס האָט זיך געפֿונען דאָס שטיבל פֿון דעם ישיבֿה־מנהל ר׳ דודל פֿאַרבער, זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט עטלעכע ישיבֿה־בחורים און ר׳ דודל פֿאַרבער האָט עפּעס אײַנגעטענהט מיט זיי.

ר׳ דודל פֿאַרבער איז געווען אַ נידעריקער ייִד מיט אַ שי־טערן ליכטיק־בלאָנדן אָנוווקס אויפֿן פּנים, כּמעט אַ ייִד אָן אַ באָרד. זײַנע דיקלעכע ליפּן זײַנען תּמיד געווען פֿאַרטריקנט. די אונטער־שטע ליפּ שטענדיק אָנגעפֿאַרבט פֿון דעם בלײַער, וואָס ער האָט אַלע מאָל צוגעפּרעסט צו דער ליפּ איידער ער האָט גענומען שרײַבן. נעבן אים, אויפֿן טישל, זײַנען געשטאַנען פּושקעס מיט אויפֿשריפֿטן וועגן תּיקון־ספֿרים, צו זאַמלען געלט אײַנצובינדן ספֿרים.

צווישן די בחורים איז אויך געווען זײַנוועלע קראָליק. ער האָט מיך דערזען.

— אָט איז ער דאָ. דער מנהל פֿרעגט זיך אויף דיר. מיר וועלן גיין צוזאַמען צום אוהל פֿון רבין ר׳ מאירל.

ר׳ דודל האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן מיט זײַנע פֿאַר־טריקנטע ליפּן. ער האָט מיך צוגערופֿן און מיר דערלאַנגט אַ פּושקע מיט אַ כתבֿ, אַז מיר האָבן אַ דערלויבעניש צו זאַמלען געלט.

מיר ביידע, איך און זײַנוועלע, זײַנען אַרויס פֿון בית־מדרש צו דער ברייטער גאַס. אין דרויסן איז געווען הייס. אַ טרוקענע שפּעט־זומערדיקע היץ האָט געשוועבט אין דער לופֿט, געבריט דאָס פּנים. עס האָבן זיך אויף געטראָגן ריחות פֿון פֿרישצײַטיקן



מ. בערנשטיין — אַ חלום פון אַ בעל־עגלה

אויבס פֿון די פּראָטעקציע, וואָס די אויבסהענדלערס און מאַרק־זיצערינס האָבן געהאַלטן צעשטעלט בײַם טראָטואַר.

מיר זײַנען אַרויס פֿון דער ברייטער גאַס, זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער סאָדע־וואַסער־פֿאַבריק און אַרײַנגעקוקט דורך דער שי־טערער ברעטער־פֿאַרצוימונג. אינעווייניק האָט זיך ווי אין אַ קרײַז געדרייט אַרום־און־אַרום אַ פֿאַרבלינדט פֿערדל, אײַנגעשפּאַנט אין אַ שווערן כאָמוט [2]. דער געשפּאַן האָט געשלעפּט און געטריבן די רעדלעך מיט די וואַלצן.

אין דעם גרויסן סקלאַד זײַנען געשטאַנען מעשענע גרויסע סיפֿאָנען, אויך קליינע בלוי־גלעזערנע, אָנגעפֿולט מיט סאָדע־וואַסער. אויפֿן דיל, פֿאַרדעקט מיט נאַסן זעגעכץ, זײַנען געלעגן שטיקער אײַז.

איך האָב באַנעצט מײַנע ליפּן מיט דער צונג און געשלונגען דעם שליים פֿון מויל צו באַפֿײַכטן מײַן טרוקענעם האַלדז, אײַנ־צושטילן דעם דאָרשט, וואָס איז מיך פּלוצעם באַפֿאַלן. איך וועל אָבער נישט טרינקען. איך האָב אָנגעפֿאַנגען מײַן פֿאַסטן ביז מײַן ברודערל וועט אָנהייבן קומען צו זיך.

מיר האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט באַרג־אַראָפּ צום אַלטן בית־עולם.

אויף דעם אויסגעטראָטענעם פֿעלד איז געווען אַ גרויסער טומל ווי אויף אַ יאַריד. פֿון אַלע זײַטן האָבן אַהער געשפּאַנט ייִדן, ייִדע־נעס, קינדער, גרויס און קליין. עס זײַנען דאָ געשטאַנען אַ סך וועגענער מיט אָנגעקומענע ייִדן פֿון נאָענטע און ווײַטע מקומות. ייִדן, וואָס האָבן געהערט פֿון דעם צדיק, דעם רבין ר׳ מאירל.

בײַ דער שטיינערנער פֿאַרצוימונג, באַוואַקסן מיט גרינעם מאָך, זײַנען געשטאַנען אַ סך בעטלערס, היגע און פֿון פֿרעמדע געגנטן, ייִדן קאַליקעס, טייל אָן פֿיס, וואָס האָבן זיך גערוקט אָנגעשפּאַרט מיט הילצערנע שאַרערס און מיט גרויס מי אונטערגעהויבן זייערע האַלבע קערפּערס; אויך ייִדן בלינדע, געפֿירט פֿון אַרויסהעלפֿערס,

[2] האַלדזגעשפּאַן אויפֿן פערד, פֿאַר די לייצעס.

טייל בעטלערס זײַנען נאָכגעלאָפֿן די אָנגעקומענע יידן, געריסן בײַ די פּאָלעס, מען זאָל זיי געבן נדבות. אַנדערע האָבן בלויז געקוקט מיט אַ הילפֿלאָזער שטומקייט און געהאַלטן אויסגעשטרעקטע הענט. די וואָס זײַנען געקומען אויף קבֿר־אָבֿות האָבן אַדורכגעריסן די בעטלערוואַנט און זיך געשפּאַרט צום נידעריקן אוהל, צווישן די קליינע, ווילדע עפּל־ביימעלעך.

אין אוהל, נעבן דער הילצערנער שטאַכעטן־פּאַרצוימונג, זײַנען געשטאַנען יידן מיט גרויס הכנעה און מיט ציטערדיקע הענט אַרײַנגעלייגט קוויטלעך. אַ גאַנצער באַרג מיט קוויטלעך, באַנעצט פֿון טרערן, זײַנען שוין דאָ געלעגן. בײַ דער טיר זײַנען געזעסן קוויטל־שרײַבערס און ווײַבער האָבן אָן אויפֿהער זיי באַלאַגערט, אַרײַנגעוויינט און דערציילט וועגן זייערע צרות.

מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט נעבן אוהל און מײַן חבֿר זײַנ־וועלע האָט מיט זײַן קלינגענדיקער שטימע גערופֿן:

— צדקה תציל ממות! צדקה!

יידן האָבן געשמייכלט און אָנגעקוואָלן פֿון זײַן דרייסט־קלינ־גענדיק שטימעלע. באַקוקט די פּושקע און אַרײַנגעוואָרפֿן מטבעות.

צום בית־עולם איז אָנגעקומען ר' זעליג קברן. ער האָט אויס־געזען ווי אַ נישט־דאָיקער. זײַן קליין פֿאַרטריקנט פּנים, צעקנייטשט ווי אַ קאָרע פֿון אַן אַלטן בוים, איז געווען האַלב־פֿאַרדעקט פֿון דעם צו־גרויסן היטל, וואָס איז אים אַריבערגעפֿאַלן איבערן שטערן. זײַנע פֿאַרשפּיצטע אויגן זײַנען געווען ווי פֿאַרגלייזט. זײַן שיטער גרוי בערדל איז אים געוואַקסן אין האַלדז אַרײַן. דאָס העמד אָן אַ קאָלנער איז געווען קויטיק; עס האָט זיך אַרויסגעזען זײַן אײַנ־געשרומפּענער האַלדז. ער האָט געטראָגן אַ גרוי כאַלאַטל און גע־האַלטן אַ רידל אויפֿן אַקסל. ער האָט גענומען אַרײַנגיין אין טויער צום בית־עולם. נאָר פּלוצעם איז פֿון דער זײַט אויסגעוואַקסן מײַן פֿעטער יאָסעלע און אים אָפּגעשטעלט. ער האָט עפּעס שטיל צו אים גערעדט און דער קברן האָט זיך געלאָזט גיין מיט אים אויף צוריק.

דעם פּעטער יאָסעלעס פּנים מיט דעם בלאָנד־גאָלדיק בערדעלע האָט עפּעס נישט געשײַנט דאָס מאָל מיט יענער אויסגעאײדלטער דורכזיכטיקייט ווי בײַ אַ צאַרטער פּרוי. זײַן פּנים איז געווען אויס־געלאָשן, פֿאַרטרויערט, ווי בײַ איינעם, וואָס אָט־אָט וועט ער זיך צעוויינען.

איך האָב דערפֿילט אַ חלושדיקע שוואַכקייט. פֿון מײַנע הענט איז אַרויסגעפֿאַלן די צדקה־פּושקע. איך האָב זיך געלאָזט לויפֿן מיט אַ משוגענעם אימפּעט אַרויף צום שמאָלן, שטויביקן וועג, וואָס האָט געפֿירט צום פֿערדמאַרק און פֿון דאָרט צו די ווײַט־צעשפּרייטע אָפּע־נע פֿעלדער, ווו עס זײַנען געשטאַנען בינטלעך מיט פֿריש־געשני־טענע תּבֿואה־גאַרבן צום טריקענען. הינטער מיר האָב איך געהערט דאָס קלינגענדיקע געשריי פֿון מײַן חבֿר זײַנוועלע קראָליק:

— וואָס לויפֿסטו ווי אַ משוגענער? דאָרטן ווײַטער ווינט דאָך דער היצעל. ער האָט גרויסע כּלבֿים, וואָס קענען צערײַסן אַ מענטש.

איך האָב זיך מיט שרעק אָפּגעשטעלט. פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך אַ שטעל געטאָן דער מלאך־המוות אין דער געשטאַלט פֿון דעם היצעל קאַזשימיעזש, וואָס לויפֿט־אַרום איבער דער שטאָט מיט זײַן „שטריטשעק״ צו כאַפּן הינט.

איך האָב אָבער באַלד אַ ציטער געטאָן: ווי קען איך אַזוי טראַכטן? ווי קען איך, אַ ישיבֿה־בחור, ברענגען אויפֿן געדאַנק אַזאַ זינדיקע מחשבֿה? ווי קען איך פֿאַרגלײַכן גאָטס שליח מיטן גע־שטאַלט פֿון אַ בייזן היצעל?

איך האָב זיך געלאָזט גיין אויף צוריק מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. אפֿשר איז מײַן חבֿר זײַנוועלע גערעכט: איך דאַרף תּשובֿה טאָן. עס זײַנען דאָך דאָ אַנדערע קראַנקע קינדער אין שטאָט און צדקה קען זיי אפֿשר העלפֿן אָפּראַטעווען.

מײַן חבֿר האָט פֿון לויפֿן נאָך מיר געגומען הינקען אויף אַ פֿוס. איך האָב ווידער גענומען בײַ אים די צדקה־פּושקע און מיר האָבן זיך אויפֿסנײַ אַוועקגעשטעלט בײַם אַרײַנגאַנג צום אוהל.

עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. אין אוהל האָט מען אָנגעצונדן ליכט, וואָס האָבן אַרויסגעפֿלעמלט פֿון די קליינע, נידעריקע פֿענצטערלעך, ווי פֿון אַ הייל.

אויפֿן הימל, נאָענט צו דער צפֿון־זייַט, איז די זון אונטערגעגאַנגען מיט אַ שאַרלעך־רויטן פֿלאַם. און אין דעם פֿלאַם האָב איך געזען דעם רבין ר׳ מאירל אין דעם ווייַסן קיטל מיט דער גאָלדענער עטרה אַריבערגעוואָרפֿן איבער זייַן שטראַלנדיקן קאָפּ. ער האָט געטראָגן מייַן ברודערל חיים־יחיאל־מאיר אויף די הענט, פֿאַרדעקט מיט די ברייטע קיטל־אַרבל.ביידע זייַנען פֿאַרשוווּנדן אין דעם בלויען הימל אַרייַן, ווו דער שאַרלעכער פֿלאַם האָט זיך פֿאַמעלעך אויסגעלאָשן.

ניו־יאָרק 1973

לייב דיין

# ר׳ ישׂראל ריזשינער

פון חסידישן קוואַל [1]

## די אַנטפּלעקונג

אַז ר׳ שלום שכנא, ר׳ אַבֿרהמעלע מלאַכס זון, דעם מעזריטשער מגידס אייניקל, האָט געהאַלטן בייַ נפֿטר ווערן, האָט ער צוגערופֿן

---

[1] לייב דיין, געבוירן 1891 אין זשאַשקאָוו, קיִעווער גובערניע, און געקומען אין אַרגענטינע אין 1928, שטאַמט פון רבנים. געווען אַ קרוב פון חיים־נחמן ביאַליק, פון שפּעטערדיקן גענעראַל משה דיין. געווען לערער אין אַרגענטינע קאָלאָניע און פּיאָנער פון עברית בעברית־שול אין בוענאָס־אײַרעס, אָבער גלייַכצייַטיק געשריבן אין ייִדיש. זייַן זון, אינזש׳ משה דיין, פּראָפ׳ אין אַרגענטינער מיליטערישער אַקאַדעמיע, איז געווען לעקטאָר אין אַספּיראַנטור פאַר ייִדיש־לערערס אין מיטלשולן, און ייִוואָ־טוער. לייב דיין איז געשטאָרבן אין 1947.

צו זיך זײַן זון ר׳ ישׂראל ריזשינער, וועלכער איז נאָך דאַן געווען גאָר אַ יונגער בחור, און אים געזאָגט:

— זײַ וויסן, מײַן קינד, אַז דו ביסט באַשאַפֿן געוואָרן צו זײַן אַ גדול בישׂראל. אין דײַן נשמה איז פֿאַראַנען אַ ניצוץ פֿונעם בעל־שם הקדוש. און אויף דיר איז געפֿאַלן דער גורל צו זײַן אַ צדיק הדור. לכן זאָלסטו זען גיין אין די וועגן פֿונעם בעל־שם הקדוש, זיך באַהעפֿטן אין זײַן תּורה און דינען דעם בורא־עולם מתּוך הרחבֿת הלבֿ והמוח, אַזוי ווי ער ז״ל האָט זיך נוהג געווען. אָבער, וויסן זאָלסטו, מײַן קינד — האָט ר׳ שלום שכנא פֿאַרגעזעצט — אַז די זאַך איז דערווײַל אַ געטלעכער סוד און דו דאַרפֿסט זײַן שטאַרק זהיר ונזהר, אַז קיין שום בן אָדם זאָל דערפֿון ניט געוויר ווערן, ווײַל ס׳איז נאָך ניט געקומען דײַן צײַט און לע״ע איז פֿאַראַנען אַן אַנדער צדיק־הדור, און אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט, אַז „אין מלכות נוגעת בחבֿרותה״.

ר׳ ישׂראל ריזשינער האָט מיט גרויס פּחד און מורא אויסגעהערט די געטלעכע רייד און געפֿרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע:

— הייליקער פֿאָטער, ווי אַזוי וועל איך וויסן, אַז ס׳איז שוין געקומען מײַן צײַט און איך דאַרף זיך שוין מער ניט היטן?

און ר׳ שלום שכנא האָט געענטפֿערט:

— אַז דו וועסט הערן דערציילן אַ מעשׂה וועגן בעל־שם, וועלכע דו האָסט נאָך קיין מאָל ניט געהערט, זאָלסטו נתגלה ווערן. הגיעה שעתך. ס׳איז געקומען די צײַט, אַז דו זאָלסט נתגלה ווערן און פֿאַרנעמען דאָס פּלאַץ פֿונעם צדיק־הדור און זײַן אַ רועה נאמן צו די טויזנטער ייִדן, וואָס זײַנען דאָרשטיק נאָך אַ געטלעך וואָרט.

אויסהערנדיק די דאָזיקע הייליקע רייד, האָט ר׳ ישׂראל ריזשינער זיך אַרײַנגעוואָרפֿן מיט לײַב און לעבן, מיטן גאַנצן ברען פֿון זײַן יונגער נשמה, אין דער לערע פֿונעם בעל־שמס חסידות און ניט נאָר אינעם זין פֿון עבֿודה־הבורא, נאָר אין פּריוואַטן לעבן האָט ער שטאַרק אַכטונג געגעבן און מדקדק געווען, אַז זײַן אויפֿפֿירונג זאָל זײַן פּונקט ווי דער בעל־שם ז״ל האָט זיך נוהג געווען.

און כדי ער זאָל קענען געניי און פינקטלעך אויספאָלגן און מקיים זיין די צוואה פון זיין הייליקן פאָטער, און גיין אין די דרכים פונעם בעל־שם הקדוש, און זיך מתדבק זיין אין זיין לערע כפי אַלע פרטים און דיקדוקים, האָט זיך ר׳ ישׂראל ריזשינער אַוועקגע־לאָזט און אַרומגעוואַנדערט צווישן די צדיקים און רביים, וועלכע האָבן זיך גערעכנט פאַר די תלמידים פונעם בעל־שמס תלמידים און האָט ביי זיי געלערנט, געזוכט און געפאָרשט וועגן דער אויפ־פירונג און לעבן־שטייגער פונעם בעל־שם הקדוש. אַגב האָט ער אויך געטראַכט, אפשר וועט זיך אים איינגעבן צו הערן ערגעץ־ווו, אַז ס׳איז שוין געקומען זיין צייט נתגלה צו ווערן. און ריכטיק: אומעטום, ווו ר׳איז אָנגעקומען, האָט מען אים דערציילט וווּנדער־שיינע מעשׂיות וועגן בעל־שם, אָבער אַפילו קיין איינע פון זיי איז ניט געווען פאַר אים קיין נייע; אַלע זיינען אים שוין פון לאַנג געווען באַוווּסט און באַקאַנט. אַזוי זיינען אַריבער היפשע עטלעכע יאָר.

איין מאָל האָט ר׳ ישׂראל ריזשינער באַשלאָסן צו באַזוכן דאָס שטעטל מעזשיבוש, ווו דער בעל־שם האָט געוווינט, מיט דער האָפע־נונג דאָרטן געוויר צו ווערן מערער פרטים וועגן בעל־שמס לעבן. אָנקומענדיק אין מעזשיבוזש, האָבן די איינוווינערס פון שטעטל, ווויסנדיק פון זיין גרויסן יחוס, אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד און מיטגעהאָלפן אין זיין הייליקער אַרבעט. מ׳האָט אים דערציילט, אַז אין דאָרף, ביים שטעטל, לעבט אַ פויער, וואָס געדענקט נאָך דעם בעל־שם. דער פויער איז שוין זייער אַלט, אָבער ער באַזיצט נאָך געננוג כוח און פאַשעט נאָך אַלץ די טשערעדע פון דאָרף, אַזוי ווי ער האָט געטאָן יינגלווייז. דער ריזשינער האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער דאָזיקער ידיעה און האָט גלייך געשיקט אַ ספּעציעלן שליח נאָכן פויער, אָבער דער פויער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען. האָט ער געשיקט אַ צווייטן שליח און מיט אַ שיינער מתנה, אָבער דער פויער האָט זיך איינגעעקשנט און געענטפערט, אַז אויב עמעצער דאַרף אים, זאָל ער זיך מטריח זיין און קומען

צו אים. האָט דער ריזשינער ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה און אין דער באַגלייטונג פֿון די יקירי־קרתא, פֿון די אָנגעזעענסטע מענטשן פֿון שטעטל, מיטן רבֿ בראש, זיך געלאָזט גיין צום פּויער אַהיים.

אַרײַנקומענדיק צום פּויער אין היַזקע, האָבן זיי אים געטראָפֿן ליגן אויף אַ הילצערנער פּאָדלאָגע נעבן אויוון. די געסט האָבן אים, אַ פּנים, קנאַפּ וואָס איבערגעראַשט, ווײַל ער האָט זיך אַפֿילו פֿונעם אָרט נישט גערירט.

האָט אים דער ריזשינער געפֿרעגט, וואָס ער ווייסט וועגן בעל־שם. האָט דער פּויער געענטפֿערט, וואָס ער ווייסט: אַז דער בעל־שם איז געווען אַ געטלעכער מאַן און האָט דערציילט די אָ מעשׂה: זײַענדיק אַ קינד פֿון אַ יאָר אַכט־צען, האָט מען אים באַשטימט פֿאַרן דאָרפֿפּאַסטעך. ער פֿלעגט פּאַשען די טשערעדע פֿון דאָרף, הינטערן וועלדל, ניט ווײַט פֿון שטעטל. בײַ דער זײַט זײַנען פֿאַראַנען צוויי גרויסע און הויכע בערג, וואָס אַ טיפֿער טאָל טיילט זיי פֿונאַנדער. אָפֿט מאָל פֿלעגט ער זען דעם בעל־שם אַרומשפּאַצירן איבער די בערג.

איין מאָל זעט ער, ווי דער בעל־שם לויפֿט איבער אַ באַרג, דעם קאָפּ פֿאַרריסן צום הימל, און איז שטאַרק פֿאַרמוחט. דער פּאַסטעך, מורא־האָבנדיק אַז דער בעל־שם וועט ניט באַמערקן, אַז דער באַרג ענדיקט זיך, וועט אַראָפּפֿאַלן אין טיפֿן טאָל און דערהרגעט ווערן, האָט גענומען שרײַען און געוואַלדעווען, כּדי צו רופֿן זײַן אויפֿמערקזאַמקייט אויף דער גרויסער געפֿאַר. אָבער דער בעל־שם איז געווען אַזוי שטאַרק פֿאַרטיפֿט אין זײַנע געדאַנקען, אַז ער האָט גאָר ניט געהערט און האָט זיך ווײַטער געיאָגט איבערן באַרג.

בײַם קליינעם פּאַסטעכל האָט דאָס האַרץ שיער זיך נישט אָפּגעריסן פֿון שרעק, קוקנדיק ווי דער בעל־שם דערנענטערט זיך מיט האַסטיק־שנעלע טריט צו אַ זיכערן טויט. אָבער צו זײַן גרויסער איבערראַשונג, זעט ער, אַז ווי נאָר דער בעל־שם האָט דערגרייכט

דעם עק באַרג, אַזוי האָט דער צווייטער באַרג זיך צוגערוקט, און דער בעל־שם האָט אויף אים אַרויפגעשפּאַנט. דערנאָך האָט דער באַרג צוריק זיך אָפּגערוקט. דעמאָלט האָט דער פויער פאַרשטאַנען, אַז דער בעל־שם איז אַ הייליקער מענטש. און די פּאַסירונג איז ביי אים דעמאָלט פאַרבליבן ווי אַ געטלעכער סוד.

אין יענער צייט — האָט דער פויער ממשיך געווען זיין דער־ציילונג — האָט זיך באַוויזן אַ וואָלף אין וואַלד. דער וואָלף פלעגט אים אָנטאָן גרויסע שאָדנס. פון מאָל צו מאָל פלעגט ער זיך אַריינ־רייסן אין טשערעדע און אַוועקשלעפּן אַ ציגעלע אָדער אַ שעפּעלע. דער פּאַסטעך, צוזאַמען מיט די פויערים פון דאָרף, האָט אָנגענומען פאַרשיידענע מיטלען, אויף צו פאַרטרייבן דעם וואָלף. נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. האָט ער באַשלאָסן זיך צו ווענדן נאָך הילף צום בעל־שם.

איין מאָל, ווען דער בעל־שם האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער די בערג, האָט ער אים אָפּגעוואַרט, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, און האָט אים דערציילט וועגן זיין אומגליק, און געבעטן ביי אים הילף.

דער בעל־שם האָט אויף אים רחמנות געקראָגן און אים גע־געבן זיין שטעקן. דער בעל־שם האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ווען דער וואָלף וועט זיך באַוויזן, זאָל ער אויפהייבן דעם שטעקן און אויס־רופן: „אַנטלויף, וואָלף, דער בעל־שם וועט דיך שלאָגן!“

און כך הוה.

ווי נאָר דער וואָלף האָט זיך באַוויזן, האָט ער אויפגעהויבן דעם שטעקן און אַ געשריי געטאָן: „אַנטלויף, וואָלף, ווייל דער בעל־שם וועט דיך שלאָגן“!

און דער וואָלף האָט זיך דערשראָקן, און איז פאַרשוווּנדן, און האָט זיך שוין מער ניט באַוויזן.

אַז דער פויער האָט געענדיקט צו דערציילן, האָט ער פּלוצעם אַרויסגעלאָזט אַ טיפן זיפץ און איז באַלד אויפן אָרט אויסגעגאַנגען. אַלע מענטשן זיינען באַהערשט געוואָרן פון אַ געטלעכער שרעק.

ר׳ ישׂראל ריזשינער האָט זיי איבערגעגעבן וועגן דער צוואה פֿון זײַן הייליקן פֿאָטער און פֿאַר אַלעמען איז געוואָרן קלאָר און פֿאַרשטענדלעך די סיבה, פֿאַר וואָס דער פֿויער האָט אַזוי פֿיל מאַריך ימים געווען. ער האָט באַדאַרפֿט מעלדן ר׳ ישׂראל ריזשינער, אַז ס׳איז שוין געקומען זײַן צײַט נתגלה צו ווערן און ער זאָל פֿאַרנעמען דאָס פּלאַץ פֿונעם צדיק־הדור.

## די באַפֿרײַונג

ווען דער הייליקער צדיק ר׳ ישׂראל ריזשינער איז נתגלה געוואָרן און האָט אָנגעהויבן פּראַווען מגידות און גוט־ייִדישקייט, האָבן זײַנע שׂונאים און מתנגדים דערלאַנגט אויף אים אַ מסירה צום גובערנאַטאָר, אַז זײַן לערע און התנהגות זײַנען קעגן דער ייִדישער תּורה און קעגן די געזעצן פֿון דער מלוכה, און דורך זיי פֿירט ער אַראָפּ די ייִדישע מאַסן פֿונעם דרך־הישר. דער גובערנאַטאָר האָט באַפֿוילן, אַז מ׳זאָל אים אַרעסטירן און משפּטן. און מ׳האָט אים גלײַך אַרעסטירט און אַרײַנגעזעצט אין דער זשיטאָמירער תּפֿיסה.

זײַנע חסידים און מקורבֿים האָבן אײַנגעלייגט וועלטן, אים צו באַפֿרײַען פֿון דער תּפֿיסה, און ס׳האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן. זיי האָבן אויך אָנגעשפּאַרט אין אַלע הויכע פֿענצטער און האָבן גאָר ניט געקענט פּועלן. דעם מגיד האָט געדראָעט זייער אַ שווערע און האַרבע שטראָף. ס׳האָט אים געדראָעט פֿאַרשיקט צו ווערן אין די קאַלטע סטעפּעס פֿון סיביר. אָבער ווען ס׳איז געקומען דער יום־הדין, איז געשען אַ מופֿת: ווי נאָר מ׳האָט אַרײַנגעפֿירט דעם ריזשינער מגיד אין געריכטזאַל, אַזוי האָט זיך דער הויפּטריכטער, וועלכער האָט אים געדאַרפֿט משפּטן, אויפֿגעהויבן פֿון זײַן שטול, און איידער עמעץ פֿון די באַשולדיקערס האָט באַוויזן אויסצורייד אַ וואָרט, האָט ער אים פֿרײַגעשפּראָכן. דער גאַנצער עולם האָט געשטוינט פֿון פֿאַרוווּנדערונג און פֿון גרויס איבערראַשונג.

חסידים דערציילן, אַז דער דאָזיקער ריכטער איז געווען אַ זון

פֿון אַ באַוווסטן און אָנגעזעענעם שׂררה. זײַענדיק אַ קינד פֿון אַ יאָר צען־צוועלף, איז ער קראַנק געוואָרן אויף זייער אַ געפֿערלעכער קרענק. דער פֿאָטער זײַנער האָט געבראַכט צו אים די בעסטע און גרעסטע דאָקטוירים, אָבער זיי האָבן גאָר נישט געקענט אויפֿטאָן, זיי האָבן ניט געקענט געפֿינען קיין רפֿואה צו זײַן קראַנקייט און האָבן אים שוין געהאַט אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. צופֿעליק איז זײַן פֿאָטער געוווּיר געוואָרן פֿון דער געטלעכער גרויסקייט פֿונעם ראַדזי־ווילער מגיד, ר׳ יצחק ז״ל. איז ער געקומען צו אים און האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל מתפּלל זײַן פֿאַר זײַן קראַנקן זון און אויס־פּועלן פֿאַר אים אַ רפֿואה. חסידים דערציילן, אַז דער ראַדזיווילער מגיד האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צום הימל און אויסגערופֿן: „רבונו של עולם, דו האָסט אַזוי פֿיל ערלים אויף דײַן וועלט, וואָס זשע אַרט דיך, אַז דו וועסט האָבן נאָך איין ערל? לאָז אים לעבן, ער וועט אַ מאָל טאָן אַ טובֿה אַ גרויסן יידן!“...

הכּלל, דער חולה איז גלײַך געזונט געוואָרן, און אַז ער האָט געזען אַרײַנקומען דעם ריזשינער אין געריכטזאַל, האָט פֿאַר זײַנע אויגן אַ שוועב געטאָן די געשטאַלט פֿון דעם ראַדזיווילער מגיד, און ער האָט אים צוליב דעם באַלד באַפֿרײַט.

אָבער אויך נאָך דער באַפֿרײַונג האָט דער ריזשינער מגיד זיך ניט געפֿילט זיכער. זײַנע שׂונאים און מתנגדים האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט, זיי האָבן אים פֿאַרפֿאָלגט אויף שריט און טריט און האָבן אים ניט געגעבן קיין רו. אַלע מאָל זײַנען נולד געוואָרן נײַע מסירות, וועלכע האָבן געשטעלט זײַן לעבן אין גרויס סכּנה. און דער ריזשינער מגיד האָט ניט געפֿונען קיין אַנדער אויסוועג ווי נאָר פֿאַרלאָזן רוסלאַנד און זיך אַריבערשמוגלען קיין עסטרײַך־אונגערן, מיט דער האָפֿענונג, אַז דאָרטן וועט ער קענען זיכער, פֿרײַ און אומגעשטערט פֿראַווען מגידות און גוט־יידישקייט.

אין אַ שיינעם זומערדיקן טאָג האָט ער פֿאַרנומען אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, און האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער עסטרײַכי־שער גרענעץ. אָבער קומענדיק אַהינצו, האָט ער געטראָפֿן די גרע־

נעץ שטאַרק באַוואַכט. פֿוןביידע זײַטן זײַנען געשטאַנען זייער אַ סך סאָלדאַטן און וועגן אַריבערגיין האָט קיין רייד ניט געקענט זײַן. דער ריזשינער מגיד האָט זיך דאַן געפֿונען אין אַ פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע. זיך צוריקקערן קיין ריזשין האָט ער ניט געקענט. און אַרי־בערגיין די גרענעץ איז געווען אוממעגלעך.

אַז עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, האָט זיך פּלוצעם באַוויזן פֿאַר אים אַן עלטערער ייִד און האָט אים דערציילט, אַז ער וווינט ניט ווײַט פֿון דער גרענעץ, און אַז ער איז איינער פֿון די ערשטע מקורבֿים פֿונעם געטלעכן צדיק ר׳ מאירל פֿון פּרעמישליאַן, פֿון וועמען דער ריזשינער האָט שטאַרק געהאַלטן. און איין מאָל, זייענ־דיק בײַ ר׳ מאירלען בײַם שלוש־סעודות, האָט ר׳ מאירל גענומען אַ קליין קוילעטשל פֿון צוויי חלהלעך און האָט עס צעבראָכן אויף צווייען. איין חלהלע האָט ער אים געגעבן און אים אָנגעזאָגט: אַזוי ווי ער וווינט בײַ דער גרענעץ, איז אויב ער וועט אַ מאָל אָנטרעפֿן אַ ייִדן, וועמענס אויסזען וועט זײַן ווי אַ מלאך אלוקים, זאָל ער אים געבן דאָס חלהלע — וועט עס אים דינען פֿאַר אַ שמירה. און איבערגעבנדיק אים דאָס חלהלע, איז ער גלײַך נעלם געוואָרן. דער ריזשינער האָט באַטראַכט דאָס חלהלע און זיך גע־לאָזט אין וועג און איז אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ בשלום און האָט זיך באַזעצט אין שטאָט סאַדיגורע.

אָבער אויך אין זײַן נײַעם וווינאָרט האָבן זיך זײַנע צרות און יסורים ניט געענדיקט. אויך דאָרט האָט ער קיין רו ניט געהאַט. די עסטרײַכישע רעגירונג האָט אים ניט געוואָלט געבן קיין וווינ־רעכט בײַ איר אין לאַנד און געדראָעט אים צוריקשיקן קיין רוס־לאַנד. נאָר אַ דאַנק די באַמיִונגען פֿון זײַנע רײַכע חסידים און מקורבֿים איז דער ענין איבערגעגעבן געוואָרן צו דער באַהאַנדלונג פֿונעם סענאַט אין ווין. און דער מגיד האָט די גאַנצע צײַט געלעבט אין פּחד, און שרעק, און ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרדאגהטער און אַ פֿאַרמרהשחורהטער, און האָט קיינעם ניט צוגעלאָזט צו זיך און קיינעם ניט אויפֿגענומען.

אין אַ טאָג איז געקומען אַ ייִד און האָט געבעטן, אַז מ׳זאָל אים צולאָזן צום מגיד. די גבאים האָבן אים געזאָגט, אַז דער מגיד איז אַ שרוי־ביסורים [1] און ער נעמט קיינעם ניט אויף. אָבער דער ייִד האָט געבעטן, מ׳זאָל איבערגעבן דעם מגיד, אַז ער קומט צו אים מיט זייער אַ וויכטיקער שליחות פֿונעם הייליקן צדיק ר׳ מאירל פֿון פּרעמישליאַן. אַז דער מגיד האָט עס דערהערט, האָט ער גלײַך געהייסן אַרײַנלאָזן דעם ייִדן.

דער ייִד האָט אים דערציילט, אַז ער איז ר׳ מאירלס אַ חסיד און איז חשוך בנים [2] ל״ע, און שוין אַ שטיק צײַט, אַז ער גייט נאָך ר׳ מאירלען, ער זאָל אים בענטשן מיט אַ זרע של קימא, און יעדעס מאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט פֿון אים. נאָר לעצטנס איז ער צו אים צוגעשטאַנען. האָט ער אים געשיקט צו אים, צום ריזשינער, אַז ער זאָל אים געבן זײַן ברכה. אַז דער מגיד האָט עס דערהערט, האָט ער פֿאַרוואָרפֿן מיט הענט און פֿיס. ער האָט גע־טענהט, אַז ר׳ מאירל איז אַליין ביכולת צו בענטשן ווען ער וויל און דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען. אָבער דער ייִד האָט אַרויסגע־נומען אַ קליין חלהלע און געזאָגט, אַז דאָס דאָזיקע חלהלע האָט אים געשיקט ר׳ מאיר. דער מגיד האָט גענומען דאָס חלהלע און האָט זיך אַ ביסל פֿאַרדבֿיקעט. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען דאָס ערשטע חלהלע און האָט זיי ביידע געגעבן דעם ייִדן און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער וועט קומען אַהיים, זאָל ער פּראַווען אַ סעודת עניים [3], און זאָל מאַכן „המוציא“ איבער די חלהלעך, און השם ית־ברך וועט זיך איבער אים מרחם זײַן און נאָכקומען זײַן בקשה.

דער ייִד האָט אים געדאַנקט. איידער ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער אים אויך דערציילט, אַז ס׳איז שוין פֿופֿצן יאָר, ווי ער האָט די חזקה צו זינגען אַלע שבת בײַ ר׳ מאירלס טיש דעם פּזמון

---

[1] אויסגעווייקט אין יסורים. — [2] קינדערלאָז, „בעזדיעטניק“. — [3] אַ מאָל־צײַט פֿאַר אָרעמע לײַט (גאָר אַ גרויסע מצווה).

„יום זה מכובד". און ניט טראַכטנדיק קיין סך, האָט ער גענומען זינגען מיט גרויס דבֿיקות און מתיקות „יום זה מכובד".

אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין הויף זײַנען זיך צו־נויפֿגעלאָפֿן און זײַנען געבליבן שטיין פֿאַרגאַפֿט. זיי האָבן ניט גע־קענט באַגרײַפֿן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ זמירות זינגען, פּלוצעם אין מיטן דער וואָך. אָבער אויך דער מגיד האָט זיך דערוואָרעמט און גענומען נאָכזינגען. און מיט אַמאָל איז דער גאַנצער עולם באַהערשט געוואָרן פֿון אַ געטלעכער שטימונג און אַלע צוזאַמען האָבן גענומען זינגען מיט התלהבֿות און ברען דעם זמר „יום זה מכובד". און אין מיטן זינגען איז אָנגעקומען די פֿרייִלעכע ידיעה, אַז דער סענאַט האָט דערלויבט דעם מגיד וווינען אין לאַנד.

דעמאָלט האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען די באַדײַטונג פֿונעם פּלוצימ־דיקן זינגען דעם פּזמון „יום זה מכובד" אין אַ וואָכעדיקן טאָג. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען אַז דער דאָזיקער טאָג איז װירקלעך אַ יום מכובד פֿאַרן ריזשינער מגיד און פֿאַר אַלע זײַנע חסידים און מקורבֿים.

„פֿון חסידישן קוואַל און אַנדערע שריפֿטן".
בוענאָס־אײַרעס התשי"ב — 1952

דוד פלינקער

# פֿון ראָמאַן „אין שטורעם"

## אין אַ רעגנדיקן פֿרײַטיק

פֿון בײַנאַכט אָן קאַפּעט דער רעגן איבער די גאַסן פֿון וואַרשע. קאַפּעט פֿויל און זלידנע, אָן אויפֿהער, פֿון הימל, פֿון די דעכער און פֿון די באַלקאָנען. עס זעט־אויס, ווי ער וואָלט פֿאַרגעסן, דער רעגן, אַז ס'איז פֿרײַטיק אויף דער וועלט, און אַז אויך אין מלחמה־

ציַיט מוזן די באַלעבאָסטעס גיין אין די באַזאַרן און האַלעס, צו־גרייטן דעם שבת. שטייען די באַלעבאָסטעס ביַי די פענצטער און קוקן־אַראָפּ צו דער גאַס, צו די וואַסער־אינדזעלעך, וואָס זעען גיכער אויס ווי אַ קלעפּיקע בלאָטע, און קוקן־אַרויף צום הימל, וואָס קוקט־אַראָפּ אַ מאָנאָטאָן־גרויער פון די שפּיץ דעכער, און טראַכטן ביַי זיך:

— נישט אויסגערעדט זאָל עס זיַין, אַז ערבֿ שבת...

און זייערע מענער שטייען ביַי די טירן פון די קראָמען, קוקן אויף די רעגן־טראָפּנס, וואָס מאַכן דריידלעך אין די וואַסער־קאַלו־זשעס, און מורמלען צו זיך:

— ווער וועט קומען היַינט קויפן, אַז ס׳איז אַן עבֿירה אַ הונט אַרויסצולאָזן?...

מיט אַ מאָל באַוויַיזט זיך אַ פורל אויף דער גאַס. אַ פויערישע פורל מיט איין פערד געשפּאַנט. דאָס פערדל שלעפּט זיך איבער דער גאַס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, שטעלט שווער זיַינע טריט אין די קאַלוזשעס וואַסער און צעשפּריצט זיי איבערביידע זיַיטן טראָטואַר.

די באַלעבאָסטעס ביַי די פענצטער פון זייערע דירות און זייערע מענער ביַי די טירן פון זייערע קראָמען האָבן נישט וואָס צו טאָן אין דעם רעגנדיקן פריַיטיק, קוקן זיי אויף דער פויערישער שקאַפּע, וואָס שלעפּט די פיס, זעט־אויס, שוין מיט די לעצטע כוחות, און אויף דעם פורל, וואָס הוידעט זיך נאָך דעם פערד, עפּעס מאָדנע זעט עס אויס, דאָס פויערישע פורל, אין מיטן די קאַלוזשעס וואַ־סער. נישט מ׳זעט דערויף זעק מיט קאַרטאָפל, נישט עס קוקן פון דעם פורל אַראָפּ הינערישע קעפּלעך, נישט מ׳זעט אויף דעם פורל שטרויענע קוישלעך, וואָס זיַינען אָנגעפולט מיט פוטער און אייער. מיט באַלעבאַטישקייט גאָר איז אָנגעלייגט דאָס פורל, מיט פון רעגן צעווייקטע קישנס און פערענעס, מיט טעפּ און קופּערנע פּאַנען, מיט אָנגעוואָרפענע בגדים פון מענער און פרויען. מיט שיכלעך קינדערישע איז אָנגעוואָרפן דאָס שמאָלע פויערישע פורל, וואָס הוי־

דעט זיך אויף רעכטס און אויף לינקס איבער דער גאַס, און פון דעם פּורל הענגען נאָך אַראָפּ די פּיסלעך פון שטולן און ווײַסע קיכן־בענקלעך, וואָס זײַנען מיט שטריק צוגעבונדן צו די צעשאָ־קלטע זײַטן פון דעם פּורל.

אָבער נישט בלויז מיט באַלעבאַטישקייט איז פול דאָס פויערי־שע פּורל. אויבן, אויפן סאַמע שפּיץ, אויף די צעוויקטע קישנס און פּערענעס, שאָקלען זיך עפּעס אַזעלכע אויסטערלישע געשטאַלטן, אײַנגעוויקלטע אין טונקעלע טיכער. די פּנימער און די קעפּ פון די געשטאַלטן זײַנען פאַרדעקט מיט די טיכער. נאָר אָט עפנט זיך אַ שמאָלער שפּאַלט פון איין טונקעלן טוך און אַ לאַנגע גרויע באָרד קוקט פּלוצלינג אַרויס.

— ווײ איז מיר! — קרעכצן־אַרויס די ווײַבער, וואָס שטייען בײַ די פענצטער פון זייערע וואַרעמע וווינונגען — ייִדן אין אַזאַ גאָס!...

און די קרעמערס, וואָס שטייען הינטער די טירן פון זייערע געוועלבער, בייגן־צו זייערע פּנימער צו די שויבן און מורמלען צו זיך מיט אַ פאַרטײַעטער שרעק:

— וואָס איז דאָ? דאַכט זיך, ייִדן...

דער פורמאַן דרייט זיך אויס מיט דער בײַטש אין האַנט צו די אײַנגעהילטע טיכער. דאָס פּורל בלײַבט שטיין, ווי עס וואָלט מער נישט געוווּסט וווּהין צו פאָרן.

די ייִדן אין די קראָמען קענען נישט דערהערן, וואָס דער פויער וויל. זיי זעען נאָר, ווי די טיכער צעשאָקלען זיך עפּעס אַזוי אומבאַהאָלפן און פאַרלוירן. שטעלט איין קרעמער אויף דעם קאָל־נער פון זײַן פּאַלטאָ און גייט־אַרויס אויף דער גאַס:

— מען דאַרף אַ קוק טאָן... — רוקט ער זיך צו פאָרזיכטיק אין די קאַלוזשעס וואַסער צו דעם פּורל און רופט־אויס צום פויע־רישן פורמאַן — וואָס איז?

— ווייסט נישט? — ענטפערט דער פויער גלײַכגילטיק — מען טרײַבט די ייִדעלעך!...

דער קרעמער בלייבט שטיין פֿאַרשטומט. ער האָט מורא צו קוקן אַרויף צו די שוואַרצע טיכער. ער האָט מורא צו זען די זיך שאָקלענדיקע געשטאַלטן אויף די צעווייקטע קישנס. ער קוקט מיט צעטומלטע אויגן אויף דעם פויער און פֿרעגט:

— וואָס הייסט, מען טרייבט?...

— מען טרייבט און... שוין! מ׳וועט דיך אויך טרייבן, זשיד־קו!... — ענטפֿערט דער פויער מיט אַזאַ זעלבפֿאַרשטענדלעכער זיכערקייט — אַלע ביז איינעם וועט מען אייך טרייבן...

דער קרעמער בלייבט שטיין אַ פֿאַרלוירענער.

— וואָס טוט מען? — האָט ער נאָך אַלץ מורא אַרויפֿצוקוקן צו די שוואַרצע טיכער, נאָר באַלד צעעפֿנט ער ביידע הענט און גיט צייכנס צו זיינע שכנים, קרעמערס, און שרייט:

— יידן, יידן, קומט נאָר אַהער!

אַ הייפֿל יידן רינגלען־אַרום דאָס פויערישע פֿורל. איין שוואַר־צע טוך צעעפֿנט זיך און עס קוקט דערפֿון אַפֿיר אַ בלייך געזיכט. אַרומגענומען פֿון אַ ברייט־צעוואַקסענער גרויער באָרד.

— פֿון וואַנען? — פֿרעגן די קרעמערס.

— פֿון וואָרקע, יידן, פֿון וואָרקע... — קרעכצט דער ייד — פֿרעגט נישט! גאָטס צאָרן האָט זיך אויף אונדז אויסגעגאָסן.

די יידן האָבן מער נישט געפֿרעגט, נאָר וואָס צו טאָן האָבן זיי נישט געוווסט. אַ גאָס רעגן האָט זיך אַ לאָז־אַראָפּ געטאָן אויף זייערע קעפּ, האָבן זיי געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן און געטאָפּ־טשעט אין דער בלאָטע. באַלד זיינען געקומען אָנצולויפֿן זייערע ווייבער. ווי אַ שטורעמווינט זיינען זיי אַרויסגעפֿאַלן פֿון זייערע וואַ־רעמע וווינונגען אויף דער גאַס צו דעם פֿורל:

— וואָס שטייט עץ ווי גולמס!... — האָבן זיי זיך צעשריגן אויף די מענער — די קינדער וועלן זיך, חלילה, צוקילן און זיי שטייען און קוקן.

בייז און שטרענג האָבן זיי גערעדט, די ווייבער, נאָר גלייך זיינען זייערע שטימען געוואָרן מוטערלעך צאַרט, ווען זיי האָבן גע־

נומען ריידן צו די געשטאַלטן, איינגעהילטע אין די שווערע טיכער:

— קומט, ייִדן, קומט, האָט נישט קיין מורא! עס וועט זיך אין שטוב דערוואַרעמער!

דער ערשטער איז פֿון פֿורל אַראָפּ דער עלטערער ייִד מיט דער גרויסער באָרד און ער האָט גערעדט קרעכצנדיק:

— קום, רחל, קום! כ׳האָב דיר געזאָגט, צווישן ייִדן ווערט מען נישט פֿאַרפֿאַלן...

אַ ייִדענע אין אַ גרויס, בלאָנד שייטל האָט זיך שווער גענומען אַראָפּשאַרן פֿון די בערג פּערענעס.

— קומט, קומט, מומעשי! — האָבן די ווייבער פֿון די וואַר־שעווער הייף זי אונטערגעהאַלטן — האָט נישט קיין מורא, קומט..

די ייִדענע האָט זיך געטוליעט אין איר טוך און אויפֿן פֿורל האָט אַ יונגע פֿרוי זיך נישט געקענט אַן עצה געבן מיט דריי קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך אַזוי ווי צוגעקלעפּט צו איר פּאַטשיילע.

— קריכט־אַרויף אויף דער פֿור און נעמט־אַראָפּ די קינדער!

— האָבן די ווייבער געגעבן קורצע און שטרענגע באַפֿעלן צו די מענער — עס זעט דאָך, וואָס עס טוט זיך.

די מענער האָבן גענומען אומגעשיקט קריכן אויף דעם פֿורל און די ייִדענע איז ערשט אַרויס מיט איר קלאָג:

— דריי עופֿעלעך מיינע! וווּ וועל איך זיך מיט זיי אַהינטאָן? לעבעדיקע יתומים, נעבעך... דער טאַטע איז אַוועק אין דער מלחמה און מיין טאָכטער, נעבעך, איז געבליבן מיט די קינדער.

די ווייבער האָבן מיטגעכליפּעט, אָבער זיי האָבן שוין געהאַלטן אין זייערע אָרעמס די קינדער און מיטגענומען מיט זיך דעם ייִד מיט דער גרויער באָרד, די ייִדענע מיטן שייטל און איר יונגע טאָכטער:

— קומט נאָר אַרויף אין שטוב, מ׳וועט מאַכן טיי...

אין מיטן וועג איז אָבער די ייִדענע געבליבן שטיין. זי האָט זיך דערמאָנט אין דער באַלעבאַטישקייט, וואָס איז געבליבן אויפֿן פֿורל און אונטערן רעגן. די ווייבער האָבן זי באַרויִקט:

— עס וועט אײַך גאָר נישט פֿעלן! — און זיי האָבן געשריגן צו די מענער — די זאַכן נעמט־אַרײַן אין טויער און צעשטעלט צווישן די שכנים!

דאָס מאָל האָבן די מאַנסבילן גערן אויסגעפֿירט די באַפֿעלן פֿון זייערע ווײַבער. זיי האָבן באַדאַרפֿט האָבן עמעצן, וואָס זאָל זיי געבן באַפֿעלן, זיי אַליין האָבן זיך געפֿילט צעטומלט און פֿאַרלוירן ווי קינדער. האָבן זיי געשלעפּט אין טויער אַרײַן די קישנס און די פּערענעס, די צעבראָכענע בענקלעך און די טישן, די פּאַנען און די טעפּ און פֿונאַנדערגעשטעלט צווישן די שכנים דאָס ביסל באַ־לעבאַטישקייט ווי די ווײַבער האָבן זיי געהייסן. זיי האָבן געשוויצט, נישט געוווינט צו אַזאַ אַרבעט, און זיך געווישט פֿון די שטערנס דעם שווייס צוזאַמען מיט די רעגן־טראָפּנס. האָבן דערנאָך אָפּגעע־אָטעמט שווער נאָך דער אַרבעט און באַצאָלט דעם פּויערל פֿאַר דאָס פֿורל און געמיינט, אַז זיי מעגן שוין צוריקגיין צו זייערע קראָמען. נאָר דער רעגן האָט זיי בייז געכליאַפּעט אין די פּנימער און דער ווינט האָט זיי געטריבן צוריק צו זייערע קלייטן.

אויף דער גאַס האָבן זיך שוין באַוויזן אַנדערע פּויערישע פֿורלעך. אַ לאַנגע שורה פֿורלעך זײַנען מיט אַ מאָל, ווי פֿון אונטער דער ערד, אַרויסגעוואַקסן און אַלע האָבן זיי געהאַט איין פּנים. אַלע זײַנען געווען פֿול מיט באַלעבאַטישקייט, מיט טעפּ און שיסלען, קישנס צעווייקטע פֿון רעגנס און אויף די קישנס האָבן זיך געשאָ־קלט געשטאַלטן אײַנגעהילטע אין טיכער.

נישט אויף איין גאַס בלויז האָט דאָס פּאַסירט. די נאַלעווקעס און גענשע, דזשיקע און טוואַרדע, דער גזשיבאָוו און אַלע אַנדערע יידישע גאַסן זײַנען מיט אַ מאָל פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון פּויערישע פֿורלעך, אַ ים צעווייקטע קישנס, פֿון אַ ים אין שווערע טיכער אײַנגעהילטע, שאָקלענדיקע זיך געשטאַלטן. אַפֿילו די פּריצישע קרוי־לעווסקע־גאַס האָט געמוזט צווישן אירע אַלטע ליפּע־ביימער אַרײַנ־נעמען די פּויערישע פֿורלעך. און יעדעס פֿורל האָט געברענגט די זעלביקע בשׂורה:

— מען טרײַבט ייִדן, מען טרײַבט...

— פֿון וואַנען?

— פֿון קאַלושין.

אַנדערע האָבן דערציילט:

— פֿון גריצע...

פֿריש־אָנגעקומענע פֿורלעך האָבן מיט אַ האַלב־ליטווישער אויס־שפּראַך געזאָגט:

— פֿון אָסטראָלענקע...

דערשראָקענע פּנימער האָבן אַרויסגעקרעכצט:

— פֿון גער...

ווײַבערישע שטימען האָבן אויסגעכליפּעט:

— פֿון פּיאָסעטשנאָ...

גרויע בערד האָבן זיך אָבּלדיק צעשאָקלט:

— גאַרוואָלין...

אַ ציטערדיק־יחסניש קול האָט קוים אַרויסגערעדט:

— פֿון קאָצק...

און אַלע האָבן געהאַט צו דערציילן די זעלביקע קורצע גע־שיכטע: אין מיטן דער נאַכט האָט מען דעם רבֿ פֿון בעט אַרויס־גענומען און אים אָנגעזאָגט: אין פֿאַרלויף פֿון פֿיר און צוואַנציק שעה זאָל קיין איין ייִד אין שטאָט נישט בלײַבן. נאָר מען האָט נישט געגלייבט. מען איז געלאָפֿן צו די פּריצים מיט געלט און מיט מתּנות. מען איז זיי געפֿאַלן צו די פֿיס. מען האָט געוויינט און תּהילים געזאָגט.

די שׂררות האָבן צוגענומען דאָס געלט און די מתּנות, און גע־זאָגט, אַז עס איז ווייניק. האָט מען זיי ווידער געגעבן אין יד אַרײַן, האָבן זיי געענטפֿערט:

— מ׳וועט פּרווון.

האָט מען געהאָפֿט און ווײַטער תּהילים געזאָגט. נאָר אַ שעה פֿאַרן אומגליק האָט מען ווידער געשיקט נאָכן רבֿ און אים געזאָגט:

— נישט מער ווי איין שעה צײַט איז אײַך געבליבן, זשידקעס! אַרויס פֿון דער שטאָט! נישט מער ווי אַ שעה, געדענקט!...

איז געוואָרן די גרויסע בהלה. מענטשן זײַנען געלאָפֿן ווי די משוגעים. מען האָט געכאַפּט וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט און געלאָפֿן. קיין צײַט אויסצופֿרעגן איז נישט געווען. אײַנגעהילטע אין טיכער, האָבן די געשטאַלטן געציטערט פֿאַר קעלט און זייערע אויגן האָבן זיך געקלעפּט פֿון מידקייט.

זײַנען פֿון אַלע הײַזער און פֿון אַלע קראָמען אַרויס ייִדן, אַלטע און יונגע, אָרעמע און רײַכע, ייִדן מיט פּיאות און בערד, און ייִדן מיט גלאַט־ראַזירטע פּנימער און אָן היטלען, און אַלע האָבן זיי געשלעפּט די טעלער און שיסלען און דאָס בעטגעוואַנט פֿון די אַרויסגעטריבענע. אין די טויערן האָבן זיך שוין געפּאָרעט די ווײַבער מיט די אָנגעקומענע ייִדן מיט זייערע פֿרויען און קינדער.

טייל מאָל זײַנען צווישן די פֿאַרפּאָרעטע ווײַבער אויסגעבראָכן שווערע קריגערײַען. די רײַכע מאַדאַמען פֿון ערשטן און צווייטן שטאָק האָבן, מעשׂה גבֿיר, געוואָלט נעמען צו זיך די אַרויסגעטריבענע ייִדן. האָבן זיך די ווײַבער פֿון די אָרעמע קעלער־און בוידעם־שטיבער צעשריגן:

— קוקט זיי נאָר אָן, די גבֿירים, אַפֿילו אַ מצווה אַן אָרעמאַן קענען זיי נישט פֿאַרגינען.

האָבן די רײַכע מאַדאַמען איידל געפּרוווט געבן צו פֿאַרשטיין:

— בײַ אונדז וועט דאָך די מענטשן זײַן באַקוועמער... ס'איז דאָך אַ רחמנות...

נאָר די אָרעמע ווײַבער האָבן זיך נאָך העכער צעשריגן:

— זיי וועלן זיך בײַ אונדז פֿילן בעסער ווי אין אײַערע סאַלעס. נישקשה, עס וועט זיי בײַ אונדז גאָר נישט פֿעלן...

נישט לאַנג אָבער האָבן געדויערט די קריגערײַען. פֿרישע פֿורלעך זײַנען אָנגעקומען און די קעלער־שטיבער, פּונקט ווי די אויסגעפּוצטע סאַלעס פֿון די גבֿירים, זײַנען געוואָרן פֿול מיט ייִדן, ייִדע־

נעס, קינדער, וואָס זײַנען אײַנגעשלאָפֿן אין מיטן עסן, און מיט זקנים, וואָס האָבן געמורמלט צו זיך:

— ווײ, ווײ! פֿאַר וואָס זײַנען מיר בײַ צײַטנס נישט געקומען צו קבֿר־אָבֿות אין דער אייגענער היים?

אין די ייִדישע שטיבער אויף נאַלעווקעס און גזשיבאָוו האָבן העל און ליכטיק געברענט אַלע לאָמפּן. די טישן זײַנען געווען באַדעקט מיט בלאַנקענדיק־ווײַסע טישטעכער. גרויסע ליכט האָבן געברענט אין זילבערנע קאַנדעליאַברעס און לײַכטער. די באַלעבאָסטעס האָבן זיך מער ווי יעדן שבת געמיט, אַז די פֿיש און די שבתדיקע יויך און דאָס צימעס זאָלן זײַן באַטעמט און שמעקן זייערע אומגליקלעכע אורחים. און גוטע רייד האָט מען צו די אורחים גערעדט. זיך געמיט זיי צו טרייסטן און מאַכן פֿאַרגעסן אין זייער צער און אומגליק.

— איר וועט זען... — האָט נאָכן קידוש מאַכן געזאָגט דער באַלעבאָס צו זײַנע אורחים — מיטן אייבערשטנס הילף וועט איר זיך שנעל אײַנאָרדענען. איך וועל אויך קענען צוהעלפֿן בײַ מײַן מסחר... נאָר נישט געזאָרגט, ייִדן! נאָר נישט פֿאַרלירן קוראַזש...

און די באַלעבאָסטעס האָבן אײַנגענומען מיט גוטע רייד די ייִדענעס און געזאָגט:

— אפֿשר איז עס גאָר צום גוטן... איר וועט האָבן דאָ, אין וואַרשע, פֿיל באַקוועמערע דירות און מען קריגט אין די האַלעס צו קויפֿן פֿון אַלדאָס גוטס. איר וועט זען...

און די שיינע און געבילדעטע טעכטער האָבן געברענגט די יונגע מיידלעך זייערע שענסטע קליידער און זיי אײַנגערוימט אין אויער:

— מיר׳ן אײַך פֿירן אין גרויסן טעאַטער. מיר׳ן מיט אײַך גייך אין די לאַזשענקעס [1]. איר וועט אַליין שפּעטער נישט וועלן צוריקפֿאָרן אין קליינעם שטעטל.

---

[1] אַריסטאָקראַטישע שפּאַציר־געגנט.

נאָר וואָס מער גוטע רייד מען האָט צו די אורחים גערעדט, אַלץ טרויעריקער זײַנען זיי געוואָרן. די מענער איז די ווייכע שבת־דיקע חלה געבליבן שטעקן אין האַלדז און געשטיקט. אַז זיי האָבן קוים־קוים געקענט אײַנהאַלטן די טרערן, וואָס זײַנען אָנגעלאָפֿן אין זייערע אויגן. די ווײַבער האָבן זיך נאָך מער צעכליפּעט, זיצנדיק בײַם ליכטיקן, פֿרעמדן שבתדיקן טיש. און די יונגע מיידלעך האָבן דערפֿילט עפּעס אַזאַ ענגשאַפֿט אין די שיינע קליידער, וואָס זײַנען אויף זיי אַזוי פֿרעמד געלעגן. געוועזן איז עס נישט בלויז דערפֿאַר, ווײַל מען האָט זיך דערמאָנט, אַז מען איז אַן אורח, אַז מען זיצט בײַ אַ פֿרעמדן טיש, אַז מען עסט פֿיש און צימעס, וואָס פֿרעמדע הענט האָבן צוגעגרייט. געוועזן איז עס אויך נישט בלויז דערפֿאַר, וואָס מען האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט אַ מאָל האָט מען אַלץ פֿאַר־לוירן, דאָס באַלעבאַטישקייט, און די קראָם, און אַלץ אויף וואָס מען האָט אַזוי פֿיל יאָרן געהאָרעוועט. נאָר געקומען זײַנען דער טרויער און די טרערן הויפּטזאַכלעך דערפֿאַר, וואָס פֿון די גוטע רייד איז פֿאַר די מענטשן קלאָר געוואָרן, אַז דאָס, וואָס איז געשען, האָט טאַקע אויף אַן אמת מיט זיי פּאַסירט. דאָס אומגליק איז אויף זייערע קעפּ געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז זיי האָבן זיך נישט גע־קענט אָפּגעבן קיין רעכנשאַפֿט, וואָס עס איז געשען. זיי האָבן זיך געפֿילט אַזוי צעטומלט און אַזוי פֿאַרלוירן. די שרעק האָט זיי גע־טריבן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס איז זיי פֿאָרגעקומען, עפּעס אַ קאָשמאַר־חלום איז זיי פּלוצלינג באַפֿאַלן, און זיי לויפֿן מיט וואַנ־זיניקע אויגן, און אין חלום שמײַסט זיי דער רעגן אין פּנים, און אַז אין חלום הערן זיי דאָס געוויין פֿון די הונגעריקע קינדער. און עס איז זיי פֿאָרגעקומען, אַז אָט־אָט וועלן זיי אויפֿרײַסן די אויגן און דעמאָלט וועלן זיי זיך ווידער דערזען אין דער אייגענער שטוב, בײַ דעם אייגענעם טיש, און זיי וועלן דעמאָלט אָפּעטעמען און זאָגן דאָס אָפּשפּרעכעניש נאָך אַ שלעכטן חלום...

ערשט הערנדיק די גוטע רייד בײַם ליכטיקן, שבתדיקן טיש, האָבן די מענער און די פֿרויען זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ חשבון

פֿון דעם, וואָס עס האָט מיט זיי פּאַסירט. ערשט קוקנדיק אויף דעם ווײַסן קלאָרן טישטעך און אויף די גרויסע העל־ברענענדיקע שבת־ליכט, האָבן זיי אָנגעהויבן באַנעמען, אַז זיי האָבן אָן אַ פֿאַרוואָס פֿאַרלוירן זייער היים. און מיט אַ מאָל זײַנען זיי אַזוי טײַער געוואָרן, די אָרעמע, ענגע שטיבלעך, פֿון וועלכע זיי זײַנען אַרויסגעטריבן געוואָרן. עס זײַנען זיי אַזוי ליב געוואָרן די אַלטע, קליינע, מעשענע לײַכטערלעך, וואָס בײַ זיי האָבן זיי זייערע שבתים און ימים־טובֿים געפּראַוועט. און זיי זײַנען אויסגעגאַנגען פֿון בענקשאַפֿט נאָך דעם אַלטן מאַרק פֿון זייער שטעטל, און נאָך דער קאַלטער שול, וואָס איז געווען זייערס, און נאָך דעם הילצערנעם בית־המדרש, און נאָך דעם פֿינצטערן קליינעם געסל, ווו זייער הײַזקע איז געשטאַנען... די שענסטע גרויסע וואַרשעווער שטיבער זײַנען זיי גרייט אַוועקצוגעבן, צו קענען כאָטש איין קוק טאָן אויף זייער קליינער אָרעמער הײַזקע. דאָרט האָט געווינט דער טאַטע, דער זיידע, און אויף דעם קליינעם געסל איז יעדער שטיין געווען אַזוי נאָענט און היימיש. איצט איז דאָס אַלץ פֿאַרלוירן און פֿאַרשווונדן. יאָ, גוטע מענטשן האָבן אויף זיי רחמנות, נעמען זיי אַרײַן צו זיך אין שטוב. אפֿשר וועט גאָט העלפֿן און אין דער גרויסער שטאָט וועט אויך זײַן פּרנסה. די אַלטע היים וועט עס אָבער מער ניט זײַן. אויפֿן גוטן אָרט צו טאַטע־מאַמע און צו דער אַלטער באָבע וועט מען נישט קענען אַרויסגיין, און פֿאַר די שווײַגנדיקע קבֿרים וועט מען זיך פֿון האַרץ נישט קענען אַראָפּריידן...

טוט זיי איצט באַנג, פֿאַר וואָס זיי האָבן פֿריִער נישט געוווּסט, ווי גוט עס איז צו האָבן אַן אייגענע היים. עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי האָבן עפּעס פֿאַרפּאַסט אין זייער לעבן. זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט, ווי גליקלעך זיי זײַנען ערשט נישט לאַנג געווען אין זייער אייגענער אָרעמער הײַזקע. זיי האָבן גאָר נישט געוווּסט, ווי גוט עס איז זיי געווען אין די שמאָלע, ענגע געסלעך זייערע, אַפֿילו ווען זיי האָבן געקרעכצט, האָבן זיך באַקלאָגט און זײַנען מקנא געווען

די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט מיט זייער רייַכקייט און באַקוועם לעבן...

זיי פילן זיך איצט זינדיק קעגן זייער אַלטער פאַרלוירענער היים. זיי האָבן זי פאַרשעמט מיט זייער קלאָגן, מיט זייער קרעכצן און מיט זייער קנאה. אָ, איצט וועלן זיי דאָס מער נישט טאָן. זיי וועלן זיך פרייען מיט יעדן נייַעם טאָג, זיי וועלן גליקלעך זייַן אין זייערע אָרעמע, ענגע שטיבלעך און זיי וועלן קיינעם, קיינעם מער נישט מקנא זייַן. און די ליפן פליסטערן אַ תפילה אָן ווערטער:

— גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב, טו מיט אונדז דייַנע גרויסע גנאָדן און באַווייַז אונדז דייַן חסד און לאָמיר צוריק זייַן אין אונדזער היים.

נאָר בייַם טיש הערן זיי רחמנות־רייד און צוזאָגן, אַז מ'וועט זיי העלפן, אַז „מערצעשעם" נאָך שבת וועלן זיי האָבן אַן אייגענע דירה און אויך פרנסה וועט מיטן אייבערשטנס הילף זייַן. דעמאָלט — ווייסן זיי — איז די אַלטע היים אויף אייביק פאַרלוירן געגאַנגען. קומען אין די אויגן טרערן, און אַ שטיל כליפען ברעכט־אויס בייַם שבתדיקן ליכטיקן טיש.

ווערט שטיל בייַם טיש. די באַלעבאָסטע מיטן באַלעבאָס ווינקען זיך איבער מיט רחמנות־בליקן. בענטשט מען שטיל אָפּ און מען לויפט ווידער אַראָפּ אין גאַס.

וואָרעם אויך שבת, אַ גאַנצע נאַכט, הערן נישט אויף אָנקומען די פורן. די רבנים מיט די גלאַנציקע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס שטייען אויף דער גאַס אין מיטן שלאַקסרעגן און העלפן טראָגן די קינדער פון די פורלעך. דער אַלטיטשקער רבי, אַברהם פערלמוטער, מיט זייַן לאַנגער שנייוווייַסער באָרד שטייט בייַ די פורלעך. ער איז שוין צו־אַלט צו קענען העלפן, נאָר אַוועק אין שטוב וויל ער נישט. יעדעס מאָל פאַלט צו אים צו אַ ייִד מיט אַ געוויין:

— רבי! — ברעכט זיך דעם יידס קול — ס'ערשטע מאָל אין מייַן לעבן מחלל שבת געווען! געקומען צו פאָרן אום שבת... גוואַלד, חילול שבת!...

און דעם רבינס ציטערדיקע הענט נעמען־אַרום דעם ייִד:

— הלוואַי זאָל איך זוכה זײַן — צעשאָקלט זיך דעם רבס שנײַ־ווײַסע באָרד — צו לײַדן צוזאַמען מיטן כּלל־ישׂראל!...

אַפילו די רײַכע „דײַטשן" מיט זײערע ווײַבער און די טעכ־טער האָבן דאָס מאָל נישט געקענט אײַנזיצן רויִק אין די גוייִשע גאַסן און זיי זײַנען געקומען העלפן. אַדאָלף בער, דער גרויסער אַדוואָקאַט, טראָגט אַ קינד אויף דער האַנט. אָנטרעפנדיק דניאל עפשטיינען, שמייכלט ער פאַרלעגן:

— פון הײַנט אָן הייס איך צוריק אַברהם, ווי דער פעטער ר' מאירל הערט מיך נישט אויף צו רופן...

אין זײַן שוואַרצער פעלערינע אײַנגעהילט, גייט שווער איבער דער גאַס י. ל. פרץ און זײַנע דיקע פריצישע וואָנצעס ציטערן־אויף און זײַנע גרויסע שוואַרצע אויגן פלאַמען, ווי זיי וואָלטן דערזען די שאָטנס פון אַלטן מאַרק...

אויך צו מאָרגנס, שבת בײַ טאָג, האָבן נישט אויפגעהערט קומען פורלעך. אַלע בתי־מדרשים, שולן און שטיבלעך זײַנען שוין פול מיט מענער, פרויען און קינדער. אַלע זאַלן פון אַלע ייִדישע חברות זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַכסניות. אין די שטיבער פון „הזמיר" שפּילט זיך י. ל. פרץ מיט קליינע קינדערלעך און טראַכט־אויס אויפן אָרט וווּנדערלעכע מעשׂהלעך, וואָס ווערן אויסגעהערט מיט ברייט־צעעפנטע טרויעריקע קינדישע אייגעלעך.

אין דער זעלביקער צײַט הערן נישט אויף צו קומען פרישע וואָגלערס מיט דעם קורצן אָנזאָג:

— מען טרײַבט...

און ייִדן נעמען צוזאַמען די אַנטרונענע, צעשיקן זיי איבער די שטובן, אין וועלכע עס ווערט וואָס אַ מאָל ענגער צווישן די מח־נות זײַדענע און טוכענע זשיפּיצעס, וואָס טראָגן אין הויף דאָס באַ־לעבאַטישקייט פון די וואָגלערס, באַווײַזט זיך פון צײַט צו צײַט אַ שלאַנקע הויכע געשטאַלט אין אַ גלחישער סוטאַנע. דער גלח רעדט צו קיינעם נישט, נאָר די שווערסטע משׂאות נעמט ער אויף זײַנע

פּלייצעס און שלעפּט אין די טויערן און הייף. אין דער ערשטער צעטומלעניש באַמערקט מען אים נישט. שפּעטער אָבער הייבן־אָן נײַגעריקע בליקן נאָכפאָלגן די גלחישע סוטאַנע. דעמאָלט פאַרשווינדט דער גלח פון איין גאַס, כּדי אין עטלעכע מינוט שפּעטער זיך צו באַווײַזן אין אַ צווייטן געסל, ווידער צו שלעפּן פון די פורלעך פּעק מיט צעווייקטע פון רעגן פּערענעס און קישנס.

נישטאָ קיין צײַט אַ סך צו טראַכטן. פון דעסט וועגן הערן זיך צווישן די פאַרפּאָרעטע יידן קורצע, אָפּגעהאַקטע באַמערקונגען:

— זעסט דאָרט דעם גלח...

— זע, ווי ער טראָגט אויף די פּלייצעס די קישנס...

— און ער רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט, דער גלח...

דניאל עפּשטיין האָט זיך שוין צוויי מאָל צוזאַמענגעטראָפן נאָענט מיט דעם גלח און יעדעס מאָל טוען זיי איינער צום אַנדערן אַפילו קיין שאָקל נישט, ווי זיי וואָלטן זיך נישט דערקענט. ר׳ לוי האָט נאָר פון דער ווײַטנס געזען די גלחישע סוטאַנע. ווען ער טרעפט אויף דער גאַס עפּשטיינען, קען ער זיך נישט צוריקהאַלטן פון פרעגן:

— דאָס איז ער טאַקע, שלמהלע?...

— יאָ, דער פּאָטער אַנטאָניוס! — דערמאָנט עפּשטיין, אַז שלמהלע באַלאַנגט איצט צום בישאָפן־פּאַלאַץ.

דער אַלטער פּאַן מיכאַל, דער פּרעזעס פון דער גמינע, האָט אויף דער גאַס פאַרהאַלטן די רבנים און בײַ זיי געפרעגט אין האַלב־יידיש און האַלב־פּויליש, צי מען מעג שבת האָבן אַן אַסיפה.

— אין אַזאַ שבת מעג מען אַלץ! — האָבן די רבנים געפּסקנט — ס׳איז דאָך פּיקוח־נפש.

זײַנען זיי אַלע אַוועק אין דער רויטער ציגל־געבײַדע אויף גזשיבאָווסקע גאַס. דער פּאַן מיכאַל האָט געפּרוווט עפּעס זאָגן, אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. האָבן די רבנים געזאָגט, אַז הײַנט איז נישט קיין זמן צו ריידן, נאָר צו טאָן.

זײַנען אַוועק די אַלטע שׂררות פֿון דער קהילה מיט די צילינ־דערס אויף די קעפּ און די רבנים מיט די ברוינע קאָלפּאַקעס צום פּאָליצמײַסטער מײַער און צו אים געזאָגט:

— הײַנט װעלן מיר װיסן, הער פּאָליצמײַסטער, צי איר זײַט אונדזערס אַן אמתדיקער פֿרײַנד...

דער פּאָליצמײַסטער האָט אומבאַהאָלפֿן פֿונאַנדערגעשפּרייט ביידע הענט און געענטפֿערט:

— איך קען גאָר נישט טאָן, מײַנע הערן. הײַנט איז אַלץ אין זײַן האַנט...

דער פּאָליצמײַסטער האָט נישט אַרויסגערעדט דעם נאָמען פֿון דעם מאַן, וואָס אַלץ איז אין זײַן האַנט, נאָר אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער מיינט נישט קיין אַנדערן ווי דעם גרויספֿירשט ניקאָלײַ ני־קאָלאַיעוויטש.

האָבן די רבנים געקוקט אויף די דאָזאָרעס און די דאָזאָרעס האָבן געקוקט אויף די רבנים. אין זייערע אַלעמענס אויגן איז געווען פֿאַרלוירנקייט. זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז גענעראַלן ציטערן אימת־מוות פֿאַר ניקאָלײַ ניקאָלאַיעוויטשן. הײַנט, ווי קענען צו אים אַרײַנקומען ייִדן מיט בערד און פּיאות און מיט קאָלפּאַקעס און זשיפּיצעס?

דער אַלטער ראַדאָמער רבֿ האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען זײַן שנייוויַסע באָרד און געזאָגט:

— מען דאַרף גיין צו דעם רשע...

— וואַרט! — האָט דער פּאָליצמײַסטער געוואָלט ווײַזן קהל, אַז ער נעמט נישט אומזיסט ייִדיש געלט און אַז ער קען שטענדיק צו נוץ קומען — איך וועל פּרוּוון פֿריִער זיך דערוויסן ווו ער איז...

ער איז באַלד צוריקגעקומען און געזאָגט:

— ליידער איז ער נישטאָ אין שטאָט און אויך גענעראַל יאַ־נושקעוויטש איז נישטאָ...

די אַלטע ייִדן זײַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צוריקגעגאַנגען

צו די יידישע גאַסן, ווו פֿאַר די טויערן זײַנען געשטאַנען יידן אין שבתדיקע בגדים, אָבער אויף זייערע פּנימער איז דאָס מאָל נישט געווען צו דערקענען די רו פֿון שבת... זיי האָבן מיט האָפֿענונג נאָכגעקוקט די רבנים און קהל און פֿון זייערע פֿאַרזאָרגטע פּנימער אַראָפּגעלייענט די טרויעריקע בשורה.

דער אַלטער פּאַן מיכאַל האָט געזוכט אַ צווייטן וועג. ער האָט געהאַט גוטע איבערגעגעבענע פֿרײַנד צווישן די גרויסע פּוילישע שׂררות. ער האָט ביז דעם שבת געגלויבט. האָט ער זיי געפּרוּווט אויפֿזוכן, אויב מיט די יידן וויל מען נישט ריידן, וועלן זיי אפֿשר אויסגעהערט ווערן פֿון די יחסנישע גראַפֿן. אפֿשר וועלן זיי זאָגן אַ גוט וואָרט פֿאַר די יידן?

— איך ווייס נישט וואָס עס איז! — האָט דער אַלטער פּאַן מיכאַל זיך געקלאָגט פֿאַר דניאל עפּשטיין — עפּעס טרעף איך נישט הײַנט קיינעם. צו וועמען איך ווענד זיך, באַקום איך דעם זעלביקן ענטפֿער: „נישטאָ אין דער היים".

— איר וועט זיי נישט טרעפֿן... — האָט עפּשטיין אַרויסגעריעדט די ווערטער מיט אַ טרויעריקן שמייכל.

— וואָס מיינט איר מיט דעם צו זאָגן, פּאַן עפּשטיין? — איז דעם פּאַן מיכאַל נישט געפֿעלן געוואָרן עפּשטיינס שמייכל.

— איך מיין מיט דעם צו זאָגן, אַז זיי באַהאַלטן זיך אויס פֿון אײַך... — איז עפּשטיינס ענטפֿער געווען אַ ברוטאַל־קלאָרער — און איך האָב אַ גוטן גרונט צו זײַן זיכער, אַז זיי האָבן צוגעלייגט אַ האַנט צו דעם אַלעם...

— צוגעלייגט אַ האַנט?... — האָט די אונטערשטע ליפּ בײַם פּאַן מיכאַל גענומען ציטערן.

— ליידער איז עס אַזוי... — האָט עפּשטיין געקוקט מיט באַדויערן אויף דעם אַלטן פּאַן מיכאַל — אין די סאַלאָנען פֿון גראַף בראָנעצקי זײַנען זיי דורכגעקומען מיטן גענעראַל יאַנושקעוויטש, אַז אין אַלע צרות זײַנען שולדיק די זשידקעס...

די הויכע שלאַנקע פֿיגור פֿון אַלטן פּאַן מיכאַל איז מיט אַ מאָל

צוזאַמענגעפֿאַלן. ער איז ווי קלענער געוואָרן, ווי אײַנגעשרומפּן. אויך זײַן פּנים איז געוואָרן זייער אַלט און די אויגן האָבן געגומען בײַ אים עפּעס מאָדנע פינטלען. דער חלום פֿון זײַן לעבן איז מיט אַ מאָל צו נישט געוואָרן.

— אַ בריק פֿון גוטע רייד, וואָס פֿירט פֿון די ייִדישע גאַסן צו די פּוילישע... — מיט דעם חלום האָט דער פּאַן מיכאַל גע־לעבט. איצט האָט די בריק ווי אַ שמאַטע זיך געוואַלגערט בײַ די פֿיס פֿון פּאַן מיכאַל און ער האָט אָן אַ וואָרט אַרויסצוריידן, אַ געבויגענער און צוזאַמענגעקאָרטשעטער, פֿאַרקערעוועט אין אַ זײַטיק געסל.

— איך בין געווען אַן אַכזר... — האָט עפּשטיין אים נאָכ־געקוקט — אָבער עס וואָלט געווען נאָך גרויזאַמער אים אויך הײַנט צו נאַרן.

רי לוי האָט מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט נאָך דעם אַלטן פּאַן מיכאַל. ער איז אים מיט אַ מאָל נאָענט געוואָרן. יעדן טאָג האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפֿן אין דאָזער־שטיבל [2]. זיי האָבן גע־שמועסט וועגן קהלישע ענינים. ווי דער שטײַגער, אויסגעפֿרעגט וועגן געזונט און וועגן די בני־בית און וועגן געשעפֿט, און האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר אַלטע פֿרײַנד. גלײַכצײַטיק האָבן זיי אָבער גע־ווּסט, אַז זיי באַלאַנגען צו צוויי פֿרעמדע וועלטן. דעם פּאַן מיכאַלס וועלט איז געווען די פּוילישע גאַס מיט אירע פֿריידן און זאָרגן; ר׳ לוי ווידער האָט געהערט צום „שטיבל" און צום חסידישן גזשי־באָוו [2]. הויכע ווענט זײַנען צווישן זיי ביידע געשטאַנען, אַ וואַנט פֿון פֿרעמדע מנהגים און לעבן־שטייגער, וואָס האָט נישט דערלאָזט צו אַן אמתער פֿרײַנדשאַפֿט און נאָענטקייט. נאָר איצט, אין דעם טרויעריקן שבת, זעענדיק די צוזאַמענגעקאָרטשעטע געשטאַלט פֿון אַלטן פּאַן מיכאַל, האָט ר׳ לוי געהאַט דאָס געפֿיל, אַז די דאָזיקע

---

[2] גמינע־הויז, קהילה (אין פּוילן האָט זי געגאַסן פֿון אָנערקענונג בײַ דער מלוכה). — [3] אַ טיפּיש־ייִדישע געגנט אין וואַרשע.

וואַנט וואָס האָט זיי פֿון שטענדיק אָן פֿונאַנדערגעטיילט, איז מיט אַ מאָל פֿאַרשוווּנדן. דער אַלטער פֿאַן מיכאַל איז געוואָרן עפּעס נענטער און היימישער צו ר׳ לויך, נענטער אַפֿילו ווי זײַן איידעם, דניאל עפּשטיין. ער ווייסט נישט פֿאַר וואָס, נאָר עפּעס פֿילט ער אַ רחמנות צו זײַן אַלטן פֿרײַנד פֿון דאָזער־שטיבל. ער וויל אים זאָגן עפּעס גוטס און ער ווייסט נישט וואָס.

אַ שווער־סאַפּענדיקער האָט ר׳ לוי דערזאָגט דעם פֿאַן מיכאַל. און מאָדנע: דער אַלטער גמינע־פּרעזעס האָט זיך נישט געוווּנדערט, דערזעענדיק נעבן זיך ר׳ לויך. זײַנע אַלטע אויגן זײַנען פֿאַרלאָפֿן מיט אַ פֿײַכטקייט, ווען ר׳ לוי האָט אים אָנגענומען בײַם אָרעם און געזאָגט:

— מײַן הויז איז נישט ווײַט, אפֿשר וועלן מיר אַרויפֿגיין אויף עטלעכע מינוט.

— מיט פֿאַרגעניגן, ר׳ לוי...

— זיי זײַנען געגאַנגען איבער דער גאַס, די צוויי אַלטע ייִדן, וואָס אַ גאַנץ לעבן האָבן זיי זיך געהאַלטן פֿאַר פֿרעמדע, און פּלוצלינג האָבן זיי זיך געפֿונען און דערקענט, אַז זיי זײַנען פֿון איין היים.

אין ר׳ לויס הויז איז געווען טומלדיק. אין אַלע צימערן און אויך אין דער גרויסער סאַלע זײַנען געווען אויסגעשטעלט טישן און אַרום די טישן זײַנען געזעסן ייִדן בײַ דעם שבתדיקן טשאָלנט. פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך זײַנען זיי געקומען צו לויפֿן. איצט זײַנען זיי געזעסן בײַ איין טיש, ווי מענטשן וואָס קענען איינער דעם אַנדערן אַ לעבן לאַנג. יעדער פֿון זיי האָט געהאַט אַן אַנדערע געשיכטע צו דערציילן, נאָר געווען זײַנען אַלע זייערע געשיכטעס ענלעך איינע צו דער אַנדערער, ווי ענלעך עס זײַנען די טראָפּנס וואַסער. מיט פֿאַרשיידענע רייד האָבן זיי דערציילט איינער דעם אַנדערן, ווי אַזוי די רשעים האָבן געטריבן און געשלאָגן און חרובֿ געמאַכט אין איין שעה די האָרעוואַניע פֿון דורות גאַנצע. מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך אָבער געכאַפּט, אַז עס איז, אייגנטלעך,

נישטאָ וואָס צו דערציילן, אַז זיי חזרן־איבער איין געשיכטע, וואָס איז אַזוי אַלט, ווי אַלט עס איז דער נאָמען ייִד. דעמאָלט האָט זיך אַ קרעכץ אַרויסגעריסן פֿון האַרץ. איין קרעכץ, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע טישן און אַלע שטובן פֿון ר' לויס גבֿירישער וווינונג.

— פֿאָרט שבת! — האָט אַן אַלטער ייִד אין מיטן קרעכצן זיך דערמאָנט און גענומען אויסזינגען אַ ניגון.

האָט מען פֿון אַלע טישן אונטערגעכאַפּט דעם ניגון און אויף דער גאַס אַרויס האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג פֿון מענטשן, וואָס האָבן פֿאַרלוירן זייער היים און זייער שטוב און אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט, נאָר די פֿרייד פֿון ייִדישן שבת האָט מען פֿאָרט בײַ זיי נישט געקענט צונעמען.

דבֿורהלע איז געגאַנגען פֿון איין טיש צום אַנדערן און בײַ יעדן טיש געפֿרעגט:

— אפֿשר נאָך אַ שטיקל פֿיש?...

און איר טאָכטער, די שיינע בת־יחידה לאָניאַ, האָט צוזאַמען מיט די דינסטן, מיט אַ פֿאַררויטלטן פּנים, געטראָגן פֿאַלומיסקעס קאָכעדיקן טשאָלנט און איר מאַן, דניאל עפּשטיין, וואָס איז נאָר־וואָס צוריקגעקומען פֿון פֿאָליצמייסטער מײַער, האָט געהאָרכזאַם אויסגעפֿירט לאָניאַס באַפֿעלן און געטיילט דעם טשאָלנט אויף די טעלער.

און מיט אַלעמען האָט קאָמאַנדעוועט, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צײַטן, יונה סאַרוועך. ער איז שוין געווען זייער אַלט, ער איז שוין מער נישט געגאַנגען אויף חתונות און שׂמחות צו די גבֿירים אויפֿן גזשיבאָוו. אָבער איצט איז ער געווען.

— גײַט עך, קינדער! — האָט ער צו זײַנע צוויי זין געזאָגט — פֿאַרפֿאַלן, אַז מ'ווערט אַלט, העלפֿן נישט קיין חכמות.

יונה סאַרוועך האָט שווער אָפּגעקרעכצט, ווען הערץ דאָקטער האָט אים פֿאַרבאָטן צו גיין אויף חתונות.

— ווי אַזוי וועט מען זיך אַן עצה געבן אָן מיר? — האָט ער געפֿרעגט בײַ הערץ דאָקטער.

צענדליקער יאָרן האָט יונה סאַרוועד זיך געפּאָרעט אויף אַלע חסידיש־נגידישע חתונות אויפן גזשיבאָוו. אָן יונה סאַרוועד האָט מען אויפן גזשיבאָוו נישט געמאַכט קיין שמחה. און די מחותנים און יונה סאַרוועד אַליין האָבן געמיינט, אַז אָן אים קען קיין שמחה נישט געמאָלט זײַן אין אַ יידישער שטוב.

דאָקטער הערץ האָט יונה סאַרוועד אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע:

— הער, יונה! — האָט ער געזאָגט — אָן דאָקטער הערץ קען מען זיך אויך נישט קיין עצה געבן אויפן גזשיבאָוו. פון דעסט וועגן וועלן מירביידע גאָר אין קורצן זיך אויסשלאָפן אויפן גוטן אָרט און אויפן גזשיבאָוו וועט מען שוין געפינען אַ צווייטן דאָקטער הערץ און אַ צווייטן יונה סאַרוועד...

דאָקטער הערץ האָט אויף זײַן שטייגער זיך געוויצלט, נאָר מיט שטילן טרויער האָבן אָפּגעקלונגען זײַנע ווערטער.

— נישט גוט מיט מיר, יידן! — האָט ער האַלב זיך באַקלאָגט און האַלב געלאַכט — איך האָב שוין אַפילו נישט קיין חשק צו זינדיקן... אוי, נישט גוט...

און ער האָט צו יונהן שטרענג געזאָגט:

— איך זאָל דיך מער ניט זען אויף קיין חתונות, יונה! בײַם קאָלנער וועל איך דיך אַרויסוואַרפן!...

מילא, האָט יונה סאַרוועד קיין עצה נישט געהאַט און זיך געמוזט אונטערוואַרפן דער ביטערער גזירה פון הערץ דאָקטער. ער האָט אויפגעהערט צו גיין אויף חתונות און פאַר די שכנים דער־מאָנט די יאָרן פון זײַן גלאַנץ:

— וואָס ווייסט עך סאַראַ שמחות ס'זײַנען אַמאָל בײַ יידן געווען, בײַ די פּריוועסעס, בײַ די גראַמאַנס, בײַ די בלאַסעס און בײַ די וועגמײַסטערס! און אָן יונה סאַרוועד האָט מען זיך נישט גע־רירט! — אַזוי האָט יונה סאַרוועד געבענקט נאָך די אַמאָליקע צײַטן.

נאָך דעם שבת איז יונה סאַרוועד געקומען צו דבורהלען און געזאָגט:

— דעם שבת מוז איך צוהעלפֿן, און קיין געלט וויל איך נישט. פֿאַר אַזאַ מצווה נעמט מען נישט קיין געלט...

— אָבער הערץ דאָקטער... — האָט דבֿורהלע זיך געקווענקלט.

— וואָס הייסט ער, דער הערץ דאָקטער? — איז יונה סאַרווער געוואָרן אין כּעס — בײַ אַזאַ מצווה קען געוויס נישט שאַדטן...

יונה סאַרווער האָט זיך אַרומגעוויקלט מיטן ווײַסן פֿאַרטעך און אָנגעטאָן אויפֿן קאָפּ דאָס הויכע זײַדענע קאַפּל און איז מיט אַ מאָל ייִנגער געוואָרן. ער איז געלאָפֿן פֿון איין טיש צום אַנדערן, אַפֿילו מיט דעם מיליאָנטשיק עפּשטיין קאָמאַנדעוועט און אַפֿילו אויף לאָניאַן זיך צעשריגן, ווען זי האָט נישט ווי ס'דאַרף צו זײַן אויסגעפֿירט זײַן באַפֿעל.

— עסט, ייִדן, עסט געזונטערהייט און האָט זיי אין דר'ערד, די אַלע רשעים און עמלקים! — האָט יונה סאַרווער געמונטערט דעם עולם — און פֿאַרזוכט טאַקע מײַנע ציבעלעס, כ'זאָג אײַך, טעם גן־עדן... גוט שבת, ר' לוי! — איז יונה סאַרווער אַקעגנגעגאַנגען זײַן אַלטן באַלעבאָס — נו, איר, ר' לוי, מעגט שוין אויך קידוש מאַכן.

יונה סאַרווער האָט דערקענט דעם גרויסן שׂררה פֿון די דײַטשן, וועמען ר' לוי האָט מיטגעבראַכט, און ער האָט צוגעגעבן:

— און דער פֿאַן מיכאַל וועט זיך אויך מהיה זײַן מיט מײַן טשאָלנט, בנאמנות...

דער פֿאַן מיכאַל האָט מיטן צילינדער אויפֿן קאָפּ זיך אַוועקגעזעצט צווישן די ייִדן פֿון גאַרוואָלין און וואָרקע, סאַבין און קאַרטשעוו, וואָס האָבן פֿאַרפֿולט ר' לויס שטיבער. דעם פֿאַן מיכאַל האָבן געשמעקט די קאַלטע געפֿילטע פֿיש. ער האָט אַפֿילו טועם געווען די ציבעלעס, געלויבט דעם „פֿיס", געווען מלא התפּעלות פֿון טשאָלנט און האָט אײַנגעשטימט מיט יונה סאַרווער, אַז דער קוגל האָט טעם גן־עדן. נאָר מער ווי פֿון יונה סאַרווערס מאַכלים האָט דער פֿאַן מיכאַל הנאה געהאַט פֿון זיצן בײַ איין טיש מיט די באַבערדטע און באַפּיאותטע ייִדן. ס'גאַנצע לעבן האָט, אייגנט־

לעך, פאַן מיכאַל געהאַט צו טאָן מיט די דאָזיקע ייִדן. פאַר זייער טובֿה וועגן איז ער געזעסן אין דער גמינע און זיך געקהלט — אַזוי, יעדנפֿאַלס, האָט ער אַליין געגלויבט. פֿאַר זיי האָט ער זיך משתדל געווען ביי די צאַרישע שׂררות. פֿאַר זיי אויפֿגעבויט דאָס שפּיטאָל אויף טשיסטע, דעם מושבֿ זקנים און דאָס יתומים־הויז. פֿאַר זיי גיט ער יעדעס יאָר שווערע געלטער אויף צדקה און נעמט אויך געלט ביי זיינע רייכע פֿריינד און מחותנים, די נאַטאַנזאָנס און אייגערס. ס׳גאַנצע לעבן הערט ער נישט אויף צו זאָרגן פֿאַר די דאָזיקע ייִדן, מיט וועלכע ער עסט איצט צוזאַמען טשאָלנט. ער וויל זיי מאַכן פֿאַר לייט. אויסמענטשלען. ער וויל זייערע קינדער לערנען מלאָכה, האָט אויפֿגעשטעלט די גרויסע האַנטווערקער־שול. ער וויל זיי הערן ריידן אַ גוטן פויליש און איז גרייט פֿאַר זייערע קינדער צו צאָלן שׂכר־לימוד אין די שולן און אוניווערסיטעטן. ער וויל, אַז זיי זאָלן זיך ממש אָפּשערן די פּיאות און אַ ביסל אין אָרדענונג ברענגען זייערע צעשויבערטע בערד.

אַ לעבן לאַנג האָט פאַן מיכאַל געוווסט, וואָס ער וויל און וואָס ער וואָלט געוואָלט מאַכן פֿון די דאָזיקע אָרעמע ייִדן, נעבעך. נאָר איצט, ווען ער זיצט מיט זיי ביי איין טיש, ווייסט שוין נישט דער פאַן מיכאַל אַזוי גענוי, וואָס ער וויל. ס׳ערשטע מאָל זיצט ער מיט זיי ביי איין טיש. ס׳ערשטע מאָל עסט ער מיט זיי צוזאַמען קוגל. ס׳ערשטע מאָל רירן־אָן זייערע זיידענע צעריסענע זשיפּיצעס[4] זיין אַרבל. ס׳ערשטע מאָל זעט ער זייערע שבתדיקע פּנימער. ס׳ערשטע מאָל הערט ער זיי זמירות זינגען. ווייסט שוין נישט אויף זיכער, דער פאַן מיכאַל, צי ער וויל טאַקע, אַז די דאָזיקע ייִדן זאָלן פֿאַר־געסן זייער „זשאַרגאָן" און אָנהייבן ריידן אַ פֿיין־קלינגענדיקן פּוי־ליש. ער ווייסט שוין אויך נישט, צי עס וועט טאַקע בעסער זיין, ווען די בערד און פּיאות וועלן פֿאַרשווינדן פֿון זייערע פּנימער און זיי וועלן די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס פֿאַרטוישן אויף עלעגאַנטע

[4] קאַפּאָטעס.

פֿראַקן. ניין, איצט ווייסט ער נישט, דער פאַן מיכאַל, צי אַזוי וועט טאַקע גוט זײַן. ער ווייסט נאָר איצט, אַז עס איז אים גוט צו זיצן אָט דאָ, נעבן די ייִדן. ער אָטעמט אין זיך אַרײַן די ריחות פֿון די זײַדענע זשיפּיצעס און פֿון די שטרײַמלעך, און עס ווילט זיך אים נישט רירן פֿון אָרט. ער ווייסט נישט, ווי אַזוי צו ריידן צו די שכנים זײַנע בײַם טיש. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. ער קוקט אויף זייערע פּנימער. דאָס לעבן האָט אויף די דאָזיקע פּנימער געלייגט זײַן שווערן חותם. עס איז זיי נישט לײַכט געווען אויך פֿריִער אין זייערע אָרעמע שטעטלעך, איצט זײַנען זיי אָבער גע־בליבן אָן אַלעם, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, און דאָך קוקט האָפֿענונג אַרויס פֿון זייערע אויגן. אַ פֿריילעך געזאַנג ברעכט־אויס בײַם טיש. די זײַדענע קאַפּאָטעס און שטרײַמלעך צעשאָקלען זיך אין חסידישן ברען. הערט זיך צו דער אַלטער פאַן מיכאַל צו דעם געזאַנג און טרערן לויפֿן־אָן אין זײַנע אַלטע אויגן. ער אַליין וואָלט געוואָלט מיטזינגען, וואָלט זיך געוואָלט צעשאָקלען אָט אַזוי, ווי זײַן שכן פֿון רעכטס, נאָר ער ווייסט נישט, ווי אַזוי מען מאַכט עס.

דער פאַן מיכאַל קוקט זיך אַרום איבער ר׳ לויס צימערן. ער קוקט זיך צו צו דעם טומל, און מיט אַ מאָל דערפֿילט ער אין זיך עפּעס אַזאַ שטאָלץ מיט די דאָזיקע ייִדישע עקשנים, וואָס לאָזן זיך נישט ברעכן, וואָס קענען זינגען און זיך פֿרייען אַפֿילו, יאָ, דווקא, הײַנט...

דער פאַן מיכאַל דערמאָנט זיך, אַז באַלד וועט ער דאַרפֿן גיין אַהיים צו זײַן שיינער וווינונג, צו זײַנע גרויסע עלעגאַנטע און ליי־דיקע זאַלן. ווערט אים טרויעריק אויפֿן האַרצן. עפּעס אַ קעלט יאָגט פֿון זײַנע זאַלן, אַן אײַזיקע קעלט.

— איך קען נישט די ייִדן אַרויפֿנעמען צו מיר... — קוקט דער פאַן מיכאַל מיט אַ געפּיל פֿון קנאה אויף זײַן חסידישן פֿרײַנד ר׳ לוי — צו מיר וועלן זיי נישט גיין...

ביז הײַנט האָט דער פאַן מיכאַל זיך געגרויסט מיט זײַן דירה. אין אַ מוזיי פֿון ייִדישער קונסט האָט ער זײַן דירה פֿאַרוואַנדלט.

אַלטע מנורות, הענגלײַכטער, פּרוכתן געניייט מיט גאָלד, בילדער געמאָלן פון די באַרימטסטע קינסטלער, בשׂמים־ביקסלעך און תּורה־קרוינען — אַ ריזיק פאַרמעגן האָט פאַן מיכאַל פאַרווענדט, כּדי אָנצופּולן זײַנע שטיבער מיט יידישע אַנטיקן. נאָר איצט יאָגט אויך פון זיי אַ קעלט אויף דעם פאַן מיכאַל. ער וויל נישט מער קיין טויטע יידישקייט. לעבעדיקע יידן וויל ער איצט. טויטע יידישקייט וואַרעמט אים נישט מער.

— פאַר וואָס טאַקע נישט אויפנעמען די יידן אין מײַנע ליידיקע זאַלן? — פאַלט־אײַן דעם פאַן מיכאַל — אַזוי פיל טויזנטער מענטשן זײַנען געבליבן אָן אַ דאַך און איך דריי זיך איינער אַליין אַרום אין מײַנע פּוסטע שטיבער...

ער ווייסט גוט, דער פאַן מיכאַל, אַז ער וועט דאָס נישט טאָן. די גויִישע משרתים זײַנע וועלן דרייען מיט דער נאָז און לאַכן:

— איז ווער באַלעבאָס? — ווערט פאַן מיכאַל אין כּעס אויף זיך אַליין — איך צי מײַן לאַקיי, יאַן?..

ער ווייסט אָבער, אַז נישט בלויז דער לאַקיי, יאַן, וועט לאַכן. אויך זײַנע קינדער וועלן קומען צו לויפן מיט צעפּלאַמטע פּנימער. אַזאַ חרפּה זיי אָנטאָן! פּיאות־יידן גאָר ברענגען אין שטוב אַרײַן! די גאַנצע שטאָט וועט דאָך לאַכן. זיי קענען דאָך פאַר שאַנדע זיך נישט ווײַזן אויף דער גאַס. אין באַנק און אין טעאַטער וועט מען טײַטלען אויף זיי מיט די פינגער. איז ווי קען מען זיי טאָן אַזאַ זאַך? עלעהיי, געלט געבן, מילא... וואָס קען מען טאָן? כאָטש פון דער אַנדערער זײַט איז שוין צײַט אָפּצוהאַקן מיט דער דאָזיקער יידישקייט...

ער קען זײַנע קינדער, פאַן מיכאַל. ער ווייסט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער לעבט, וועלן זיי מיט יידישקייט נישט אָפּהאַקן. אָבער לאַנג שבֿעה זיצן וועלן זיי נאָך אים נישט זיצן. אָ, ניין! זיי וועלן זיך שנעל לאָזן אָפּשווענקען מיטן הייליקן וואַסער און איבעררײַסן די לעצטע דינע פעדעם, וואָס פאַרבינדן זיי נאָך דערווײַל מיט די יידישע גאַסן...

— הייסט עס, אַז אויך בײַ מיר אין שטוב בין איך אַ פֿרעמ־דער! — באַפֿאַלן טרויעריקע מחשבֿות דעם פֿאַן מיכאַל — אויך מײַן אייגענע שטוב שפּײַט מיך אַרויס...

— אייגנטלעך... — טוט ער צו זיך אַ שמייכל — בין איך דאָך גלײַך צו מײַנע שכנים דאָ... איך האָב נישט מער קיין איי־גענעם דאַך איבערן קאָפּ... נישט מער, וואָס וועגן דעם ווייסט קיינער נישט און איך אַליין האָב ערשט איצט זיך וועגן דעם דער־וווסט... נו, מילא, מיט וואָס בין איך דאָס מער יחסן פֿון זיי? זיי ווייסן אפֿשר בעסער צו דערציִען זייערע קינדער.

— ביטע! — גיסט לאָניאַ אָן דעם פֿאַן מיכאַל אַ גלעזל ווײַן.

דער פֿאַן מיכאַל קוקט אויף לאָניאַס פּנים, פֿאַררויטלט פֿון אָנשטרענגונג, און טראַכט אין זיך:

— זי, ר' לויס טאָכטער, וועט נישט אַנטלויפֿן פֿון די ייִדישע גאַסן.

ער ווייסט, דער אַלטער פֿאַן מיכאַל, אַז זי, לאָניאַ, האָט נישט געהאַט קיין לײַכט לעבן. אירע אויגן שײַנען איצט. אָבער בײַ די ווינקלען פֿון איר מויל זײַנען געבליבן שפּורן פֿון שווערע איבער־לעבענישן און ליידן. ער דערמאָנט זיך, קוקנדיק אויף לאָניאַן, אויף זײַן אייגענער טאָכטער, זײַן שיינע מערי. יאָ, אַלע באַוווּנדערן זי, די גראָטענע טאָכטער זײַנע. „די שיינע מערי" רופֿט מען זי. זי האָט אָן אַ שיעור פֿאַרערערס, אפֿשר שוין צו־פֿיל. פֿאַן מיכאַל זיפֿצט שווער אָפּ. ער וואָלט געוואָלט זען נאָר איין פֿאַרערער פֿון זײַן מערי, נאָר איינעם. ער איז שוין אַלט, זייער אַלט, דער פֿאַן מיכאַל. און ער וויל דאָס זעלביקע צו וואָס יעדער אַלטער ייִד שטרעבט. ער וויל פֿירן זײַן טאָכטער צו דער חופּה. ער וויל עס נאָך מער ווי אַן אַנדערער. ער איז גאָר נישט זיכער, צי זײַן טאָכטערס חופּה וועט זײַן אַ ייִדישע...

דער אַלטער פֿאַן מיכאַל דערפֿילט אַ לאַנגן, ווייטיקלעכן שטאָך אין האַרצן. ער האָט זיך צו־פֿיל אָנגעשטרענגט הײַנט. פֿאַרגעסן זײַנע יאָרן און צו־פֿיל אַרומגעלאָפֿן. אָבער נאָך וואָס קומט אַזוי

אָפּט צו אים אין שטוב דער באָגדאַן וואַסילעווסקי?... מען זאָגט, אַז ער איז אַ טאַלאַנטפולער דיכטער. מעגלעך. דער פאַן מיכאַל איז שוין אַליין צו־אַלט צו פאַרשטיין די יונגע פּאָעטן. און ער איז אַ פּראָגרעסיווער מענטש, דער באָגדאַן. ער הערט נישט אויף צו ריידן וועגן דעמאָקראַטיע, גלײַכקייט און אַלע אַנדערע שיינע און גרויסע אידייען. רעדט שוין אפשר צו־פיל און צו־שיין. אַז מען זאָל אים גלייבן. אָבער וואָס וויל ער פון זײַן מערי?... פאַר וואָס לויפן זײַנע אויגן איר נאָך מיט אַזאַ הייסן גלאַנץ?.. און זי, מערי? עפּעס רעדט זי צו דעם באָגדאַן אַנדערש ווי צו אירע אַלע אַנדערע פאַרערס... טייל מאָל כאַפּט ער אויף, דער אַלטער פאַן מיכאַל, די בליקן, מיט וועלכע מערי וואַרפט זיך דורך מיט דעם באָגדאַן. עפּעס געפעלן אים איצט נישט די דאָזיקע בליקן, עפּעס קומט אים פאָר, ווי הינטער אים שמועסן זיך אָפּ די דאָזיקע בליקן.

— איך שטער זיי... — לאָזט פאַן מיכאַל שווער אַראָפּ דעם קאָפּ — אַזוי לאַנג ווי איך בין דאָ, וואָגט זי נאָך נישט, מײַן מערי, איבערצורײַסן דעם לעצטן דינעם פאָדעם...

מאָדנע זאַכן קומען איצט פאָר מיט דעם פאַן מיכאַל, ווען ער זיצט בײַ ר׳ לויס שבתדיקן טיש. עס דאַכט זיך אים אַז ער איז שוין אין קבר און פון דעסט וועגן זעען אַזוי קלאָר זײַנע אויגן. ער געפינט זיך אין זײַן אייגענער שטוב, נאָר דערקענט זי מער נישט, די שטוב זײַנע. ווו זײַנען די אַלטע פּרוכתן? און די זיל־בערנע תורה־קרוינען? און די בשמים־ביקסלעך און די חנוכה־לאָמפּן? אַנשטאָט זיי — קוקן אויף דעם אַלטן פאַן מיכאַל צלמים. פון אַלע זײַטן און פון אַלע ווינקלען — צלמים.

— מערי, מײַן מערי!... — וויל דער אַלטער פאַן מיכאַל רופן.

ער דערזעט זי, מערין. זי גייט איבער די שטיבער און אַ גרויסער גאָלדענער צלם הענגט־אַראָפּ פון איר האַלדז, און קליינע שקצימלעך מיט צלמימלעך אויף זייערע העלדזער נעמען זי אַרום און פרעגן מיט שרעק:

— מאַמע, וואָס וויל דאָ דער אַלטער זשיד?...

דער אַלטער פאַן מיכאַל עפּנט שווער אויף די אויגן. ר׳ לוי רעדט עפּעס צו אים.

— וואָס? וואָס? — פרעגט־איבער דער אַלטער פאַן מיכאַל.

— מען וועט מוזן טראַכטן — רעדט ר׳ לוי — ווי אַזוי איינצו־אָרדענען די אַלע ייִדן.

און דניאל עפּשטיין גיט־צו:

— איך מיין, אַז נאָך היינט אין אָוונט וועט מען דאַרפן זיך צונויפקומען און עפענען די ביטלען.

— געוויס, געוויס... — שאָקלט־צו פאַן מיכאַל מיטן קאָפּ און רופט־אָן אַ סומע, וואָס מאַכט שטוינען ר׳ לוין און עפּשטיינען. די סומע איז אַזוי גרויס אַפילו פאַר אַזאַ רייכן מענטש ווי דער פאַן מיכאַל. פרעגט עפּשטיין:

— דער הער פרעזעס מיינט, אַז מיר וועלן קענען היינט צו־נויפזאַמלען אַזאַ גרויסן סכום.

— די סומע גיב איך! — זאָגט פאַן מיכאַל — און איך האָף, אַז קיינער וועט זיך נישט אָפּזאָגן.

ר׳ לוי קוקט אויף עפּשטיינען און זיין בליק פרעגט: צי ווייסט ער, דער אַלטער, וואָס ער טוט? עס איז דאָך דער גרעסטער טייל פון זיין פאַרמעגן...

דער אַלטער פאַן מיכאַל שטעלט זיך אויף:

— צייט פאַר מיר צו גיין! — געזעגנט ער זיך מיט ר׳ לוין און עפּשטיינען — עס האָט מיך זייער געפרייט, ר׳ לוי, היינט צו זיצן ביי אייער טיש, זייער געפרייט... און אין אָוונט, בעט איך, זיך צונויפקומען ביי מיר אין שטוב.

— געוויס, געוויס... — שאָקלט ר׳ לוי מיטן קאָפּ — איר האָט היינט אַזוי פיל געטאָן.

— נאַרישקייטן... — שמייכלט דער אַלטער פאַן מיכאַל — וואָס דען זאָל איך טאָן מיטן געלט? כ׳בעט וועגן דעם נישט ריידן. ר׳ לוי באַגלייט זיין פריינד ביז צו די טרעפּ. דער אַלטער פאַן

מיכאַל האַלט זיך פֿאַרזיכטיק אָן ביים פֿאָרענטש און שמייכלט צו זיך:

— זיי מיינען, אַז איך בין אַזאַ גוטער... זיי ווייסן נישט, אַז אפֿשר גאָר גיט מען אַ מאָל מער געלט פֿאַר שלעכטסקייט... זאָל דער פֿאַן באָגדאַן האָבן אַ קלענערע ירושה... הע־הע... נישט וואַר, מיט אַ זשיד קען מען קיין מאָל נישט וויסן, ווו מען האַלט... ביים ראַנד פֿון קבֿר קען ער נאָך וויזן אַ פֿייג, הע, הע...

דער פֿאַן מיכאַל שטעלט קליינע טריטעלעך אויף דער גאַס. ער קוקט אַ פֿאַרחידושטער אויף דעם טומל אין אַרום מיט די אויגן פֿון אַ מענטש, וואָס זיינען אויבנאויפֿיק געווענדט צום דרויסן, אָבער אין דער אמתן קוקן זיי צו נאָר אין זיך אַליין.

ער האָט קיין מאָל נישט געוווסט, דער פֿאַן מיכאַל, אַז מ׳קען קוקן מיט די אייגענע אויגן צו זיך אַליין, אַז מ׳קען מיט די אייגענע אויגן זען דעם אייגענעם אינגעווייד. ער דערשרעקט זיך פֿאַר דעם וואָס ער זעט. ער זעט אין זיך אַ גרויס צעטומלעניש. ער האָט גאָר נישט געאָנט ביז איצט, אַז אין זיין אינגעווייד דרימלט ערגעץ ווו פֿאַרשטעקט אַזאַ צעטומלעניש. ער האָט ביז היינט געמיינט, אַז אַלץ איז פֿאַר אים קלאָר און פשוט. אַזוי פשוט און אַזוי קלאָר, אַז אויך ר׳ לוי מיטן שטריימל און דער זיידענער זשיפּיצע וועט עס מוזן דערזען היינט צי מאָרגן. נאָר איצט ווייסט ער שוין גאָר נישט. ער האָט אויפֿגעהערט צו זען פֿאַר זיך דעם קלאָרן וועג. איצט דאַכט זיך אים, אַז ער קען מער קיין טראָט ניט שטעלן. אומעטום זיגזאַגן, שטרויכלונגען; פֿינצטערע גריבער זיינען עפּעס אויסגעשפּרייט פֿאַר זיינע פֿיס. ער האָט מיט אַ מאָל פֿאַרלוירן דעם וועג צו זיך אַליין. ער קוקט זיך אום אין אַלע זייטן. אפֿשר ווייסט פֿאָרט עמעצער דעם ריכטיקן וועג? אפֿשר איז עס ר׳ לוי? און אפֿשר גאָר זיין טאָכטער מערי? ער ווייסט גאָר נישט, צי ער דאַרף האָבן טענות צו איר, צו זיין טאָכטער. וואָס דען איז איר געבליבן, אויב נישט דער שייגעץ באָגדאַן?...

דער אַלטער פֿאַן מיכאַל טוט זיך אַ וואַקל אויף די פֿיס. עס

גיט אים עפּעס אַזאַ מאָדנער שווינדל פֿאַר די אויגן. ער הערט, אויף אַ מאָמענט, אויף צו זען, נאָר די געדאַנקען זײַנען בײַ אים גאַנץ קלאָרע:

— נאָר נישט אומפֿאַלן! — טראַכט ער — עס פּאַסט נישט פֿאַרן גמינע־פּרעזעס זיך אויסצוציִען אין מיטן גאַס ווי אַ שיכּור...

ער דערפֿילט, ווי אַ פֿעסטע, שטאַרקע האַנט האַלט אים אונטער. ער שפּאַרט זיך שווער אָן אויף עמעצנס אָרעם מיט צוגעמאַכטע אויגן.

— האָט נישט קיין מורא, ר׳ ייִד! — הערט דער פּאַן מיכאַל נעבן זיך אַ פֿרעמדע שטים — רוט אײַך אָפּ אַ ווײַל...

דער פּאַן מיכאַל פֿילט אין דער לינקער זײַט ווידער אַ לאַנגן, דורכדרינגענדיקן שטאָך. נישט געקוקט אויף דעם ווייטיק, קען ער נישט צוריקהאַלטן זיך פֿון אַ שמייכל טאָן. ס׳ערשטע מאָל, ווי עמעצער רופֿט אים: „ר׳ ייִד“. שוין צענדליקער יאָרן, ווי ער הערט זיך רופֿן „פּאַן פּרעזעס“. דער „פּאַן פּרעזעס“ האָט זיך שוין צוגע־קלעפּט צו אים. ייִדן און גויִים און אַפֿילו רבנים קענען נאָר דעם „פּאַן פּרעזעס“.

— ר׳ ייִד... — חזרט אין זיך איבער דער פּאַן מיכאַל די צוויי ווערטער, ווי ער וואָלט וועלן דערפֿילן אויף זײַן גומען זייער געשמאַק — ר׳ ייִד... עס מוז אַוודאי זײַן אַ פֿרעמדער, איינער פֿון די אַרויסגעטריבענע...

דער פּאַן מיכאַל אָטעמט שווער אָפּ. ער פֿירט זיך עטוואָס בע־סער און ער קען שוין ריידן.

— איר זײַט אַ וואַרשעווער? — פֿרעגט ער אויף פּויליש און וואַגט נאָך אַלץ נישט צו עפֿענען די אויגן.

— יעך בין פֿון גער... ליפּע־איטשעלע גרונמס פֿון גער...

— ליפּע־איטשעלע גרונמס... — באַמיט זיך דער פּאַן מיכאַל אײַנצוקריצן אין זײַן געדעכעניש דעם דאָזיקן לאַנגן אויסטערלישן נאָמען. ער איז נײַגעריק צו זען דעם מענטש מיט אַזאַ נאָמען און ער עפֿנט שווער די אויגן. אַ יונגער־מאַן פֿון מיטעלן וווקס מיט אַ

לאַנגער טוכענער קאַפּאָטע און אַ קליין היטעלע אויפֿן קאָפּ האַלט אים אונטער און קוקט אויף אים אַ באַזאָרגטער:

— ס'איז איַיך בעסער, ר' ייד? ...

— אַ דאַנק, ס'איז מיר פיל בעסער...

פון דעסט וועגן פילט זיך נאָך נישט דער פאַן מיכאַל בכוח צו גיין אַהיים.

— אפשר וועט איר אַזוי גוט זיַין — זאָגט ער צום יונגן־מאַן מיט דעם אויסטערלישן נאָמען ליפע־איטשעלע גרונמס — און מיך צופירן דאָ נישט וויַיט, צו ר' לוי פרענקעל.

— גוט, גוט, ר' ייד, יעך גיַי דאָך טאַקע צו אים, צו ר' לוין...

— איר קענט ר' לוין? — וווּנדערט זיך דער פאַן מיכאַל.

— אַ שאַלה אַ גוטע, צי יעך קען ר' לוין? — פאַרשטייט נישט ליפע־איטשעלע גרונמס, אַז עס קען זיך געפינען עמעצער, וואָס זאָל נישט וויסן אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. אַז ר' לוי קומט צום רבין, שלאָפט ער דאָך און עסט ביַי אונדז.

— כ'פאַרשטיי... — זאָגט דער פאַן מיכאַל, ווערנדיק פאַר־זיכטיק געפירט איבער דער גאַס פון ליפע־איטשעלע גרונמס — און איר קענט אויך דעם רבין? ...

— ווי דען? ... — צעשמייכלט זיך ליפע פון אַזעלכע נאַרישע שאַלות — וואָס הייסט, יעך זאָל נישט קענען דעם רבין, זאָל לעבן? ...

— האָט מען אויך פון גער אַרויסגעטריבן? — פרעגט וויַיטער פאַן מיכאַל.

— יאָ! — ענדערט זיך מיט אַ מאָל ליפעס קול — פון או־מעטום טריַיבט מען...

ר' לוי האָט זיך באַמיט נישט אַרויסצוויַיזן קיין צייכנס פון אומרו, דערזעענדיק פלוצלינג אין שטוב דעם פאַן מיכאַל, געפירט אונטערן אָרעם פון ליפען.

— ס'מאַכט נישט, ר' לוי! — האָט דער אַלטער גמינע־פרעזעס

פֿאַרלעגן געשמייכלט — עס איז די זיקנה... כ׳וועל זיך נאָר אַ ביסל אָפּרוען ביי איך.

ר׳ לוי האָט צוזאַמען מיט ליפּען אַריינגעפֿירט דעם אַלטן אין אַ זייטיק חדר.

דער פֿאַן מיכאַל האָט זיך דערפֿילט לייכטער, ווען ער האָט די פֿיס אויסגעצויגן אויף דער סאָפֿע.

— דער טאַטע איז אויך געקומען? — האָט ר׳ לוי שטיל געפֿרעגט ליפּען.

— יאָ! — האָט ליפּע קורץ געענטפֿערט.

— זאָרג נישט, ליפּע! — האָט ר׳ לוי צו אים געזאָגט — מ׳וועט עפּעס אַ קלער טאָן וועגן דיר מאָרגן.

ליפּע האָט נישט געזאָרגט. ער האָט זיך אַפֿילו מיט דעם געשעמט, וואָס ער זאָרגט אַזוי ווייניק, ווען אַלע אַרום זיינען מיט אַזעלכע טרויעריקע פּנימער. ער האָט זיך באַמיט צו זיין טרויעריק, ליפּע, אָבער עס האָט אים נישט געהאָלפֿן. אין האַרץ איז דאָס גאַנצע לוויפֿעניש און דער גאַנצער האַרמידער און טומל אים אַפֿילו געפֿעלן. ער איז געווען צופֿרידן, וואָס ער איז אַזוי שנעל און אומגעריכט געקומען קיין וואַרשע. דאָ וועט ער באַנייען זיין פֿריינדשאַפֿט מיט יאַנקל שמייסער. אויף דער דאָזיקער פֿריינדשאַפֿט האָט ליפּע געלייגט גרויסע האָפֿענונגען. ער, יאַנקל, וועט אים העלפֿן זיך אויסצוגעפֿינען אין דער גרויסער טומלדיקער שטאָט. ער וועט אים באַקענען מיט זיינע חבֿרים און חבֿרטעס, וועט אים קויפֿן אַ געבלימלטן זיידענעם שניפּס און ער וועט ווערן, ווי יאַנקל האָט אים פֿייערלעך פֿאַרזיכערט, אַ לייט... און צוליב דעם טאַקע איז ער איצט געקומען צו ר׳ לוין. געמיינט צו טרעפֿן אים, יאַנקל שמייסער.

— ווילסט אפֿשר קידוש מאַכן, ליפּע? — האָט ר׳ לוי געפֿרעגט.

— כ׳בין שוין נאָכן עסן, ר׳ לוי! — האָט ליפּע געוואָלט, אַז ר׳ לוי זאָל וויסן, אַז ער איז נישט געקומען צו אים עסן — כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל דאָ טרעפֿן יאַנקלען...

— ששששש... — האָט ר׳ לוי אַ בלייך־געוואָרענער זיך אַרומ־געקוקט אין אַלע זייטן מיט צעשראָקענע אויגן.

— ס׳איז עפּעס געשען מיט יאַנקלען? — האָט ליפּע נישט פֿאַרשטאַנען.

— ששששש... — האָט זיך ר׳ לויס געזיכט פֿאַרכמורעט — ער איז נישטאָ!... — און ער האָט שטרענג צוגעגעבן — דערמאָן נישט מער דעם נאָמען! הערסט, ליפּע? נישט ריידן מיט קיינעם קיין איין וואָרט! .

ערשט איצט האָט ליפּע־איטשעלע גרונמס זיך דערפֿילט באַ־זאָרגט און נידערגעשלאָגן גלייך ווי אַלע. יאַנקל איז נישטאָ און ער טאָר זיך אַפֿילו אויף אים נישט פֿרעגן. ער ווייסט נישט פֿאַר וואָס, ליפּע, נאָר איצט פֿאַרשטייט ער שוין, אַז עפּעס־וואָס האָט מיט יאַנקלען געמוזט פּאַסירן. ער וועט אים, יאַנקלען, מער ניט זען. עס וועט ניט זיין קיין פֿריינד, וואָס זאָל אים מאַכן פֿאַר אַ לייט, וואָס זאָל אים באַזאָרגן מיט אַ שיינעם שניפּס און אַ ווייסן, שטייפֿן גומענעם קאָלנער, און וואָס זאָל אים באַקענען מיט די שיינע וואַר־שעווער פּאַננעס. ליפּע האָט זיך דערפֿילט איינזאַם און פֿאַרלאָזן, און ער האָט אָנגעהויבן בענקען נאָך דער שטילער רבינס גאַס און נאָך די טומלדיקע מיט חסידים שטיבער פֿון זיין פּאָטערס אַכסניה.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט טרויעריק דעם קאָפּ, ליפּע, אַז ר׳ לוי זאָל ניט זען זיינע אויגן, אָנגעלאָפֿענע מיט טרערן.

אין צימער האָט זיך צעגאָסן אַן איידעלער פּערפֿום־ריח. מערי, דעם פּאַן מיכאַלס שיינע טאָכטער, איז האַסטיק אַריינגעלאָפֿן צו־זאַמען מיטן אַלטן הערץ דאָקטער

— וואָס איז, פּאָטער? — איז זי צוגעלאָפֿן צו דער סאָפֿע.

— עט, נאַרישקייטן, טאָכטער! — האָט דער אַלטער געגלעט אירע האָר.

הערץ דאָקטער האָט געציילט דעם דופּק פֿון חולה.

— אין אָרדענונג, פּאַניע מיכאַל! — האָט ער צו אים געלאַכט

— מיר, אַלטוואַרג, לאָזן נישט אַזוי שנעל צו צו זיך דעם מלאך־המוות, נישט וואַר?

מערי האָט מיט אומרוי געקוקט אויפֿן דאָקטער און געוואָלט וויסן, צי מ׳קען אים, דעם חולה, נעמען גלייך אַהיים.

— געוויס, געוויס, פֿרײַלין מערי! — האָבן זיך אין הערץ דאָקטערס אויגן אָנגעצונדן עפּעס שפּאָטישע פֿײַערלעך.

זי שעמט זיך, מערי, מיט די זשידעס, האָט דאָקטער הערץ געוווסט. זי איז זייער פּראָגרעסיוו, מערי, און זי מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן פֿאָלק און רעליגיע. פֿון דעסט וועגן וואָלט זי פֿיל געגעבן, מערי, ווען דער דאָזיקער ערדישער הויקער שלעפּט זיך איר נישט נאָך און שטייט נישט ווי אַ פֿינצטערער שאָטן צווישן איר און באָגדאַנען. ריכטיק, שיינע מערי?

מערי האָט זיך לײַכט פֿאַרוויטלט אונטער דעם דורכדרינגענדיקן בליק פֿון אַלטן הערץ און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. וואָס זאָל זי טאָן, אַז עס ווערט איר איבלדיק, ווען זי געפֿינט זיך צווישן אַזוי פֿיל ייִדן?! זי ווייסט, זיי זײַנען די זעלביקע מענטשן און מיט די זעלביקע רעכט. אָבער נאָך וואָס שלעפּן זיי זיך אַרום מיט זייערע בערד און פּיאות, מיט די אויסטערלישע היט, מיט די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און מיט זייער לשון, וואָס גרילצט אין די אויערן?...

און זי פֿאַרשטייט נישט איר אייגענעם פֿאָטער, מערי. אַזאַ אײַבערגעגעבענער, אַזאַ געטרײַער פּאָליאַק און קען זיך פֿאָרט נישט אָפּרײַסן פֿון די דאָזיקע אַלע זשידקעס. זי ווייסט, מערי, איר פֿאָטער האָט אַ גוט האַרץ און ער האָט רחמנות אויף די אָרעמע ייִדן. מען טרײַבט זיי איצט, האָט מערי געהערט, פֿון זייערע שטעטלעך. אַוודאי איז דאָס נישט אין אָרדענונג און געוויס דאַרף מען קעגן אַזאַ גרויזאַמקייט פּראָטעסטירן. נאָר פֿאַר זיך אַליין, ווייסט זי, מערי, אַז זי איז גלײַכגילטיק צו דעם אַלעמען. זיי זײַנען איר פֿרעמד. זי פֿילט גאָר נישט צו די אַלע ייִדן. זי האָט זיך נאָר־וואָס באַגריסט מיט לאָניאַן. זיי קענען זיך נאָך פֿון דער שול. נאָר איצט זעט איר אויך לאָניאַ אויס פֿרעמד. אין אַ ווײַסן פֿאַרטעך באַדינט זי, לאָניאַ,

די פיאות־יידן און איר פּנים ווערט עפּעס ענלעך צו זיי... נייך, מערי פילט זיך נישט אין דער דאָזיקער לופט, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט יידישע מאַכלים, און זי וואָלט שוין געוואָלט זיין מיט איר פאָטער אין גאַס.

זי פירט דעם פאָטער פאַרזיכטיק צו דער טיר. פּלוצלינג דרייט אָבער דער אַלטער פאַן מיכאַל אויס דעם קאָפּ און זאָגט:

— וואַרט, מערי, וואַרט אַ ווייל... כ׳האָב זיך פאַרגעסן צו געזעגענען...

— מיט ווענען? — קען מערי שוין נישט באַהאַלטן איר אומגעדולד.

דער אַלטער פאַן מיכאַל קוקט זיך אַרום. ער זוכט דעם יונגן־מאַן, וואָס האָט אים אונטערגעהאַלטן אויף דער גאַס און צוריקגעפירט צו ר׳ לויס שטוב. ער קען זיך נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון יונגן־מאַן. פון גער — האָט ער געזאָגט — איז ער, בלויז דאָס געדענקט דער פאַן מיכאַל. נאָר דעם נאָמען זיינעם האָט ער פאַרגעסן. אויף דעם שפּיץ צונג ליגט אים דער נאָמען. אַזאַ יידישלעך־קלינגענדיקער נאָמען... באַלד, באַלד, ער מוז זיך דערמאָנען...

דער פאַן מיכאַל פאַלדעוועט זיין שטערן. אין דער מיגוט קומט אים פאָר, אַז דאָס וויכטיקסטע פאַר אים איז זיך צו דערמאָנען דעם נאָמען פון יונגן־מאַן פון גער. נאָר פאַן מיכאַלס אויגן שיינען מיט אַ מאָל אויף. ער דערזעט דעם יונגן־מאַן מיט דער לאַנגער טוכענער קאַפּאָטע און קליינעם היטעלע אויפן קאָפּ.

די שיינע מערי ווערט בלייך פאַר אויפרעגונג. שיינע באַקאַנטשאַפטן פאַרשאַפט זיך איר פאָטער אויף דער עלטער! ער ווערט וואָס אַ מאָל ענלעכער צו די אַלע זשידעס דאָ. די שיינע מערי פילט, ווי דאָס בלוט לויפט איר אָן אין פּנים פאַר חרפה. אָבער פאַן מיכאַל גייט מיט שנעלע טריטלעך צו דעם יונגן־מאַן אין דער טוכענער קאַפּאָטע, און מעריץ בלייבט נישט מער איבער ווי נאָכגיין איר פאָטער.

— אַנטשולדיקט... — רעדט דער פאַן מיכאַל אַ צעשמייכל־טער — כ'האָב זיך נישט געקענט דערמאָנען דײַן נאָמען...

— ליפּע־איטשעלע גרונמס פון גער! — זאָגט דער יונגער־מאַן און קוקט מיט אויגן פול באַוווּנדערונג און שרעק צו גלײַך אויף דער שיינער מערי.

— זעסט, מערי! — רעדט דער פאַן מיכאַל צו זײַן טאָכטער — דאָס האָט ער, ליפּע־איטשעלע גרונמס, מיך צוגעהאַלטן אויף דער גאַס. ווען נישט ער...

— אַ דאַנק! — באַוועגן זיך מעריס פולע ליפּן קאַלט און אירע אויגן קוקן־אַריבער דעם קאָפּ פון ליפּע־איטשעלע גרונמס, ווי ער וואָלט פאַר איר גאָר נישט עקסיסטירט.

— ליפּע! — נעמט דער פאַן מיכאַל אָן זײַן האַנט — מוזט מאָרגן צו אונדז אַרויפקומען. ריכטיק, מערי?

מערי שווײַגט. איר שיין פּנים באַקומט אַ האַרטן אויסדרוק. וואָס טוט זיך מיט איר פאָטער הײַנט?... אַזעלכע געסט וויל ער ברענגען אין שטוב?...

— ביטע... — רעדט זי צו ליפּען, נישט קוקנדיק אויף אים.

— גיט מיר אײַער אַדרעס און מיר'ן אײַך צושיקן עפּעס צום אָנ־דענק...

ליפּע־איטשעלע גרונמס איז געוווינט צו ריידן מיט די פּויער־טעס פון זײַן שטעטל און ער כאַפּט שווער די ווערטער פון דער שיינער מערי. פון דעסט וועגן פאַרשטייט ער, אַז די דאָזיקע שיינע און רײַכע פאַננע מיינט אים צו געבן אַ נדבֿה. ווערט ער רויט פאַר כּעס און ער זאָגט צו דעם אַלטן פאַן מיכאַל:

— יעך דאַרף גאָר נישט, גאָר נישט... — און ער דרייט זיך אויס אַוועקצוגיין.

אָבער איך דאַרף דיך, ליפּע! — לאָזט אים פאַן מיכאַל נישט אָפּ — קום מאָרגן צו מיר אַרויף נאָך מיטאָג... וועסט קומען?...

ליפּע קריגט רחמנות אויף דעם אַלטן. עס דאַכט זיך אים, אַז דער אַלטער איז עפּעס אַזוי אומבאַהאָלפן, נעבעכדיק. ענטפערט ער:

— אויב מעגלעך, וועל איך צו אײַך קומען...

— דו האָסט אומזיסט באַליידיקט אַ מענטש, מערי! — זאָגט צו איר דער פֿאָטער שוין אויף דער גאַס.

מערי פֿאַרבײַסט די ליפּן. זי ווייס, אַז זי האָט אים, ליפּען, באַליידיקט. אָבער וואָס קען זי זיך העלפֿן, מערי, אַז זי קען זיי נישט פֿאַרלײַדן! די דאָזיקע ייִדן — וואָס טוען זיי דאָ אין איר וואַרשע? וואָס פּלאָנטערן זיי זיך שטענדיק בײַ די פֿיס? און איצט קומען זיי צו לויפֿן פֿון אַלע שטעטלעך. עס וועט דאָך באַלד נישט זײַן קיין אָרט, וווּ זיך פֿאַר זיי אויסצובאַהאַלטן. אַוודאי איז זי, מערי, אַ פֿאָרגעשריטענער מענטש און זי ווייסט, אַז אונטער דער לאַנגער קאַפּאָטע קלאַפּט אויך אַ האַרץ פֿון אַ מענטש. נאָר טייל מאָל דאַכט זיך איר, אַז זי האָט זיי פֿײַנט, די דאָזיקע ייִדן מיט די בערד און פּיאות. זיי מאַכן איר ענג די וועלט. וואָס וועט זײַן, אַז באָגדאַן וועט בײַ זיי אין שטוב זיך צוזאַמענטרעפֿן מיט דעם ליפּע? ער וועט גאָר נישט ריידן, באָגדאַן. געוויס. נאָר עפּעס וועט ער צו איר אַנדערש ווערן. ער וועט קוקן אויף איר מיט אַנדערע אויגן. נישט ווילנדיק, וועט ער זי פֿאַרגלײַכן מיט דעם ליפּע. אַזוי פֿילט זי, מערי, און פֿון דעם געפֿיל ווערט איר עפּעס אַזוי שווער אויפֿן האַרצן, אַז זי וואָלט געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון איר אייגענער שטוב, וואָס דער פֿאָטער האַלט אין איין פֿאַרוואַנדלען אין עפּעס אַ בית־המדרש...

טרערן קומען מערין אין די אויגן. זי קוקט אויף די גאַסן־קערערס, וואָס שטייען אין מיטן גאַס מיט די בעזעמער אין די הענט, און מערי טראַכט:

— ווי גוט איז זיי, וואָס זיי האָבן נישט די ליפּעס פֿאַר זייערע געסט...

1940

לייב דיין

# אויף קידוש־השם

אין די צײַטן פֿון דעם בעל־שם הקדוש האָט אין דער שטאָט טעטיעוו, אוקראַינע, געוווינט אַ ייִד מיטן נאָמען ר׳ שבתי. דער דאָזיקער ר׳ שבתי איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער מענטש, אַ בר־אוריין, אַ גרויסער ירא־שמים און אַ גרויסער בעל־צדקה. ער האָט געפֿירט גרויסע מסחרים און האָט געלעבט זייער רײַך. נאָר איין זאַך האָט אים געפֿעלט, וואָס האָט פֿאַראומערט זײַן לעבן: ער איז געווען אַ חושך־בנים ל״ע, אַ קינדערלאָזער. זײַענדיק פֿון די ערשטע מקורבֿים פֿונעם בעל־שם הק׳, איז ער יאָרן לאַנג גע־פֿאָרן צו אים און געוואָרפֿן מיט גרויסע פּדיונות, געבעטן אַז ער זאָל זיך איבער אים מרחם זײַן און אים בענטשן מיט אַ זרע של קימא. דער בעל־שם האָט אים אַפֿילו ניט געוואָלט אויסהערן. ער פֿלעגט אים אַלע מאָל מדחה זײַן. און ווען ער איז איין מאָל צו אים שטאַרק צוגעשטאַנען, האָט ער אים געמאָלדן, קורץ און שאַרף, אַז ער קאָן פֿאַר אים גאָר נישט טאָן, ווײַל מן השמים איז נגזר געוואָרן, אַז ער און זײַן פֿרוי זאָלן קיין קינדער ניט האָבן.

ר׳ שבתי, וואָס האָט שטאַרק געגלויבט אינעם בעל־שם הקדוש און זײַנע ווערטער זײַנען געווען פֿאַר אים זייער הייליק, האָט ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ פֿרעמדן ייִדן געמאַכט די ברכה „ברוך דיין אמת" און האָט מקבל געווען באַהבֿה דעם גזר־דין. אָבער זײַן פֿרוי האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. זי האָט נישט געקאָנט פּועלן בײַ זיך, אַז זי און איר מאַן זײַנען ערגער און זינדיקער פֿון אַלע מענטשן. זי האָט געטענהט, אַז אויב ס׳איז אַפֿילו אמת, ווי דער בעל־שם זאָגט, אַז ס׳איז אויף זיי נגזר געוואָרן מן השמים, איז אויך פֿאַראַן אַ מיטל אויף צו מבֿטל־מאַכן די גזירה, ווײַל אין די הייליקע ספֿרים שרײַבט זיך „ותשובֿה, ותפֿילה, וצדקה מעבֿירין את רוע הגזירה". וועלן זיי געבן גרויסע געלטער אויף צדקה און טאָן

תשובֿה מיטן גאַנצן האַרצן און וועלן אויך מתפּלל זײַן מיט גרויס כּוונה, וועט השי״ת זיי העלפֿן און וועט מבֿטל מאַכן די גזירה.

און אין אַ זומערדיקן פֿרימאָרגן האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מעזשיבוזש צום בעל־השם הקדוש. דער בעל־שם, געוויר ווערנדיק אַז ר׳ שבתיס פֿרוי איז געקומען, האָט שוין פֿאַרשטאַנען צוליב וואָס, האָט ער פֿאַרזאָגט אַלע זײַנע גבאים און משמשים, אַז זיי זאָלן זי צו אים ניט צולאָזן.

אַ גאַנצע וואָך האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַרום בעל־שמס הויז און ניט געקאָנט אַרײַנקומען, אָבער שבת, בעתן דאַוונען, ס׳איז געווען שבת מבֿרכין, ווען דער בעל־שם איז פּונקט צוגעקומען צו דער בימה און האָט גענומען די ספֿר־תּורה אין די הענט גרייט צו בענטשן ראש־חודש, האָט זי זיך אַרײַנגעריסן אין קלויז און זיך געמאַכט אַ וועג צווישן די מתפּללים, איז צוגעלאָפֿן צו דער בימה און מיט געשרייען און גוואַלדן האָט זי ניט געלאָזט דעם בעל־שם בענטשן ראש־חודש ביז ער וועט זי פֿריִער ניט בענטשן מיט אַ קינד.

דער גאַנצער עולם איז אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון אַזאַ חוצפּה. די גבאים האָבן געהייסן די שמשים, זיי זאָלן זי גלײַך אַרויספֿירן, אָבער דער בעל־שם האָט צו זיי אַ ווונק געטאָן, זיי זאָלן זי ניט טשעפּען, און האָט גענומען זאָגן: „יקום פּורקן״. און ווען ער איז געקומען צו די ווערטער „זרעא חיא וקימא״, האָט ער זיך אַ ביסל פֿאַרדבֿיקעט און, ווענדנדיק זיך צו דער פֿרוי, דרײַ מאָל אויסגערופֿן „זרעא חיא וקימא״ און האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל אַוועקגיין. דער גאַנצער עולם האָט געפֿילט, אַז די פֿרוי איז געהאָלפֿן געוואָרן, און שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבֿדלה, האָט דער בעל־שם אַרײַנגערופֿן צו זיך די פֿרוי און האָט איר געמאָלדן, אַז ער האָט געפּועלט בײַם בית־דין של מעלה פֿאַר איר אַ קינד און האָט איר געהייסן פֿאָרן לחיים ולשלום אַהיים.

אין אַ צײַט אַרום האָט ר׳ שבתיס פֿרוי אים געבוירן אַ טאָכטער און זיי האָבן איר אַ נאָמען געגעבן חנה.

חנה איז געוואַקסן ווי אַ שיינע בלום און איז געווען באַצירט מיט אַ סך מעלות. געווען אַ גרויסע יפֿת־תּואַר און אַ גרויסע חכמה. געהאַט זעלטענע פֿעיִקייטן צום לערנען און איז געווען גוט באַהאַוונט אין אַלע ייִדישע מנהגים און טראַדיציעס. אויסער דעם האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט שיינע מידות און גוטע זיטן, אַרויסרופֿנדיק סימפּאַטיע און ליבשאַפֿט ביַי יעדן איינעם. ר׳ שבתי און זיַין פֿרוי האָבן שטאַרק שטאָלצירט מיט זייער געראָטענער טאָכטער און זיַינען געווען איבער־גליקלעך.

איין מאָל, שבת פֿאַר נאַכט, האָט חנה זיך צוריקגעקערט פֿון אַ שפּאַציר מיט אירע חבֿרטעס און זיך געקלאָגט, אַז דער קאָפּ טוט איר וויי. די מוטער האָט איר געהייסן זיך אַריַינלייגן אין בעט, גלייבנדיק אַז עס וועט איר מסתּמא איבערגיין. אָבער חנהן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל ערגער. מ׳האָט געבראַכט אַ רופֿא און ער האָט דערקלערט, אַז די שלאַפֿקייט איז זייער אַן ערנסטע. ר׳ שבתי האָט געבראַכט גרויסע דאָקטוירים און זיי האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אָבער זיי האָבן גאָר ניט געקאָנט אויפֿטאָן. איינער האָבן אָפֿן דערקלערט, אַז ס׳איז ניט פֿאַראַן קיין אויסקוק זי צו דערהאַלטן ביַים לעבן.

ר׳ שבתי און זיַין פֿרוי האָבן שיר ניט געפּלאַצט פֿון גרויס צער און ווייטיק. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער איינציקער, וואָס וואָלט געקאָנט ראַטעווען זייער טאָכטער, איז דער בעל־שם הקדוש. אָבער ווי אַזוי קומט מען צו אים? וועגן פֿירן די קראַנקע צום בעל־שם האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיַין, וויַיל איר צושטאַנד איז געווען זייער געפֿערלעך. ס׳איז אוממעגלעך געווען אַפֿילו צו רירן זי פֿון בעט. און וועגן מטריח זיַין דעם בעל־שם, אַז ער זאָל קומען צו דער קראַנקער אַהיים, האָט קיינער ניט געוואַגט צו טראַכטן. אָבער די מוטער האָט זיך איַינגעשטעלט און איז אַוועקגעפֿאָרן צום בעל־שם. און אַריַינפֿאַלנדיק צו אים אין צימער, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין און האָט אים דערציילט, אַז איר טאָכטער, וואָס ער אַליין האָט פֿאַר איר אויסגעבעטן, איז שטאַרק

קראַנק און איר לעבן איז אין אַ גרויסער סכנה. זי האָט אים גע־בעטן, ער זאָל רחמנות האָבן אויף איר און אויף איר מאַן און באַזונדער אויף איר טאָכטערס יונגע יאָרן, און ער זאָל זיך מטריח זײַן מיט איר באַלד פֿאָרן און ראַטעווען איר קינד.

דער בעל־שם האָט געענטפֿערט, אַז הײַנט האָט ער קיין צײַט ניט און מאָרגן וועט ער זען. האָט אים די אומגליקלעכע מוטער געפּרוּווט דערקלערן, אַז איר טאָכטער איז זייער מסוכּן און מאָרגן קאָן שוין זײַן צו־שפּעט. דער בעל־שם האָט זיך אָבער געמאַכט ניט הערנדיק און ערשט אויפֿן צווייטן טאָג איז ער געפֿאָרן צו דער קראַנקער אַהיים.

אָנקומענדיק אַהין, איז אים ר׳ שבתי געלאָפֿן אַנטקעגן און אים געבעטן אַרײַנגיין צו דער קראַנקער אין צימער, אָבער דער בעל־שם האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך ניט געדאַוונט. ר׳ שבתי האָט אים דערקלערט, אַז דער חולה געפֿינט זיך אין אַ צושטאַנד פֿון גסיסה. אָבער דער בעל־שם האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק און האָט זיך געשטעלט דאַוונען.

ר׳ שבתי און זײַן פֿרוי זײַנען אַרומגעגאַנגען ווי אויף הייסע קוילן. זיי האָבן מיט גרויס אומגעדולד אַרויסגעקוקט, אַז דער בעל־שם זאָל שוין אַרײַנגיין צו דער קראַנקער אין צימער, נאָר דער בעל־שם האָט זיך רויִק געדאַוונט, גלײַך ס׳וואָלט גאָר נישט פֿאָר־געקומען. און נאָכן דאַוונען האָט ער גענומען זאָגן תּהילים. און אַז ער האָט פֿאַרענדיקט, האָט ער אַרויסגענומען אַ פֿלעשל משקה, האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזל און געמאַכט „לחיים" מיט ר׳ שבתין. דערנאָך ערשט איז ער צוגעקומען צו דער קראַנקערס צימער, האָט אַן עפֿן געטאָן די טיר און אַ קוק געטאָן אויף דער קראַנקער. זי איז שוין געלעגן און געגוססט. האָט ער געטרונקען צו איר „לחיים" און האָט זיך גלײַך צוריקגעקערט אין זײַן צימער.

פֿון יענער מינוט אָן איז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג אינעם צו־שטאַנד פֿון דער קראַנקער. פֿון שעה צו שעה האָט זי זיך געפֿילט בעסער און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז זי אין גאַנצן געזונט געוואָרן.

דעם בעל־שמס גרויסע תלמידים און ערשטע מקורבים האָבן אים געפֿרעגט, וואָס האָט ר׳ שבתי זוכה געווען, אַז ער, דער בעל־שם הקדוש אַליין בכבודו ובעצמו, זאָל זיך מטריח זײַן און פֿאָרן צו אים אַהיים, און אויסהיילן זײַן טאָכטער פֿון דער געפֿערלעכער קראַנקייט, און זיי באַוויזן מיט דעם אַ מופֿת פֿון תחית־המתים. האָט זיי דער בעל־שם געענטפֿערט, אַז ער האָט זיך מטריח געווען, ניט אין ר׳ שבתיס זכות, נאָר אינעם זכות פֿון זײַן טאָכטער, וועלכע איז אַ גרויסע צדקת און באַזיצט אַ ריינע און הייליקע נשמה. ער האָט זיי דערציילט, אַז מן השמים איז נגזר געוואָרן, אַז ר׳ שבתי און זײַן פֿרוי זאָלן זײַן חשוכי־בנים, קינדערלאָז, און די גזירה האָט ער בשום אופֿן נישט געקאָנט מבטל מאַכן, נאָר זײַענדיק אַ מאָל אין אוצר־הנשמות, האָט ער באַמערקט אַ גרויסע נשמה, וואָס איז אים שטאַרק געפֿעלן געוואָרן, האָט ער זי גענומען און האָט געטראַכט זי אַוועקגעבן ווי אַ מתנה פֿאַר אײנעם פֿון זײַנע גרויסע תלמידים. נאָר יענעם שבת מבֿורכין, ווען ר׳ שבתיס פֿרוי האָט זיך אַרײַנ־געריסן צו אים אין קלויז און אים ניט געלאָזט בענטשן ראש־חודש, ביז ער וועט איר נישט צוזאָגן אַ קינד, האָט ער ניט געקאָנט צוזען איר צער און געפּועלט בײַם בית־דין של מעלה, אַז ער זאָל איר אַוועקגעבן די גרויסע נשמה. און דער בעל־שם האָט פֿאַרענדיקט, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועט די גאַנצע וועלט האָבן אַ מעגלעכ־קייט זיך צו איבערצײַגן, וואָס פֿאַר אַ ריינע און הייליקע נשמה עס פֿאַרמאָגט ר׳ שבתיס טאָכטער.

אין יאָר תק״ך, אינעם זעלביקן יאָר וואָס דער בעל־שם הקדוש איז נסתלק געוואָרן, האָט חנה חתונה געהאַט מיט אַ באַוווסטן גאון און גרויסן מקובל. ר׳ שבתי מיט זײַן פֿרוי האָבן געמאַכט אַ גרויס־אַרטיקע חתונה, געפּראַוועט אַ סעודה פֿאַר אָרעמע לײַט און גע־טיילט צדקה און נדבֿות, און אַלע האָבן זיך שטאַרק משׂמח געווען. חנה מיט איר מאַן האָבן געלעבט זייער גליקלעך און זי האָט אים געבוירן זיבן זין.

מיט אַכט יאָר שפּעטער, אין יאָר תקכ״ח, האָט זיך אָנגערוקט

אויף די אוקראַינער יידן אַ גרויס אומגליק. דער באַוווסטער רוצח, דער אַטאַמאַן גאָנטאַ, האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט זיינע ווילדע קאָזאַקן איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע און האָט דורכגעפירט שרעקלעכע שחיטות. צענדליקער יידישע ישובים זיינען דורך אים חרוב און פאַרניכט געוואָרן. טויזנטער יידישע לעבנס זיינען דורך אים אומגעבראַכט געוואָרן. מיט אַ באַזונדער אַכזריות און בעסטיאַליטעט איז דער רוצח באַפאַלן דאָס שטעטל טעטיעוו און האָט דאָרטן אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכן חורבן: אַלע יידן אויסגעהרגעט און די הייזער פאַרברענט. צווישן די הרוגים זיינען אויך געווען ר׳ שבתי, זיין פרוי און זיין איידעם. בלויז חנהן מיט אירע קינדער האָט ער געשוינט און זי ניט דערהרגעט. ווייל אַזוי ווי זי איז געווען אַ גרויסע יפת־תואר, האָט דער רוצח געוואָרפן אַן אויג אויף איר און איר פאָרגעלייגט, זי זאָל זיך שמדן, וועט ער מיט איר חתונה האָבן און, ווען ער וועט ווערן מלך איבער אוקראַינע, וועט זי זיין די מלכה.

חנה האָט געענטפערט, אַז זי איז גרייט נאָכצוקומען זיין פאַרלאַנג. זי בעט אים נאָר, אַז ער זאָל פריער אויסהרגענען אירע זיבן זין, ווייל כל־זמן ס׳איז נאָך פאַראַן אַ זכר פון איר מאַן קאָן זי ניט טאָן דאָס, וואָס ער הייסט.

דער רוצח האָט מיט הנאה דערפילט איר בקשה און מיט ווילדער רציחה זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די זיבן קליינע עופהלעך און זיי אַלע אויסגעשאָכטן און די אומגליקלעכע מוטער איז געשטאַנען רויק און אַפילו קיין זיפץ ניט געטאָן. אַז זי האָט געזען, אַז אַלע אירע קינדער זיינען שוין טויט, איז זי אַרויף אויפן דאַך און האָט אַראָפגעשריגן צום רוצח, אַז ער האָט אַ גרויסן טעות, אויב ער מיינט, אַז זי האָט זיך געלאָזט פאַרקויפן איבער נאַרישע פאַרגעניגנס, וואָס ער זאָגט איר צו. זי האָט בלויז געזאָגט, אַז זי וועט אָננעמען זיין פאָרשלאָג, כדי ער זאָל אויסהרגענען אירע קינדער, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט זיי שמדן, און ביי איר איז בעסער זיי זען דערמאָרדעטע אויף קידוש־השם איידער גע־

שמדטע, און זי לאַכט און שפּעט פֿון אים און פֿון אַלע תּענוגי־עולם־הזה, אַ ייִדיש קינד איז זי געווען און אַ ייִדיש קינד וועט זי שטאַרבן.

און מיטן אויסגעשריי „שמע ישׂראל" האָט זי זיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון דאַך און אויפֿן אָרט דערהרגעט געוואָרן.

בוענאָס־אײַרעס 1952

## בן־ציון פייגאָן

# ווי אַזוי אַ ייִד איז פֿאַר צײַטן געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל

אַמאָל האָט ר' מאָטעלע טשערנאָבילער, שמועסנדיק מיט זײַנע מקורבֿים, זיך אָנגערופֿן:

— דער תּכלית פֿון אַ ייִדן איז צו קומען צו דער מדרגה פֿון אַ בן־חורין און דאָס איז מעגלעך רק אין ארץ־ישׂראל. דאָרטן איז דאָס אויג געלײַטערט, דאָרטן שוועבט־אַרום דער פֿרײַער גײַסט. די קדושה ווערט קיין מאָל נישט אָפּגעטאָן פֿון דאָרטן. און דער טמאַ־דיקער עבֿדות קאָן דאָרטן ניט קונה שביתה זײַן. און דאָס איז דער פּשט פֿון דער גמרא: „כּל הדר בארץ־ישׂראל ומדבר בלשון הקודש", ווער עס וווינט אין ארץ־ישׂראל און רעדט לשון הקודש, „מובֿטח לו, שהוא בן עולם־הבא", איז ער בטוח, אַז ער האָט עולם־הבא, ווײַל עולם־הבא הייסט חרות, אָן אַ בשׂר ודמיקן מושל. אַנדערש אָבער איז דאָ אין גלות, ווו דער עבֿדות האָט זיך קונה שביתה געווען; דער אַויר איז פֿול מיט קנעכטשאַפֿט און דער ייִד האָט איבער זיך אַזוי פֿיל מושלים! דאָס גוייִשע לשון הערשט, די גוייִשע מנהגים הערשן. דעריבער דאַרף יעדער ייִד, וואָס פֿילט זיך בכּוח אויסצוואָרצלען דעם עבֿדות און ממלא זײַן חלל מיטן אַויר פֿון חרות — זיך אָנשטרענגען צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

— איך — האָט ער ווײַטער געזאָגט — קאָן ניט פֿאַרלאָזן דעם גלות צוליב מײַנע חסידים; איך קאָן זיי דאָ ניט איבערלאָזן אויף הפקר אינעם טמאדיקן גלות אַויר, וועלכער איז אָנגעפֿולט מיט עבֿודות. איך מוז האַלטן אָפֿן מײַנע אויגן און אַכטונג געבן אויף זיי, אַז זיי זאָלן חס־ושלום נישט משתקע זײַן אין די נײַן שערי עבֿודות. אָבער דער, וואָס פֿילט זיך בכּוח, דאַרף אויפֿגיין קיין ארץ־ישׂראל.

אויסהערנדיק אָט דעם שמועס, רופֿט זיך אָן איינער פֿון זיי:

— רבי, איך וויל עולה זײַן קיין ארץ־ישׂראל!

ענטפֿערט אים ר׳ מאָטעלע:

— קיין ארץ־ישׂראל דאַרף מען פֿאָרן אַ ריינער, אַ געלײַטערטער, אָראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם גאַנצן גלות, נישט משייר זײַן בײַ זיך קיין כל הוא פֿון דער גלות־טומאה. פֿאָר אַהיים, זײַ זיך מצרף און מטהר, און ווען דו וועסט שוין זײַן כּלי מזוכּך, וועל איך זאָגן, וואָס דו זאָלסט ווײַטער טאָן.

פֿאָרט דער חסיד אַהיים, טוט תּשובֿה, זאָגט אַ סך תּיקונים, איז זיך מסגף מיט טבֿלות און מיט גלגול שלג און פֿאַסט צוויי און זיבעציק תּעניתים רצופֿים — חוץ שבת — כּמנין „חסד" און דערנאָך קומט ער צוריק צו ר׳ מאָטעלען. האָט ר׳ מאָטעלע אַ קוק געטאָן אויף אים, אויף זײַן אָפּגעצערטקייט, האָט ער זיך צעלאַכט און זיך אָנגערופֿן:

— אַנשטאָט זיך מתקן צו זײַן, האָסטו זיך גאָר מקלקל געווען. קיין ארץ־ישׂראל דאַרף מען קומען מיט אַ געזונטן גוף און מיט אַ געלײַטערטער ריינער נשמה. און דו ביסט אַזוי צעבראָכן און קראַנק, און דײַן נשמה איז אַזוי נעפּלדיק, מטושטש! דער אַויר פֿון ארץ־ישׂראל קאָן ניט סובֿל זײַן קיין קראַנקע און שוואַכע גופֿים. פֿאַרנעפּלדיקע נשמות קאָנען ניט קולט זײַן אין זיך דעם אַויר פֿון חרות. פֿאָר אַהיים, פּאָפּראַווע זיך, מאַך געזינטער דײַן גוף, וועט אויך געלײַטערט ווערן דײַן נשמה, דײַנע רעיונות וועלן אָנהייבן צו טראַכטן ריין און פֿרײַ און דעמאָלט וועסטו קאָנען גוט קולט זײַן

אין זיך דעם אַויר פֿון חרות. און פֿאַרגעס ניט, למען השם, זיך מתרגל זײַן צו ריידן אין דעם לשון־קודשדיקן לשון, כּדי דו זאָלסט מקיים זײַן די גמרא: „כּל הדר בארץ־ישׂראל ומדבר בלשון הקודש". און אַז דו וועסט זײַן צוגעגרייט מיט דעם אַלעמען, זאָלסטו קומען צו מיר.

איז דער מקורבֿ אַהיימגעפֿאָרן, זיך צוגעגרייט מיט דער לשון־קודשדיקער שפּראַך, געגעסן און געטרונקען און, ווען ער האָט זיך געפֿילט גרייט, איז ער צוריקגעקומען צו ר' מאָטעלען. ר' מאָטעלע האָט אַ קוק געגעבן אויף אים און זיך אָנגערופֿן:

— אָט איצט ביסטו געלײַטערט, איצט האָסטו באַקומען דײַן תּיקון, ביסט שיין, געזונט און דורך דײַן געזונטן גוף לײַכט־אַרויס אַ שטראַלנדיקע ריינע נשמה. און ווי אַזוי ביסטו עפּעס אין דער לשון־קודשדיקער שפּראַך? לאָם איך דיך נאָר מבֿחין זײַן.

און ער, ר' מאָטעלע, הייסט דערלאַנגען אַ משניות, מסכת „זרעים", עפֿנט זי אויף און הייסט אים לערנען. לערנט ער אָפּ, דער חסיד, עטלעכע פּרקים און ר' מאָטעלע זיצט בײַם טיש, אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אויף זײַנע הענט, און ווען דער חסיד האָט גע־ענדיקט די גאַנצע מסכת „ברכות", שטעלט ער זיך אויף און רופֿט זיך אָן:

— נו, גענוג, ביסט גוט בקי אין דעם לשון־קודשדיקן לשון. איצט פֿאָר אין דעם און דעם שטעטל, און זאָלסט זיך נאָכפֿרעגן דאָרטן צו ר' שואל מאַטיס, און ער, ר' שואל, וועט דיר שוין זאָגן, וואָס דו האָסט צו טאָן.

פֿאָלגט ער אויס די רייד פֿון ר' מאָטעלען און פֿאָרט אין יענעם שטעטל און פֿרעגט זיך נאָך, ווו עס וווינט ר' שואל מאַטיס.

לאַכט מען זייער פֿון אים און מען זאָגט אים, אַז דאָ איז פֿאַראַנען איינער אַ שנײַדער, שואל מאַטיס, אַ גרויסער עם־הארץ, וועלכער האָט נאָך קיין מאָל ניט זוכה געווען גערופֿן צו ווערן מיטן נאָמען רבי שואל, נאָר סתּם שואל שנײַדער. צו דער תּורה רופֿט מען אים קיין מאָל ניט אויף, ווײַל ער קאָן אַפֿילו ניט דעם

אַלף־בית. אַלטער מלמד האָט זיך געמוטשעט אויסצולערנען אים די ברכה אין ס'איז געווען אומזיסט זיין טרחה.

אויסהערנדיק די דאָזיקע געשיכטע, פאַרשטייט שוין דער חסיד, אַז דער שואל שניידער איז ניט קיין סתם שואל. געוויס איז ער איינער פון די נסתּרים. גייט ער זיך דורך צו אים.

אַריינקומענדיק, טרעפט ער אים נייען אַ מלבוש. גיט ער אַ פרעג:

— דאָס זענט איר, ר' שואל מאַטיס?

גלאָצט ער אויס אויף אים אַ פּאָר אויגן און ענטפערט מיט אַ גראָב קול:

— וואָסערער רבי שואל? איך בין שואל שניידער, ניט קיין „רבטשעק". וואָס ווילט איר עפּעס זאָגן?

הגם דער חסיד האָט געהאַט אַ „חוש" און האָט באַלד געפילט פון ר' שואל מאַטיס' רייד דעם חבל פון של קדושה, דאָך איז ער מבולבל געוואָרן און האָט קוים געקאָנט אַרויסריידן עטלעכע ווער־טער:

— איך וויל, איר זאָלט מיר אויפנייען אַ קאַפּאָטע.

— אַ קאַפּאָטע ווילט איר? — חזרט אים איבער דער שניידער זיינע ווערטער — נו, וואָס־זשע שטייט איר ווי אַ גולם? גייט־זשע און ברענגט מיר דריי אַרשין צייג און מיר, שניידערגעלט, וועט איר דאַרפן באַצאָלן פיר גילדן.

גייט ער אַוועק, דער חסיד, קויפט־איין צייג און ברענגט אים. נעמט ער אים אַ מאָס און זאָגט אים:

— אויף מיטוואָך וועט עס זיין פאַרטיק.

דערווייל דרייט ער זיך דורך אין קיך, כלומרשט אַ טרונק טאָן, באַמערקט ער, אַז אויפן אויוון, פאַרשטעלט מיט אַ לאָקשנ־ברעט, זיצט ר' מאָטעלע מיט אַ ספר אין האַנט און איז מעיין אין אים.

מילא, פאַרשטייט ער שוין עד היכן הדברים מגיעים, ווער דער שניידער איז און וואָס עס טוט זיך אַרום אים. וויל ער,

אַרײַנגיין אין אַ שמועס מיט אים, ווערט יענער אין דער הפּקדה און צעשרײַט זיך אויף אים:

— גייט אײַך! איר וועט קומען מיטוואָך, וועט איר טרעפֿן גרייט אײַער קאַפּאָטע, און דולט מיר ניט קיין קאָפּ. איך האָב קיין צײַט ניט מיט אײַך צו ריידן. איך האָב געגוג אַרבעט.

גייט ער אַוועק און אויף מאָרגן קומט ער נאָך אַ מאָל צו אים מיט עפּעס אַ תּירוץ. ווי נאָר דער שנײַדער דערזעט אים, צעשרײַט ער זיך אויף אים:

— אַ ייִד אַ פּריטשעפּע! וואָס קומט איר מיר שטערן אין מײַן אַרבעט? איך האָב דאָך אײַך קלאָר געזאָגט, אַז מיטוואָך וועט זײַן פֿאַרטיק אײַער קאַפּאָטע, און דולט מיר ניט קיין קאָפּ, איך האָב קיין צײַט ניט. איר האָט ניט קיין אַרבעט. זוכט אײַך אָפּ עפּעס אַן אַרבעט, וועט איר פֿאַרשפּאָרן קומען צו מיר, מיר דולן אַלע מאָל.

פֿאַרשטייט שוין דער חסיד דעם רמז, וואָס ער האָט אים געגעבן. גייט ער אַוועק אויף זײַן אַכסניה, זעצט זיך לערנען געשמאַק און וואַרט שוין אומגעדולדיק ביז מיטוואָך.

מיטוואָך איז דער חסיד זיך מקדים, דאַוונט־אָפּ מיט גרויס כּוונה און גייט זיך דורך צום שנײַדער. ווי נאָר דער שנײַדער דערזעט אים, זאָגט ער אים:

— נו, קומט־אַהער, וועל איך אײַך אָנמעסטן.

דערנענטערט ער זיך, מעסט ער אים אָן די קאַפּאָטע, גיט אים אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע און זאָגט אים:

— אָט, מיט דער קאַפּאָטע קאָנט איר אַפֿילו פֿאָרן פֿון דאַנען גלײַך קיין ארץ־ישׂראל. איר דאַרפֿט זיך אַפֿילו ניט צוריקקערן צו אײַך אַהיים. באַצאָלט־זשע מיר, זײַט מוחל, מײַנע פֿיר גילדן פֿאַר מײַן אַרבעט און פֿאָרט לחיים ולשלום.

דער חסיד האָט אים באַצאָלט די פֿיר גילדן שנײַדערגעלט און איז פֿון דאָרט גלײַך אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

פון בוך „פון חסידישן שטייגער", בוענאָס־אײַרעס 1936

# צו דער כאראקטעריסטיק
# פון חסידישע ירושה

רפאל מאַהלער

## דער קאַמף צווישן חסידות און השכלה אין גאַליציע

### דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און פּאָליטישער באָדן, אויף וועלכן דער קאַמף האָט זיך אַנטוויקלט

דער קאַמף צווישן השכלה און חסידיזם, די דאָזיקע צוויי שטרע־מונגען וואָס האָבן משפיע געווען דאָס ייִדישע לעבן ביז צום הײַנ־טיקן טאָג, פֿלעגט בדרך כלל באַטראַכט ווערן בעצם פֿון שטאַנד־פּונקט פֿון דער השכלה גופא, סײַ דורך די ייִדישע היסטאָריקערס, סײַ דורך די היסטאָריקערס פֿון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן. די השכלה ווערט געוויינלעך אָפּגעשאַצט ווי אַ באַוועגונג, וואָס האָט זיך גע־שטעלט פֿאַר אַ ציל אַרײַנצוברענגען קולטור און וויסן אין די פֿאַר־חושכטע, אָפּגעשטאַנענע ייִדישע קיבוצים, אויפֿצוהייבן דאָס ייִדישע פֿאָלק צו דער קולטורעלער מדרגה פֿון די אייראָפּעיִשע פֿעלקער. חסידיזם איז געווען די באַוועגונג פֿון פֿאַנאַטישע, רעאַקציאָנערע, אָפּגעשטאַנענע מאַסן, וואָס האָבן נאָכגעפֿאָלגט בלינד זייערע פֿאַר־פֿירערס, די צדיקים, און באַקעמפֿט עקשנותדיק יעדן פּרוּוו פֿון מאָדערניזירן דאָס ייִדישע לעבן. אַפֿילו די היסטאָריקערס, וואָס האָבן אַנערקענט, אַז דער חסידיזם האָט אין זײַן אַנטשטייונג־תקופֿה אַנט־האַלטן אין זיך מאָמענטן פֿון אַ נאַציאָנאַלער און דעמאָקראַטישער באַוועגונג, האַלטן אַז אין דער שפּעטערדיקער תּקופֿה, אינעם 19טן יאָרהונדערט, איז דער חסידיזם שוין געווען דעגענערירט און אויס־געהוילט פֿון יעדן פּאָזיטיוון ווערט. פֿון דער אַנדערער זײַט האָט מען אין גאַנצן פֿאַרזען די ענגע שײַכות צווישן דער השכלה־באַ־

וועגונג און די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסן פון אַ באַשטימטן קלאַס פון יידישן פאָלק, און אַז דווקא די דאָזיקע אינטערעסן האָבן צוגעבונדן די השׂכּלה צו די אַבסאָלוטיסטישע רעגירונגען פון עסט־רײַך און רוסלאַנד. אויב היסטאָריקערס האָבן זיך יאָ אָפּגעשטעלט אויף דער געטרײַער דינסט פון די משׂכּילים פאַר זייערע מלכות, האָבן זיי עס אויסגעטײַטשט בלויז ווי אַ קאָנסעקווענץ פון דער פּאָזיטיווער, פּראָגרעסיווער אידעאָלאָגיע: די השׂכּלה האָט געזוכט בײַם רעגירונגס־אַפּאַראַט הילף און שטיצע פאַר איר פּראָגראַם פון פאַרשפּרייטן וויסן צווישן יידן (צינבערג).

מאַקס עריק, אויך אַ היסטאָריקער, וואָס האָט געפּרוווט צוגיין צו דער פּראָבלעם השׂכּלה־חסידות פון היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט, איז אַזוי פאַרבלענדט געוואָרן דורך זײַן לכתחילהדיק־נעגאַטיווער שטעלונג צו חסידות, אַז ער איז סוף־כּל־סוף דערגאַנגען צו אַ גאָר אידעאַליסטיש־היסטאָרישן אויספיר: השׂכּלה און חסידיזם, קומט־אויס, זײַנען צוויי אידעאָלאָגיעס פון יידישן בירגערטום, אַ פּראָגרעסיוו־קאַפּיטאַליסטישע און אַ רעאַקציאָנערע, וואָסביידע האָבן זיי געקעמפט פאַר דער נשמה פון יידישן קליינבירגערטום. דאָס קליינבירגערטום פאַר זיך האָט, בכן, ניט געהאַט קיין שום אייגענע אידעאָלאָגיע, וואָס זאָל אויסדריקן זײַן לאַגע און זײַנע שטרעבונגען! ווידער האָבן מיר דאָ אַ רעזולטאַט פון אַן איינזײַטיקן אַנאַליז פון קאַמף צווישן די צוויי שטרעמונגען, בלויז אויפן יסוד פון דער השׂכּלה־ליטעראַטור, און אַ פּרווו אַרײַנצודרינגען אין דעם אינהאַלט פון חסידיזם, און אָן פאַרשטענדעניש פאַר דער שײַכות צווישן דער אידעאָלאָגיע פון דער חסידישער באַוועגונג און צווישן דער לאַגע פון די ברייטע יידישע מאַסן אין יענער צײַט.

לאָמיר דעריבער וואַרפן אַ בליק אויף דער לאַגע פון די יידן אין גאַליציע אין דער תּקופה פון 1815 ביז 1848, ווען עס האָט זיך צעפלאַקערט דער ערשטער קאַמף צווישן השׂכּלה און חסידיזם, און אין שײַכות מיט דעם אַנאַליזירן די אידעאָלאָגיעס פון ביידע קעמפנדיקע צדדים.

די פּאָליטיק פון דער עסטרײַכישער רעגירונג לגבי די גאַליצישע יידן איז אין דער תּקופה פון רעאַקציע, אונטער דער הער־שאַפט פון אַלמעכטיקן מיניסטער מעטערניך, געווען אַ המשך פון דער יידן־פּאָליטיק פון אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם, אָבער אין אַ נאָך שאַרפערער, אומברחמנותדיקערער פאָרעם. נישט בלויז זײַנען ווײַטער געווען גילטיק אַלע באַגרענעצונגען פון רעכט פאַר יידן, נאָר

זיי זיינען נאָך פֿאַרמערט געוואָרן דורך נייע גזירות. שוין אין „טאָ־לעראַנץ־פּאַטענט" פֿון יאָר 1789 איז יידן פֿאַרבאָטן געוואָרן צו פֿאַר־נעמען זיך מיט שענקעריי אין די דערפֿער. די דאָזיקע ברוטאַלע גזירה איז לחלוטין ניט געוועזן צום אויספֿירן. אָבער זי האָט ביטער געמאַכט דאָס לעבן פֿון די יידישע שענקערס, וואָס האָבן געלעבט אין שטענדיקער מורא, אַז זיי וועלן אַנטדעקט ווערן דורך די „זשאַנ־דאַרן". אַ דאָרפֿייד, וועמען מען האָט געכאַפּט ביים חטא פֿון שענ־קעריי, האָט באַקומען אַ לייבשטראָף פֿון 15 שטעקנס און פֿלעגט אונטער אַ וואַך אָפּגעפֿירט ווערן אין זיין געבורטשטאָט. אין אַ ריי שטעט האָבן יידן בכלל ניט געטאָרט וווינען און אין גרעסערע שטעט — ווי לעמבערג, ניישאָנץ, טאָרנע, סאַמבאָר, יאַסלאָ — זיינען איינגעפֿירט געוואָרן מאָדערנע געטאָס. יידישע קוואַרטאַלן, מחוץ וועלכע אַ ייד האָט ניט געטאָרט וווינען. אויף אַ נסיעה פֿון איין שטאָט אין אַ צווייטער האָט אַ ייד געמוזט האָבן אַ ספּעציעלן פּאַס. יידן, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין גאַליציע פֿון קאָנגרעס־פּוילן האָבן געמוזט אָפּצאָלן אַ הויכן לייבצאָל, ווי אַמאָל אין מיטלעלטער־לעכן דייטשלאַנד. דאָס פֿאַרנעמען זיך מיט מלאָכה איז יידן פֿאַר־שווערט געוואָרן דורך דער פּריווילעגירונג פֿון די קריסטלעכע צעכן. יידן איז פֿאַרווערט געוואָרן צו קויפֿן ביי קריסטן, סיי הייזער און פֿלעצער אין די שטעט, סיי באָדן פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿט, מיטן אויס־נעם פֿון עטלעכע הונדערט יידישע קאָלאָניסטן, וואָס זייער צאָל איז צוליב דעם סאַבאָטאַזש פֿון די עסטרייכישע באַאַמטע פֿון יאָר צו יאָר געפֿאַלן.

צום שווערסטן האָבן זיך אָבער געלייגט אויף די פּלייצעס פֿון דער פֿאַראָרעמטער יידישער באַפֿעלקערונג אין גאַליציע די ספּעצ־יעלע יידישע שטייערן: די אַלטע יידן־שטייערן פֿון דער צייט פֿון מאַריאַ טערעזאַ און יאָזעף דעם צווייטן, זיינען פֿאַרגרעסערט געוואָרן פֿילפֿאַכיק און ס׳זיינען צוגעקומען נייע. דער כשר־פֿלייש־שטייער פֿון רינדנפֿלייש און עופֿות, וואָס איז איינגעפֿירט געוואָרן אין יאָר 1784, האָט אין יאָר 1816 שוין באַטראָפֿן דאָס דרייפֿאַכיקע פֿונעם אַלטן טאַריף, און כשר פֿלייש האָט דערפֿאַר געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פֿיל ווי טריפֿה. אַ קריסטלעכער שרייבער פֿון יענער צייט זאָגט עדות, אַז צוליב דעם דאָזיקן יקרות האָט די יידישע באַפֿעל־קערונג גאָר זעלטן פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון פֿלייש. נאָך אַכזריותדי־קער און ראַפֿינירטער איז געווען דער ליכטשטייער, וואָס איז איינ־געפֿירט געוואָרן אין יאָר 1797 און וואָס איז אויך אין יאָר 1816

כמעט דרייפאַך געהעכערט געוואָרן. 10 קרייצער פון צוויי שבת־ליכט האָט געמוזט באַצאָלן דעם פאַכטער פאַר שבת יעדע פאַרהייראַטע פרוי, אַפילו ווען זי האָט ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן ליכט! ווער עס האָט נישט געצאָלט פינקטלעך, פלעגט אים דער פאַכטער באַפאַלן פרייטיק־צו־נאַכטס און צונעמען ביי אים די שטובזאַכן, אַפילו די קישנס פון די בעטן! אַחוץ די דאָזיקע צוויי שטייערן זיינען נאָך די גאַליצישע ייִדן געווען געבענטשט מיט אַ ספּעציעלן התונה־שטייער, ווינשטייער, שטייער פון בתי־המדרשים און מנינים, אָפּגערעדט פון אַלגעמיינע שטייערן, וואָס זיי האָבן געצאָלט גלייך מיט אַלע „אונטערטאַנען".

די זעלביקע רעגירונג, וואָס האָט דורך איר שטייער־סיסטעם אויסגעזויגן דעם מאַרך פון די ביינער פון די גאַליצישע ייִדן און אויסגעטראַכט פאַר זיי אַכזריותדיקע גזירות אין עקאָנאָמישן לעבן, האָט אויך געשטרעבט מיט אַלע מיטלען די דאָזיקע ייִדן צו גערמאַניזירן, אויסצוטיליקן זייער נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט און אונטערצוברענגען די ייִדישע שפּראַך. דאָס, וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבן לגבי דער פּוילישער און אוקראַיִנישער באַפעלקערונג, איז מיט דער גרעסטער פאַרביסנקייט און רשעות אָנגעווענדט געוואָרן לגבי ייִדן. ייִדן, וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט אין גאַנצן לאַנד, האָבן געזאָלט, נאָך די פּלענער פון דער רעגירונג, דינען ווי די פאַרשפּרייטערס פון דער דייטשישער שפּראַך צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון לאַנד. די באַזונדערע דייטשישע שולן פאַר ייִדישע קינדער זיינען טאַקע פאַרמאַכט געוואָרן אין יאָר 1806, כדי צוליב צו טאָן דער קאַטוילישער קירך, מיט וועלכער מען האָט געמאַכט שלום. דאָ קומט שוין אויך צום אויסדרוק די סתירה פון דער אַבסאָלוטיסטישער קולטור־פּאָליטיק: די דייטשישע שולן פאַר ייִדישע קינדער, ווי זיי זאָלן נישט האָבן געווען ביי־הילפיק אין דער גערמאַניזירונג פון ייִדן, האָבן אָבער גלייכצייטיק דערצויגן אויפגעקלערטע מענטשן, וואָס האָבן צוליב זייער בילדונג געקאָנט ווערן געפערלעך פאַר דעם אַבסאָלוטיזם גופא! דאָס פאַרמאַכן די דאָזיקע שולן האָט נאָך מער געשטויסן די רעגירונג צו פּרווון גערמאַניזירן די ייִדן מיט אַנדערע מיטלען, דורך צוואַנג און גזירות. אין דעם זעלביקן יאָר 1806 איז אַרויסגעגאַנגען אַ דעקרעט, אַז אַלע באַאַמטע פון די גרעסערע ייִדישע קהילות דאַרפן קענען דייטש. אין יאָר 1810 האָט שוין דאָס געזעץ פאַרלאַנגט, אַז אַפילו אַקטיוו וואַלרעכט צו דער ייִדישער קהילה זאָל זיין אָפּהענגיק פון דער

קענטעניש אין דער דײַטשישער שפּראַך, אין וואָרט און אין שריפֿט. אין יאָר 1814 איז אַרויסגעגאַנגען אַ גזירה, אַז העברעיִשע און יידישע דאָקומענטן ווערן דערקלערט פֿאַר „נישטיק", דאָס הייסט, זיי קאָנען ניט דינען ווי אַ באַווײַז פֿאַרן געריכט און אַזוי ווײַטער. צום שווערסטן איז געווען די גזירה, אַז חתן־כּלה מוזן פֿאַר דער חתונה אָפּלייגן אַן עקזאַמען אויף דײַטש פֿון דעם קאַטעכיזם „בני ציון", וואָס דער טרויעריק־באַרימטער משכּיל הערץ האָמבורג האָט אַרויסגעלאָזט אין יאָר 1812.

די יידישע באַפֿעלקערונג פֿון גאַליציע, העכער אַ פֿערטל מיליאָן נפֿשות אין יאָר 1830, האָט זיך געבויגן אונטער דעם דאָפּלטן יאָך פֿון דער שרעקלעכער פֿאַראָרעמונג און פֿון דער שטײַער־עקספּלואַטאַציע און גזירות פֿון עסטרײַכישן אַבסאָלוטיזם. דער קליינבירגערלעכער רובֿ מנין ובנין פֿון גאַליצישע יידן איז באַשטאַנען פֿון קרעמערס, הענדלערס, מעקלערס, שענקערס און בעלי־מלאכות, צוזאַמענגעדריקטע אין קליינע שטעטלעך, וואָס זײַנען דעמאָלט על פּי רובֿ נאָך געווען פּריוואַט־אייגנטום פֿון פּוילישע פּריצים. אַרום אַ פֿערטל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג האָט געלעבט אין דערפֿער ווי אומלעגאַלע קרעטשמערס, אויסגעליפֿערטע אויף גענאָד און אומגענאָד פֿון די פּריצישע גרונט־באַזיצערס און פֿון די בייזוויליקע עסטרײַכישע באַאַמטע.

די אָנגעוויטיקטע נויטן, ליידן און בענקשאַפֿט נאָך אויסלייזונג פֿון דער דאָזיקער קליינשטעטלדיקער און דאָרפֿישער פֿאַרקנעכטעטער יידישער מאַסע האָבן געפֿונען אַן אויסדרוק אין דער דעמאָלטיקער חסידישער באַוועגונג.

עס איז שוין הײַנט ניט נייטיק אָנצוווײַזן אויף דעם דעמאָקראַטישן און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פֿון דעם חסידיזם אין זײַן אָנהייב־תּקופֿה. דער חסידיזם האָט געהויבן דאָס זעלבסטבאַוווסטזײַן פֿון דעם פּשוטן פֿאָלקסמענטש. ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער העגעמאָניע פֿון דער פּלוטאָקראַטיע, תּלמידי־חכמים און פּרנסים אין דער יידישער קהילה און אויפֿגעשטעלט דעם פּרינציפּ פֿון רעליגיעזער גלײַכקייט. דאָס איז שוין נישט קיין סבֿרא, וואָס מען דאַרף זי ערשט באַווײַזן. עס איז אויך פֿאַרשטענדלעך, אַז דער עיקרדיקער שטריך פֿון חסידיזם, דאָס וואָס ער האָט אַנטקעגנגעשטעלט דאָס רעליגיעזע געפֿיל דעם פֿאַרשטיינערטן רעליגיעזן פֿאָרמאַליזם, איז טאַקע אַ רעליגיעזער אויסדרוק פֿון די דעמאָקראַטישע טענ־

דענצן פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג [1]. וואָס שייך דעם כאַראַקטער פֿון חסידיזם ווי אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, איז גענוג בלויז אָנצוּווײַזן אויף דער באַציִונג פֿון דעם עלטסטן חסידיזם צו ארץ־ישׂראל, ווי זי קומט צום אויסדרוק סײַ אין דער טעאָריע (דוב־בער מגיד פֿון מעזריטש, שניאור זלמן פֿון ליאַדי א״אַ), סײַ אין דער פּראַקטיק: נסיעות קיין ארץ־ישׂראל פֿון ר׳ מענדל פֿון וויטעבסק מיט זײַנע חסידים אין יאָר 1777 פֿון ר׳ נחמן בראַצלעווער און אַנד׳. פֿאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע צוויי שטריכן פֿון חסידיזם, דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער, זײַנען ניט צופֿעליק באַהעפֿט: די זעלביקע יידישן מאַסן פֿון פּוילן, וואָס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער העגעמאָניע פֿון פרנסים און פֿון דער געלערנטער אַריסטאָקראַטיע, האָבן אויך צום שווערסטן געפֿילט דעם יאָך פֿון גלות און צום שטאַרקסטן געבענקט נאָך דער משיחישער גאולה. דער חסידיזם איז טאַקע געווען אַ המשך, כאָטש אין אַ געמעסיקטער מער מיושבֿדיקער פֿאָרעם, פֿון די משיחישע באַוועגונגען אין 17טן יאָרהונדערט (שבתי צבֿי) און אין 18טן יאָרהונדערט (יהודה חסיד א״אַ). דאָס אַרויסרוקן די קבלה דורך דעם פֿאַרצײַטיקן חסידיזם אויפֿן ערשטן פּלאַץ דערקלערט זיך טאַקע מיט דעם, וואָס די קבלה האָט דערהויבן דאָס געפֿיל צו דער העכסטער מדרגה אין דער רעליגיע און געמאַכט דעם געדאַנק פֿון דער גאולה פֿאַר דעם גרונטשטיין פֿון איר סיסטעם.

לאָמיר איצט זען, וואָס איז געווען דער מהות פֿון חסידיזם אין גאַליציע אין דער תּקופֿה פֿון רעאַקציע (1815־1848) אין שפּיגל פֿון אַמטלעכע דאָקומענטן, פֿון די חסידישע תּורות פֿון יענער צײַט און די שריפֿטן פֿון זײַנע פֿאַרביסנסטע קעגנערס, די משׂכּילים. אויף דער פֿראַגע, פֿון וועלכע שיכטן פֿון יידישן פֿאָלק האָבן זיך רעקרוטירט די אָנהענגערס פֿון חסידיזם, געפֿינען מיר אַזאַ ענטפֿער אין די דאָקומענטן פֿון קרײַז־קאָמיסאַר פֿון בראָדע. ער דערציילט אין זײַן באַריכט צום גובערניום פֿון יאָר 1827 וועגן חסידיזם: „מען דערקענט אַזאַ מין יידן זייער לײַכט: ער גייט־אַרום מיט אַן אָפֿענעם האַלדז און מיט אויפֿגעשאַרצטע אַרבל און איז

---

[1] אַפּילו די כראָניקאַרן פֿון חסידיזם אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט דערמאָנען נאָך וועגן אויפֿקומען פֿון חסידיזם ווי אַ באַוועגונג פֿון אָרעמע כאַלקשיכטן — סדר הדורות מתלמידי הבעש״ט, לעמבערג 1965.

על־פּי רובֿ אָנגעטאָן זייער שמוציק און אָפּגעריסן („צערלומפּט").
צו דער דאָזיקער סעקטע געהערן די געמיינסטע יידן... זיי פאַר־
בינדן זיך ניט מיט קיין שום באַרוף, זיינען געוויינלעך געמיינע
שענקערס, שווינדלערס און וואָרזאָגערס („זאַגערער"), וויל זיי
האַלטן פון אַן אומדערשיטערלעכן כלל: „גאָט וועט זיי אַוודאי
געבן און העלפן אַפילו ווען זיי זאָלן אַרומגיין פּועל־בטל" [2].

אין מעמאָראַנדום פון דער לעמבערגער פּאָליציי־דירעקציע צום
גובערניום פון יאָר 1838 ווערט געזאָגט: „די אָנפירערס פון די
חסידים האָבן מבטל געמאַכט די פאַרעלטערטע און אָפּט שווערע
צערעמאָניעס. דער המון האָט זיך שנעל אָנגעכאַפּט אין דער דאָ־
זיקער גרינגהייט. צווישן די חסידים זיינען דאָ ווייניק געשעפטס־
מענטשן. דער רובֿ באַשטייט פון ליידיקגייער, שיכורים, צביעותדיקע,
פוילע פאַנאַטיקערס" [3].

די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיקעס אָטעמען טאַקע מיט שנאה און
פאַראַכטונג, אָבער פון זיי קאָן מען דאָך אַרויסלערנען: „די גאַ־
ליצישע חסידים זיינען געווען אַ „געמיינער", אָפּגעריסענער „המון",
פון שענקערס [4], קרעמערס, מעקלערס, (אָפיציעל הייסן זיי „בע־
טריגער", שווינדלערס) און אָרעמע לייט אָן אַ באַשעפטיקונג. פּונקט
אַזאַ סאָציאַלע כאַראַקטעריסטיק פון די חסידים געפינען מיר אין
די באַמערקונגען פון די משכילים, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן
מסיח לפי תומו אין זייערע בריוו: דער משכיל אונגאַר פון יאַ־
ראָסלאַוו באַשרייבט אַזוי די חסידים, וואָס זיינען געקומען מקבל־
פּנים־זיין ר' הירש זשידיטשויווער, ווען ער איז אַהיימגעקומען אין
יאָר 1822: „מער ווי איינע שטונדע שטאַנד ער פאָר דער שטאָט
וואַרטענד, ביס איין הויפע עלענדער חסידים הנויסקאַמען... איין
הויפע עלענדער בעטעל־יודען מאַכטען... די פּאָרלויפער" [5].

אין „כתבֿות למאור", בריוו אין „כרם חמד" וועגן ר' מאיר בעל־
הנס־פּושקעס, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן דורך חסידים, זאָגט
פּערל, אַז ר' מאיר בעל־הנס „האָט ניט קיין שום באַדייטונג און

---

[2] מלוכה־אַרכיוו אין לעמבערג, כאַסידען 18, ג. 1827.

[3] לעמבערגער מלוכה־אַרכיוו 553, 838.

[4] דער געוויינלעכער טיפּ פון אַ חסיד אין פּערלס מגלה טמירין איז אַ
שענקער. דער רייכער סוחר איז דער מוסטערטיפּ פון אַ משכיל.

[5] ד"ר פ. פרידמאַן — „די ערשטע קאַמפן צווישן השכלה און חסידיזם",
פון נאָענטן עבר, ב' 4, ז' 265, וואַרשע 1938.

נאָמען צווישן די גדולים, נאָר איז דערהויבן געוואָרן פֿון דעם אָרעמען פֿאָלק, וואָס פֿאַרשטייט ניט צו אונטערשיידן צווישן רעכטס און לינקס״. ער באַצייכנט דעם נײַעם מנהג ווי ״אַ מנהג, וואָס די עמי־הארצים און דאָס אָרעמע פֿאָלק האַלטן פֿון אים שטאַרק״[6]. אין זײַן ״בוחן צדק״, אַ מין אויטאָ־רעצענזיע אויף ״מגלה טמירין״, דערציילט ער מיט פֿאַרווּנדערונג, אַז ער האָט געטראָפֿן אין ״בי־צוק״ אַ גרויסן עושר, וואָס איז געווען אַן אָנהענגער פֿון ״אונדזער כּת״, און טײַטשט עס באַלד אויס, אַז דער דאָזיקער נגיד האָט מסתּמא געזוכט בײַ די חסידים אָנזען און כּבֿוד[7]!

דער צווייטער הויפּט־אָנפֿירער פֿון דער גאַליצישער השׂכּלה, ר׳ נחמן קראָכמאַל, דער מחבר פֿון ״מורה נבֿוכי הזמן״, שרײַבט אין אַ בריוו צו אַ יונגן משׂכּיל פֿון מאָסט, אַ שטעטל נעבן זשאָל־קיעוו, וואָס די חסידים האָבן אים פֿאַרברענט זײַנע ביכער, אַז דער חסידיזם האָט זיך פֿאַרשפּרייט בלויז אין אַזעלכע קליינע שטעטלעך ווי מאָסט און צווישן דאָרפֿיידן אין די קאַרפּאַטן. כאַ־ראַקטעריסטיש איז זײַן אויפֿמונטערונג צום יונגן פֿרײַנד, ער זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט וויסנשאַפֿט: די השׂכּלה וועט אים אַרײַנפֿירן אין דער וועלט פֿון ייִדישע נגידים און הערשנדיקע פֿירשטן, ״ווײַט פֿון די ביטערע אָרעמע לײַט״. דער חסידישער רבי ווערט געשיל־דערט ווו אַן אָרעמאַן, וואָס בעט נדבֿות בײַ דאָרפֿלײַט, ווײַבער און קינדער, כּדי צו דערשלאָגן זיך צו אַ שטיקל ברויט פֿאַר זיך און זײַנע מקורבים[8]. דער דאָזיקער בריוו פֿון קראָכמאַל רעדט ניט נאָר וועגן דער סאָציאַלער סטרוקטור פֿון די חסידים, נאָר אויך וועגן דער שײַכות צווישן השׂכּלה, פּלוטאָקראַטיע און הערשנדיקן אַבסאָלוטיזם. די תּורה און פּראַקטיק פֿון חסידיזם האָט טאַקע אָפּ־געשפּיגלט די שווערע לעבנס־באַדינגונגען פֿון דער מאַסע פֿון ייִדישן קליינבירגערטום, זײַן וועלטבאַנעם, זײַנע דאגות און האָפֿע־נונגען, זײַנע חלומות און אידעאַלן.

די עיקר־אידייע פֿון אַלע חסידישע ווערק פֿון דער דאָזיקער

---

[6] כרם חמד, ב׳ 2, ז׳ 35.

[7] בוחן צדק, ז׳ 553, פּראָג 1938.

[8] כרם חמד, ב׳ 1, ז׳ 90, יאָר 1833, אונטערגעחתמעט ״פּלאי״; איבער־געדרוקט בײַ לעטעריס, מכתבים, בריוו 5, 1827; זען אויך זכרון בספר פון לעטעריס, ז׳ 65.

תקופה[9] איז די טעאָריע פון דער קבלה וועגן מזרח החסד. אַלע אומגליקן פון יידישן פֿאָלק, סיי דער גלות כללי, סיי דער גלות פּרטי, נעמען זיך דערפֿון וואָס די וועלט ווערט באַהערשט פון מידת־הדין. דער מידת הדין איז זיך ווידער מתגבר דורך דעם, וואָס עס איז נישטאָ קיין יחוד פון גאָטס נאָמען, וואָס י״ה און ו״ה, הקדוש ברוך הוא און די שכינה זײַנען אָפּגעזונדערט. דורך תפילה און מעשים טובים, דורך כוונה און ליבע צו גאָט קומט צו שטאַנד דער יחוד פון גאָטס נאָמען און פון דער וועלט, און די וועלט ווערט רעגירט מיט מידת החסד. יעדער ייד איז דורך זײַן התנהגות פֿאַראַנטוואָרטלעך ניט נאָר פֿאַר זיך, נאָר פֿאַרן גאַנצן יידישן פֿאָלק. וואָס מער פרומקייט, וואָס מער ליבע צו גאָט, וואָס מער מעשים טובים, אַלץ מער שפע פון גאָטס חסד שטראָמט־אַראָפּ אויף דעם גאַנצן יידישן פֿאָלק און אויף יעדן יידן באַזונ־דער. „דער עיקר איז אָבער דער בטחון, ווײַל ווען דער מענטש גלייבט באמונה שלימה, אַז השם יתברך שיקט אים צו די שפע פון זײַן פרנסה יעדן טאָג, און ער גלייבט אין זײַן האַרצן אמתדיק

[9] זע, למשל, אהבת שלום פון מענדל קאָסאָווער, די ווערק פון הירש זשידיטשויווער, נחלת שמעון פון שמעון דאַבראָמילער, אילה שלוחה פון נפתלי ראַפּשיצער, ברכת דוד פון אַברהם דוד פון בוטשאַטשער וכדומה. צוליב דער שטרענגער עסטרײַכישער צענזור אויף חסידישע ביכער זײַנען די אַלע ווערק פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן שפּעטער, נאָכן יאָר 1848. די אַלע ווערק זײַנען על פי רוב פֿאַרפֿאַסט אין דער פֿאָרעם פון פירושים אויף תורה, אָבער דער פֿאָר־שער פון חסידיזם דאַרף, פֿאַרשטייט זיך, אין זײַן האָבן, אַז ניט די דער־קלערונג פון דער תורה איז אין זיי דער עיקר, נאָר פֿאַרקערט: די תורה איז פֿאַר די רביים געווען בלויז אַ שטיצפונקט, אויף וועלכן זיי האָבן געקאָנט אָנקניפּן זייערע דרשות וועגן התנהגות, רייד פון נחמה, הבטחות וועגן דער נאָענטער גאולה און אַזוי ווײַטער. אַזוי איז, למשל, די דערציילונג פון חומש וועגן יציאת־מצרים געווען אַ דאַנקבאַר געביט פֿאַר דרשות וועגן דעם איצטיקן גלות און גאולה, די דערציילונג וועגן קרח איז געווען דער אויסגאַנגספּונקט פֿאַר דרשות וועגן אַפּיקורסים און די, וואָס באַגייען זיך אָן רביים. אַ חוץ דעם האָט די סימבאָליסטישע אויסטײַטשונג פון דער תורה דורך דער קבלה — אַברהם מדת החסד, יוסף מדת היסוד און דאָס גלײַכן — געגעבן אַ מעגלעכ־קייט אומעטום אין די דרשות, וואָס פלעגן, אגב, געהאַלטן ווערן שבת, בײַם טיש, אָנצוקניפּן די חסידישע תורות מיט דער פרשה פון דער וואָך.

אין גאָט, דעמאָלט ווערט אונטערטעניק די דאָזיקע קליפּה און איז ניט בכּוח צוצוגזלנען בײַ אים די שפע"[10].

אָן ספק שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער תורה וועגן חסד, אין דער חסידישער אינטערפּרעטאַציע, אויך דער צדיקיזם: אַ רײַ חסידישע ספרים פון דער דאָזיקער צײַט, פּונקט ווי די עלטערע, ווי למשל דער נועם אלימלך, חזרן־איבער כּסדר דעם געדאַנק, אַז אָן דער פאַרמיטלונג פון דעם צדיק אָדער לכל הפחות אָן זײַן הדרכה קען מען ניט דערגרייכן די שפע פון גאָט[11]. אין דעם פּרט באַקומט די טעאָריע וועגן חסד אין חסידות אַן ענלעכע באַ־דײַטונג ווי די דאָגמע וועגן גאָטס גענאָד אין קאַטוליציזם, ווו קיין דערלייזונג קאָן ניט געמאָלט זײַן אָן דער פאַרמיטלונג פון דער קירך, דער „פאַרוואַלטערין פון גאָטס גענאָד". נאָך מער שפּיגלט אָבער אָפּ די חסידישע תורה וועגן חסד און בטחון די נעבעכדיקע, אומזיכערע, צעטרייסלטע לעבנס־עקסיסטענץ פון דע־מאָלטיקן יידישן דאָרפישענקער, קרעמער, מעקלער, וואָס וויס ניט אין אָוונט, צי ער וועט צו מאָרגנס פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט פאַר זיך און זײַנע בני־בית. בני, חיי, מזוני, דאָס איז דער ערדי־שער, רעאַלער מאָטיוו, וואָס קלינגט־אָפּ פון אַלע חסידישע תורות. די חסידישע זאַמלונגען פון מעשיות זײַנען פול מיט דערציילונגען וועגן מענטשן, על פּי רוב אַרענדאַרן פון קרעטשמעס, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַם ראַנד פון הונגער און נויט. און עס איז זיי בײַגע־שטאַנען דער טיפער בטחון. נאָך אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט שטעלט־פאָר דער באַקאַנטער פאָלקסזינגער וועלוול זשבאַרזשער דעם טיפּ פון אַ חסיד ווי אַן אביון, וואָס זײַן בטחון פאַרלאָזט אים ניט אויף קיין רגע[12].

אויב נאָך דער חסידישער תורה קומט־אויס, אַז אַלע צרות פון יידישן פאָלק און פון יעדן יידן באַזונדער נעמען זיך פון דער שליטה פון מידת־הדין, איז די הויפּט־דערשײַנונג — די אונטער־דריקונג פון יידן דורך די אומות־העולם. כּמעט אַלע חסידישע ספרים פון דער דאָזיקער תקופה באַקלאָגן זיך אויף דעם שווערן

---

[10] אהבת שלום פון מנחם מענדל קאָסאָוועד, טשערנאָוויץ, 1883, דף ט"ז, ע"ב.

[11] זע, למשל, דף פ"ח, ע"ב, נחלת שמעון צו פּרשת קורח.

[12] מקל נועם, די סאַטירע „דער חסיד מיט זײַן ווײַב אום שבת".

עול פון גלות, וואָס די אומות־העולם לייגן אַרויף אויף יידן, בעת עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די משכילים, דערמאָנען ניט קיין וואָרט וועגן דער אונטערדריקונג פון יידן, נאָר פריידיקן לאָיאַל־קייט, געטריישאַפט און דאַנקבאַרקייט צו דער „ליבטזעליקער" רע־גירונג! „די גוים זיינען גרויס אויפגעוואַקסן און זיינען מצליח אין זייער רשעות און מאַכן אונדז אַלץ שווערער די לאַסט פון אונטערטעניקייט און פון גלות", באַקלאָגט זיך נפתלי ראָפּטשי־צער[13]. מרור, ווי מצה, ביידע זיינען בכיוון אייך זאַך, דער ביטע־רער גלות. ווייל „שווער ליגט אויף אונדז דער יאָך פון מלכויות, וואָס האָבן אַרויפגעהויבן אַ יאָך אויף אונדזערע קינבאַקן", דער־קלערט אין נאַפּאָלעאָנישע צייטן ר' מענדל פון רימאַנאָוו[14]. הירש זידיטשויווער באַגרינדט, אַז מען דאַרף איינטיילן די צייט צווישן לערנען קבלה און פאַרדינען אויף פרנסה, „בפרט אין אונדזער דור, ביי דעם עול פון שטייערן און אָפּצאָלן דעם שווערן יאָך פון גלות אין אונדזער דור, משיחס צייטן[15], דאָס פאָלק פון לאַנד ווערט אַלץ מער פאַראָרעמט"[16]. דאָס, וואָס הירש זשידיטשויווער דערמאָנט בפירוש די שטייערן אין שייכות מיטן עול פון גלות, איז זיכער ניט קיין צופאַל. ווען מען נעמט אין אַכט, אַז די לעגענדע שטעלט אים טאַקע פאָר ווי דעם פאַרטיידיקער פון יידישן פאָלק קעגן די ספּע־ציעלע יידישע שטייערן: די לעגענדע דערציילט, אַז לויט אַן אַלטן מנהג האָט זיך קאָפּל, דער ברודער פון הירש זשידיטשויווער, אַ מאָל אין פורים פאַרשטעלט פאַר אַ „שר־המדינה" און איז אַריינ־געקומען אָנגעשיכורט מיט אַ גאַנצער סוויטע צו זיין ברודער. הירש זשיריטשויווער האָט אים אָפּגעגעבן כבוד ווי אַ מלך פון ליכט־שטייער און פלייששטייער. דער פורים־מלך האָט געגעבן אויף דעם זיין הסכמה און אַפילו זיך דערויף געחתמעט. ווען דער ברודער האָט אים אָבער געבעטן, ער זאָל מבטל מאַכן די גזירה פון רע־קרוטן, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט מסכים זיין. הירש זשידי־טשויווער האָט אים דערפאַר אַ גאַנצן טאָג ניט געוואָלט אָנקוקן[17].

---

[13] אילה שלוחה, 1903, דף כ"ב.

[14] מנחם ציון, דף נ"ד, נ"ה, קפ"ה.

[15] עקבתא דמשיחא, לויטן תלמוד וועט זיך פאַרשטאַרקן די חוצפה פון די אומות העולם דווקא פאַרן אָנקומען פון משיח ר' סוטה, דף מ"ט.

[16] סור מרע ועשה טוב, דף ט"ו ע"א.

[17] פאר מקודשים, לעמבערג, 1865, זז' 53—54, פאַרשטייט זיך, אַז די

די פּרווון פֿון דער עסטרײַכישער רעגירונג צו גערמאַניזירן די ייִדן זײַנען באַטראַכט געוואָרן דורך די חסידים פֿאַר פּונקט אַזאַ שווערע גזירה ווי די שטײַערן. די רביים ענטפֿערן־אָפּ מיט אַן עקשנותדיקער פֿאַרטיידיקונג פֿון ייִדיש, און זאָגן־צו, אַז אין זכות פֿון געטרײַקייט צו ייִדיש וועט קומען די גאולה. ר׳ מענדל פֿון רימאַנאָוו זעט אין די גזירות וועגן „נײַע מלבושים“ און „נײַע לשונות“ אַ „מעשׂה קליפּה“, וואָס דערפֿרייט דערצו, אַז די אומות־העולם האָבן אַ שליטה איבער ישׂראל, און פֿאַררופֿט זיך, ווי אַלע רביים אין דעם פֿאַל, אויף דעם מאַמר פֿון תּלמוד, אַז די ייִדן זײַנען אויסגעלייזט געוואָרן פֿון מצרים אין דעם זכות, וואָס זיי האָבן ניט געענדערט זייערע נעמען, זייער שפּראַך און קליידונג[18]. צבֿי אלימלך פֿון דינאָוו, אַ תּלמיד פֿון הירש זשידיטשויוער, דערמאָנט בפּירוש די גזירות וועגן ניט אָנערקענען העברעיִשע און ייִדשע דאָקומענטן דורך די אַמטן אין געריכטן און די גזירה, וואָס פֿאָדערט אַ דײַטשישן עקזאַמען פֿאַר חתן־כּלה ווי אַ תּנאַי פֿאַר חתונה: „בעוונותינו הרבים איז אַרויס אַ שטרענגע גזירה, אַז אונדזער לשון קודש איז געוואָרן אַ פּסולע מטבע, חס־ושלום; ווער וואָלט עס געקאָנט גלייבן וועגן דער שפּראַך וואָס איז פֿון אייביק אויף אַפֿילו צווישן די חכמי הגויִים באַטראַכט געוואָרן פֿאַר די בעסטע און פּרעכטיקסטע שפּראַך; די שפּראַך אין וועלכער די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן און וואָס איז געגעבן געוואָרן ווי אַ מתּנה און דורך התגלות אלהים צו זײַן נאָענטן פֿאָלק; און הײַנט האָט זיך דאָס ראָד איבערגעדרייט דורך דער גזירה, אַז קיין שום כּתבֿ אין ענינים פֿון משׂא־ומתּן און קיין שום אַקט פֿון מכירה טאָר ניט זײַן אין אונדזער הייליקן לשון... די גזירה, אַז מען טאָר ניט חתונה האָבן ביז דאָס פֿאָרפֿאָלק וועט ניט זײַן אײַנגעוווינט אין פֿרעמדן כּתבֿ און לשון“... ער פֿאָדערט דעריבער געטרײַ צו פֿלעגן די ייִדישע שפּראַך און ניט צו פֿאַרטוישן אויף דײַטש: „על כּן, מײַנע ליבע ברידער און פֿרײַנד, היט דעם שלאָס אויף אײַער מויל און רעדט איינער מיטן אַנדערן נאָר דעם לשון, וואָס איז אײַנגעפֿירט פֿון אונדזערע אָבֿות אין גלות, מיט

לעגענדע רעכנט זיך ניט מיט דעם, אַז די ספּעציעלע ייִדישע שטײַערן זײַנען ערשט בטל געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע פֿון 1848 און אַז הירש זשידיטשויווער איז געשטאָרבן אין יאָר 1831.

[18] מנחם ציון, ד׳ 43.

אַרײַנגעמישטן לשון־קודש, בכדי דער לשון היהדות זאָל זײַן קענטיק ווי אַ באַזונדער (לשון) פֿון די לשונות פֿון די גויים". דער זעלביקער מחבר גיסט־אויס זײַן צאָרן און שפּײַט איבער „די רשעים וואָס יחוסן זיך מיט דער פֿרעמדער שפּראַך און האַלטן עס פֿאַר אַ חרפּה אַרײַנ־צומישן אין זייערע רייד אַפֿילו אַ וואָרט פֿון אונדזער הייליקער שפּראַך" [19].

אָבער ניט נאָר די צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער שפּראַך און צו דער ייִדישער קולטור־טראַדיציע האָט געשטאַרקט די חסי־דים אין זייער קאַמף קעגן די פּרוּוון פֿון גערמאַניזאַציע. די חסי־דים באַטראַכטן אויך די גערמאַניזאַציע־פּאָליטיק ווי אַ באַגלייט־דערשײַנונג פֿון דער עסטרײַכישער סיסטעם פֿון אונטערדריקונג און שטײַער־עקספּלואַטאַציע לגבי ייִדן: „די זײַנען דאָך געווען אונדזערע באַטריבערס — זאָגט דער זעלביקער צבֿי אלימלך וועגן די אָנהענגערס פֿון דײַטש, ד"ה, וועגן די משׂכּילים — דורך מסירות, גזילות און עול פֿון שטײַערן" [20]. מן־הסתם איז נאָך געווען פֿריש אין זכּרון פֿון חסידים דער פֿאַקט, אַז הערץ האָמבערג, דער ברו־טאַלער גערמאַניזאַטאָר פֿון די גאַליציש ייִדן, איז איינער פֿון די איניציאַטאָרן אײַנצופֿירן דעם ליכטשטײַער [21]. אויך די געמע־סיקטע משׂכּילים האָבן אָן אַ שום פֿאַרבאַהאַלט געשטיצט די רעגי־רונג און זייער אָפּט זיך באַנוצט מיט מסירות און דערפֿאַר איז גאָר ניט קיין חידוש, וואָס די חסידים האָבן זיי געמאַכט פֿאַראַנט־וואָרטלעך פֿאַר אַלע גזירות אויף ייִדן!

די חסידים האָבן אָבער באַקעמפֿט ניט נאָר דײַטש, נאָר אויך יעדע וועלטלעכע וויסנשאַפֿט. אויך דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע דער קאַמף קעגן קולטורעלער אַסימילאַציע, דער עיקר איז געווען די קבליסטישע וועלט־באַנעמונג פֿון די חסידים. „חכמה חיצונית" איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַן ענין, וואָס איז סותר די קבלה,

---

[19] הוספות מהרצ"א צום סור מרע ועשה טוב, דף כ"ב, ע"ב.

[20] דאָרט.

[21] אויפֿן יסוד פֿון אַ פּראָצעס, וואָס איז שפּעטער פֿאַרפֿירט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז הערץ האָמבערג, וואָס האָט אַלס עקספּערט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג אַז ליכטשטײַער איז אין הסכּם מיט דער ייִדישער רעליגיע, האָט שוין פֿריִער געהאַט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די פּאַכטער פֿון דעם שטײַער וועגן 2 פּראָצענט פֿון דער ריינער הכנסה (ר' 72, „קליינע שריפֿטן", ג. וואָלף).

שטאַמט פֿון דער סיטרא אַחרא און איז אין תּוך פֿאַלש און נישטיק (הירש זשיריטשוויווער). פּונקט ווי די קריסטלעכע סעקטעס אין מיטלעלטער און אין דער נײַצײַט, האָבן אויך די חסידים געזען אין דער וויסנשאַפֿט סײַ אַ סתּירה צו רעליגיע און פֿרומקייט, סײַ אַ באַגלייט־דערשײַנונג פֿון נײַע סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבנס־פֿאָר־מען: וויסנשאַפֿט איז דאָך געווען פֿאַרבונדן מיטן פֿאָרשריט פֿון דער נײַער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפֿט, וואָס האָט צעשטערט די אַלטע פּראָדוקציע־באַציִונגען און מיט דעם אויך דעם אַלטפֿרענקישן לעבן־שטייגער. די פּרנסות פֿון די חסידישע מאַסן זײַנען געווען פֿאַרוואָרצלט דווקא אין די אַלטע, אין תּוך פֿעאָדאַלע פּראָדוקציע־באַציִונגען: פּריץ און לײַב־אייגענע פּויערים, דער קליינשטעטלדי־קער און דאָרפֿיִד ווי אַ פֿאַרמיטלער צווישן שטאָט און דאָרף און צווישן פּריץ און זײַנע פּויערים.

די אָנשויונגען פֿון חסידיזם וועגן ווינלאַנד אין ארץ־ישׂראל, וועגן ייִדן און ניט־ייִדן, וועגן משיח און גאולה זײַנען געווען אַ דירעקטער המשך און אַנטוויקלונג פֿון דער וועלט־באַנעמונג פֿון דער קבלה. דאָס ייִדישע פֿאָלק איז ניט נאָר אויסדערוויילט, נאָר טאַקע דאָס איינציקע פֿאָלק פֿון גאָט: „קודשא בריך הוא ישׂראל ואורייתא חד הוא". די גאַנצע וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן נאָר צוליב ייִדן. די ייִדן זײַנען צעזייט אין גלות, כּדי אויסצוקלײַבן די הייליקע ניצוצות, וואָס זײַנען צעשאָטן אין דער וועלט [22]. פּונקט ווי אַלע פֿעלקער עקסיסטירן נאָר אין זכות פֿון ייִדן, אַזוי האַלט זיך די גאַנצע וועלט נאָר אַ דאַנק ארץ־ישׂראל, ווײַל „ארץ־ישׂראל איז דער כּלל פֿון דער וועלט און דאָס חיות פֿון אַלע לענדער" [23]. דאָס פֿאַרברענגען פֿון ייִדן אין גלות ווערט באַטראַכט אַבסאָלוט

---

[22] וואָס שײַך דעם גורל וואָס דערוואַרט די אומות העולם אין משיחס צײַטן, ווערן אַרויסגערוקט אין די חסידישע ספרים פֿאַרשיידענע פּסוקים פון די נביאים: אָדער מען רעדט וועגן נקמה פון גאָט און משפּט איבער די אומות העולם, אָדער וועגן מגייר זײַן פון אַלע פעלקער. אין דער פּראַקטיק האָט דווקא דער פֿאָלקסטימלעכער כאַראַקטער פון חסידיזם געבראַכט דערצו, אַז ער האָט זיך באַצויגן סימפּאַטיש צו די פּויערים. דאָס באַווײַזן סײַ די לעגענדעס פון בעל־שם (ייִדישע און אוקראַיִנישע), סײַ וועגן ר׳ מאיר פּרע־מישליאַנער און אַנדערע „צדיקים" פון דער צײַט.

[23] „מנחם ציון", מ"ו, מ"ז.

פֿאַר אַ צײַטווײַליקע זאַך. רבי מענדל פֿון רימאַנאָוו באַטראַכט גאָר די געזעצן, וואָס דערלויבן ייִדן צו קויפֿן הײַזער אין גלות, פֿאַר אַ ראַפֿינירטע המצאה, וואָס איז אויסן צוצובינדן די ייִדן ענגער צו זייערע גלות־לענדער און דערנאָך זיי צו אַסימילירן. פֿאַר אַ מוסטער שטעלט ער אַוועק די ייִדן אין מצרים, וואָס האָבן נאָך זײַן פּירוש געוווינט אין געצעלטן און נישט געוואָלט ווערן קיין תּושבֿים אין גלות[24]. אָבער נישט נאָר מענדל רימאַנאָווער, וואָס האָט געווירקט אין נאַפּאָלעאָנס צײַטן, ווען די משיחישע האָפֿע־נונגען זײַנען געשטאַרקט געוואָרן דורך דער איבערקערעניש אין דער וועלט, נאָר אויך די שפּעטערדיקע רביים, ווי מענדל קאָ־סאָווער, שמעון דאָבראָמילער, נפֿתּלי ראָפּשיצער, הירש זשידי־טשויווער און אָפֿילו זײַן תּלמיד, צבֿי אלימלך פֿון דינאָוו, ריידן וועגן משיחס צײַטן און וועגן דער נאָענטער גאולה[25]: „שכּבֿר הגיע זמן הגאולה וכולו כל הקצין ואין הדבֿר תּלוי אלא בתּשובֿה עילאה"[26].

אויב די דאָזיקע תּורות פֿון חסידיזם זײַנען אַן אָפּבילד פֿון דער סאָציאַלער נויט און פּאָליטישער אונטערדריקונג פֿון ייִדישע מאַסן אין גאַליציע אין יענער צײַט, פֿון זייער בענקשאַפֿט נאָך גאולה, האָט אָבער די דאָזיקע באַוועגונג נישט אַרויסגעשטעלט, נישט קיין קלאָרע סאָציאַלע פּראָגראַם פֿון אַ יושרדיקער סאָציאַ־לער אָרדענונג, נישט קיין שום פּאָליטישע קאַמפּצילן. די סאָציאַלע און פּאָליטישע אָנמעכטיקייט פֿון די דאָזיקע מאַסן האָט געקאָנט זוכן אַן אָנשפּאַר דווקא נאָר אין פּאָסטולאַט פֿון צדקה ווי אַן איינציקע פֿאָרעם פֿון זעלבסטהילף, וואָס האָט אין די דאָזיקע אומ־שטענדן געקאָנט פֿאַרווירקלעכט ווערן. די חסידישע ליטעראַטור פֿון יענער צײַט איז טאַקע פֿול מיט דרשות וועגן דער גרויסער חשיבֿות פֿון צדקה. דער פֿאַרמעגלעכער ייִד דאַרף באַטראַכטן זײַן געלט נאָר ווי אַ הלוואה פֿון גאָט און נישט ווי אַן אַבסאָלוט אייגנ־טום — חזרט־איבער מענדל קאָסאָווער נאָך די מוסר ספֿרים[27], די

24 דאָרט, נ"ו — נ"ז.

25 אַהבת שלום, ט׳ ע"ב, „סור מרע", א׳ ע"ב, אילה שלוחה, זז׳ 6—7, נחלת שמעון, ח".

26 הוספות מהרצ"א צום סור מרע, דף ד׳.

27 אַהבת שלום, דף ל"ז, ע"ב.

אָרעמע־לײַט, וואָס באַקומען נישט געגוג צדקה, זײַנען אין שטאַנד מקטרג צו זײַן און צו ברענגען אומגליק אויפֿן גאַנצן ייִדישן פֿאָלק, זאָגט שמעון דאָבראָמילער[28]. דער ענין פֿון צדקה איז ענג פֿאַרפֿלאָכטן מיט דער גאַנצער סיסטעם פֿון דער קבליסטיש־חסידישער וועלט־באַנעמונג. די מידת־החסד איז אָפּהענגיק פֿון חסד דאָ אויף דער וועלט; אויב דאָ ווערט נישט אָפּגעהיט גמילת־חסדים, האָט דער מידת־הדין אַ שליטה איבער דער וועלט[29]. נאָך מער ווי די טעאָריע באַווײַזן די חסידישע לעגענדעס, וואָס פֿאַר אַ ראָלע צדקה האָט געשפּילט אין חסידיזם. נישט נאָר וועגן עלטערן דור פֿירערס פֿון גאַליציאַנער חסידיזם, ווי ר' מענדעלע פֿון רימאַנאָוו, ר' משה לייב פֿון סאַסאָוו[30], נאָר אויך וועגן שפּעטערע רביים זײַנען דאָ לעגענדעס, וואָס דערציילן וועגן מסירת־נפֿש פֿאַר ייִדן (הירש זשידיטשויווער), וועגן אָוועקגעבן אַלץ פֿאַר אָרעמע־לײַט (מאיר פּרעמישלאַנער)[31] און וועגן דערציִען חסידים אין גײַסט פֿון קעגנזײַטיקער הילף. אַפֿילו ניט־ייִדן פֿון יענער צײַט באַמערקן, אַז צדקה און קעגנזײַטיקע הילף איז איינער פֿון די הויפּטשטריכן פֿון חסידיזם. דער קרײַזפֿאַרשטאַנד פֿון סטרי גיט אין זײַן באַריכט צום גובערניום אין יאָר 1827, צווישן אַנדערע, אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פֿון חסידים: "indem sie sonach ihr Augenmerk auf Erleichterung und Unterstützung der armern und unglücklichern Religionsgenossen richten, haben sie dem Namen Chassidim, das ist frommerer juden angenommen".[32]

אויף דער פּאָליטישער אונטערדריקונג מצד דער עסטרײַכי־

---

[28] נחלת שמעון צו דער פרשהחוקת.

[29] פאר מקדושים, 1965, זז' 58—60.

[30] די דערציילונג פון הירש זשידיטשויווער וועגן משה־לייב פון סאַסאָוו האָט באַאַרבעט ליטעראַריש י. ל. פּרץ אין דער באַרימטער נאָוועלע „אויב נישט נאָך העכער". פּרץ טראָגט־אַריבער די דערציילונג אויף דעם רבין פון נעמיראָוו.

[31] זע פאר מקדושים, „סדר הדורות מתלמידי בעש"ט" א"אַ. אַפילו ד"ר שלמה רובין, איינער פון די לעצטע גאַליצישע משכילים, גיט־איבער אין זײַנע זכרונות, אַז ר' מאיר פרעמישלאַנער פלעגט פאַרטיילן די פדיונות צווישן אָרעמע־לײַט און אַליין האָט ער געלעבט אין גרויס דחקות. זע: הורודצקי החסידות והחסידים, באַנד 4, זײַט 110.

[32] מלוכהשער אַרכיוו אין לעמבערג, 1827.

שער רעגירונג האָבן אָבער די חסידים געענטפערט ניט בלויז מיט קעגנזייטיקער הילף און ענגער פאַרבינדונג צווישן אַנאַנד, נאָר זיי האָבן אַפילו אַנטקעגנגעשטעלט אַ מין אָרגאַניזירטן ווידער־שטאַנד. די גזירה, וואָס האָט פאַרבאָטן יידן צו האַלטן שענקן אין די דערפער, האָבן די דאָרפיידן געקאָנט עובר זיין אַ דאַנק דער שוץ פון די פריצים. אין יאָר 1836 זיינען נאָך דער שאַצונג פון דער הויפקאַנצליי כמעט אין דריי־פערטל פון אַלע גאַליציאַנער דערפער געווען באַזעצט יידישע שענקערס [33]. אויף דער גזירה פון הויכע טאַקסעס אויף חתונות און דייטשישע עקזאַמענס פאַר חתן־כלה האָבן די יידישע פאָלקסמאַסן זיך נישט אומגעקוקט און חתונה געמאַכט נישט געזעצלעך, בלויז לויטן יידישן דין. אַפילו די אַמטלעכע סטאַטיסטיק איז מודה, אַז אין יאָר 1826 האָט די פאַק־טישע צאָל חתונות ביי יידן אין גאַליציע באַטראָפן 2122, בעת לעגאַלע חתונות זיינען בלויז געמאָלדן געוואָרן 137! [34]. די משפטים צווישן זיך פלעגן יידן אויסגלייכן ביי דין־תורות און אויס־מיידן די מלוכהשע געריכטן. די הויכע טאַקסע פון מנינים פלעגט מען נישט צאָלן און מען פלעגט אויסבאַהאַלטן פאַר דער מאַכט דעם פאַקט פון עקסיסטענץ פון אַזעלכע שטיבלעך. האָט די מלוכה פאַרבאָטן צו דרוקן חסידישע און קבלה־ספרים. האָבן די חסידים געהאַט געהיימע דרוקערייען און אָנגעגעבן אויפן ספר אַ פאַלשע דאַטע און אַ פאַלש דרוקאָרט. נישט געקוקט אויף דער גזירה פון יאָר 1800, וואָס האָט פאַרבאָטן אַריינצופירן העברעיִשע און יידישע ביכער פון אויסלאַנד, האָבן יידן געשמוגלט ספרים פון רוסלאַנד. עס האָט עקסיסטירט אַ געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטן אַרויסצופירן געלט אין אויסלאַנד אָן אַ דערלויבעניש, אָבער די חסידים פלעגן רעגולער זאַמלען פאַר ארץ־ישראל און איבערשיקן דאָס געלט אַהין אויף אַ געהיימען אופן [35]. אַלע מסירות פון די משכילים קעגן חסידים רעכענען־אויס צווישן אַנדערע דעם חטא פון זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל [36].

[33] ד"ר פ. פרידמאַן — די יודן אין גאַליציע 1848—1868.

[34] ד"ר מ. באַלאַבאַן — זשידזשי וו׳גאַליציע, ז׳ 72 און ווייטער.

[35] די ערשטע מסירה וועגן דעם קעגן דעם סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה אין לעמבערג, מאַדלינגער, אין יאָר 1818.

[36] די מסירה פון חיים הערבסט, פון מאָסט (זשאָלקיעווער קרייז), פון

כדי זיך אַרויסצודרייען פֿון מיליטער־דינסט, וואָס איז בײַ די דעמאָלטיקע אומשטענדן מיט רעכט באַטראַכט געוואָרן דורך די ייִדישע מאַסן פֿאַר אַ שווערע רעקרוטן־גזירה, פֿלעגט מען אָנ־געבן פֿאַלשע דאַטעס פֿון געבורט אָדער בכלל נישט מעלדן קיין געבורט, אויב עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אין דער דערמאָנטער מסירה צו דער מאַכט פֿון יאָר 1838 מאַכט זיך יוסף פּערל תּמע־וואַטע און קאָן זיך גאָר נישט אָפּוווּנדערן, „פֿאַר וואָס ייִדן לייגן שטיינער אויפֿן וועג פֿון דער רעגולערער פֿירונג פֿון מעטריקעס. מיט וואָס קאָן מען דאָס אַנטשולדיקן?". סאָלידאַריש פֿלעגן די חסידישע מאַסן אויך באַשיצן די פֿרעמדע ייִדן, אַרײַנגעוואַנדערטע פֿון רוסלאַנד. אין דער זעלביקער מסירה אויף חסידים באַקלאָגט זיך פּערל, אַז יעדעס מאָל, ווען דער מאַגיסטראַט אין טאַרנאָפּאָל פֿלעגט כאַפּן רוסישע ייִדן, ווערט תּיכּף אַ געלויף פֿון טאַרנאָפּאָלער ייִדן, וואָס טענהן, אַז די געכאַפּטע ייִדן זײַנען גאָר געבוירענע טאַרנאָפּאָלער. די באַאַמטע — דערציילט פּערל — ווערן איך אַזאַ פֿאַל אַזוי צעטומלט, אַז זיי זײַנען סוף־כּל־סוף געצוווּנגען אַרויס־צולאָזן די געפֿאַנגענע פֿון די הענט.

דעם שטאַרקסטן און צום מערסטן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד האָבן אָבער די חסידים אַרויסגעוויזן קעגן דעם ליכטשטײַער און כּשר פֿליישטײַער און קעגן די פּאַכטערס פֿון די דאָזיקע שטײַערן. שוין אין איינער פֿון די עלטסטע מסירות קעגן חסידיזם, וואָס מיר געפֿינען אין דער מסירה פֿון חיים הערבסט [37] קעגן דעם דאָרטיקן חסידישן רבין יעקבֿ גרונם פֿון טאָמאַשאָוו, אין יאָר 1924, ווערט אָנגעגעבן, אַז דער דאָזיקער רבי רעדט־אָן די ייִדן ניט בלויז צו „שווערמערײַ", פֿאַנטאַזירן, נאָר אויך „צו האַנדלונגען קעגן געזעץ, וואָס באַרויבן די העכסטע שאַצקאַמער", אַז „ער שילט די פּאַכ־

---

יאָר 1824, פֿון יוסף טעפּער פֿון טאַרנאָפּאָל קעגן די בוטשאַטשער חסידים אין יאָר 1841. פּונקט ווי יוסף פּערל, באַשולדיקט יוסף טעפּער די חסידים, אַז זיי נעמען־צו דאָס געלט פֿאַר זיך.

[37] מלוכהשער אַרכיוו אין לעמבערג Acta gub. publ. 11 h/i 4070/358 דער סטיל פֿון דער דאָזיקער מסירה באַווײַזט, אַז דער מסור איז אַ משכיל (קעגן „שווערמערס"). ס׳איז דערי‌בער ניט אויסגעשלאָסן, אַז חיים הערבסט איז טאַקע דער דאָזיקער משכיל פֿון מאָסט, וועמען ר׳ נחמן קראָכמאַל גיט אַן עצה צו מסרן דעם רבין פֿאַר דער רעגירונג („לעלות עליו בקרדומות דתי המושל ירום הודו).

טערס פֿון אָפּצאָלן און לייגט זיי אין חרם אַרײַן". אין דער מסירה פֿון יוסף פּערל אין 1838, ווו ער לייגט־פֿאָר, אַז די רעגירונג זאָל פֿאַרמאַכן די בתי־מדרשים, באַגרינדעט ער עס צווישן אַנדערע מיט דעם, אַז אויך אַלע חרמים קעגן די יידישע שטײַערן און קעגן די יידישע שטײַער־פּאַכטערס ווערן דאָ אויסגעפּלאַנט" [38]. אין אַ שפּעטערער מסירה פֿון יוסף פּערל, אין דעם זעלביקן יאָר, ווערט דערמאָנט וועגן באַיקאָט, וואָס די רביים אָרגאַניזירן קעגן די פּאַכ־טערס, וועלכע שטעלן זיך זיי אַנטקעגן. אין אַזעלכע פֿאַלן „ווערן אַרויסגעלאָזט אַנאָנימע חרמים קעגן עסן פֿלייש". פּערל דערציילט דאָרט אויך, אַז די חסידים פֿלעגן אויסמײַדן מאַסנוויַיז צו צאָלן כשר־פֿלייששטײַער אויף דעם אופֿן, וואָס די חסידישע שוחטים פֿלעגן שעכטן בסוד אין די דערפֿער, בעת דאָס געזעץ האָט דער־לויבט צו שעכטן נאָר אין שטאָט [39]. אין דער מסירה פֿון טאַרנאָ־פּאָלער משׂכּיל יוסף טעפּער אין 1841 קעגן די בוטשאַטשער חסידים ווערט אויסגערעכנט צווישן די חטאים וועגן רבין אַברהם־דוד קראָ, וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר צוריק [40], אַז „ער פֿלעגט לייגן אין חרם אַרײַן יעדן פּאַכטער פֿון אָפּצאָלן" [41]. אין דעם באַריכט פֿון סטריזער קרײַזאַמט אין 1827 ווערט דערציילט וועגן חסידים: „ווי אַ ראַיה, אַז די אָנהענגערס פֿון דער דאָזיקער סעקטע האָבן זיך נאָך ניט אַרײַנגעכאַפּט אין סטריזער קרײַז, קאָן דינען אַפֿילו דער פֿאַקט אַליין, וואָס דער פּאַכטער פֿון כשר פֿלייש אין גאַנצן קרײַז איז נאָך ביז איצט ניט געווען אויסגעשטעלט אויף קיין שום אָנפֿאַלן [42]. ווײַזט־אויס, אַז דער קאַמף פֿון די חסידים קעגן די פּאַכטערס פֿון יידישע שטײַערן האָט געמוזט זײַן אַן אַלגעמיין־באַ־קאַנטע דערשײַנונג, אויב אַ געגנט, ווו אַ שטײַער־פּאַכטער האָט

---

[38] מלוכהשער אַרכיוו אין לעמבערג, Rect. Praes, 129, 1931 ex 1838

[39] דאָרט, 838, ex 1165.

[40] אַברהם־דוד קראָ פון בוטשאַטש, מחבר פון אַ גרויסע קבליסטישן פירוש אויף תורה „ברכת דוד", איינער פון די באַקאַנטסטע פירערס פון חסידים אין גאַליציע.

[41] לעמבערגער מלוכה־אַרכיוו, Rect. Praes 129, 7692 ex 841

[42] באַמערקונג 32.

געהאַט מנוחה, פֿלעגט שוין צוליב דעם אַליין באַטראַכט ווערן ווי אַ נישט־חסידישער! [43].

אַזוי האָט דער חסידיזם צוזאַמענגעבונדן די יידישע מאַסן צו אַ סאָלידאַרישער זעלבסט־פֿאַרטיידיקונג קעגן די גזירות און קעגן דער שטייער־עקספּלואַטאַציע פֿון עסטרייכישן אַבסאָלוטיזם. „דער אומפּאַרטייִשער באַאָבאַכטער — זאָגט פּערל אין דער דערמאָנטער מסירה פֿון 1838 — וואָס וואַרפֿט נאָר אַ בליק אויף דעם גאַלי־צישן יידנטום, מוז זיך באַלד שטעלן די גרויסע פֿראַגע, פֿון וואַנען עס נעמט זיך, וואָס די דאָזיקע יידן היטן ניט אָפּ כמעט קיין שום געזעץ פֿון לאַנד, וואָס האָט אַ שייכות צו זיי?"

פּונקט ווי דורך דער סאָלידאַרישקייט אין שטילן קאַמף קעגן דער עסטרייכישער רעגירונג האָבן די חסידים באַוויזן צו גרו־פּירן אַרום זיך דעם רובֿ מנין ובנין פֿון גאַליצישן יידנטום, אַזוי איז דער חסידיזם מיט דער צייט אויך געוואָרן דער דאָזיקער קאָנ־סערוואַטיווער כּוח, וואָס האָט מיטגעצויגן דאָס יידישע מיטל־ביר־גערטום צו דער פֿאַרטיידיקונג פֿון רעליגיע און טראַדיציע קעגן דער אָנגרייפֿנדיקער השׂכּלה. צום סוף פֿון דער תּקופֿה פֿון רע־אַקציע איז שוין דער חסידיזם געווען אַריינגעוואַקסן אין דער אָר־טאָדאָקסיע ווי אַ הערשנדיקע רעליגיעזע שטרעמונג אויף דער יידישער גאַס, ווי אַ סינאָנים פֿון יידישן רעליגיעזן קאָנסערוואַטיזם בכלל. מחוץ פֿון דער געאייניקטער מחנה פֿון חסידישער אָרטאָ־דאָקסיע איז געבליבן בלויז אַ דינער שיכט פֿון די פּיאָנערן פֿון דער השׂכּלה, די יידישע פּלוטאָקראַטיע און די גרופּע אינטעליגענץ, וואָס איז מיט איר געווען פֿאַרבונדן.

ניו־יאָרק 1939

---

[43] אין לעמבערג זיינען די פֿאַכטערס פון ליכטשטייער געווען אַזוי פֿאַר־האַסט, אַז אין אין 1808 גיבן זיי אַריין אַ בקשה צו דער רעגירונג, זיי זאָלן מעגן וווינען מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל, צוליב די אָנפֿאַלן אויף זיי. זע: מ. באַלאַבאַן, ז' 3, 11.

מנשה אונגער

# די חסידישע לעגענדע ווי אַ מקור פאַר געשיכטע־פאָרשונג

## פון בוך „חסידות און לעבן"

דער סאָציאַלער מאָטיוו אין דער חסידישער לעגענדע. — מען דאַרף קענען אויסשיילן דעם קערן פון דער חסידישער לעגענדע.

דער קוואַל פאַר חסידות־פאָרשונג איז נאָך אַלץ די חסידישע לעגענדע, דאָס חסידישע ווערטל און חסידישע תורהלע. בפרט איז דאָס חל, ווען מען וויל פאָרשן די סאָציאַלע ענדערונגען, וועלכע חסידות האָט אַרײַנגעבראַכט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין דער חסידישער לעגענדע ווערט אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון די יידן אין שטאָט און דאָרף, די סאָציאַלע דיפערענצירונגען צווישן די יידן, דער אונטערשייד צווישן פּראָסטאַק און ווילערנער, צווישן אָרעמאַן און גביר און צווישן בעל־מלאכה און באַלעבאָס.

דרײַ פּאַזעס זײַנען דורכגעגאַנגען אין באַציִונג צו דער חסידישער לעגענדע. געווען אַ צײַט, אין דעם בליפּעריאָד פון דער השכלה־עפּאָכע, ווען מען האָט געקוקט אויף דער חסידישער לעגענדע ווי אויף עפּעס אַ באָבע־מעשה, ווי אויף אַ ווילד אויסטראַכטעניש, וואָס אָפּגעשטאַנענע מענטשן, „פּאַנאַטיקערס", האָבן זיך „געקוועטשט הינטער דעם אויוון פון בית־מדרש" און דערציילט מופתים פון די רביים.

די צווייטע תקופה איז געווען די „נעאָ־חסידישע" עפּאָכע, וועלכע האָט שוין דערזען אין דער חסידישער מעשה די פּאָעטישע פּאָרעם, וועלכע האָט באַטראַכט די חסידישע לעגענדע ווי אַ קוואַל פון פאָלקשאַפונג און פאַרשטאַנען זי איבערצופורעמען אין אַ פּאָעטישער און קינסטלערישער שפּראַך, זי רייניקן און צוריק דערציילן אין פאָלקסטיל, ווי עס האָבן געטאָן פּרץ, בערדיטשעווסקי, מאַרטין בובער, עגנון און אַנדערע.

ערשט די לעצטע יאָרן האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אויך אויסצוניצן די חסידישע לעגענדע פאַר פאַרשיידענע פאָרשצוועקן:

ערשט לעצטנס האָט מען זיך אָנגעהויבן אַרײַנטראַכטן, אַז דאָס פֿאָלק האָט נישט סתּם אין דער וועלט אַרײַן דערציילט מעשׂיות, נאָר מיט יעדער מעשׂה איז דער פֿאָלקסמענטש, דער פּרימיטיווער דערציילער, עפּעס אויסן געווען, און אַז דער דערציילער האָט דעם תּוך זײַנעם, דעם עיקר מיין זײַנעם, אײַנגעהילט אין פֿאַרשיידענע שאָלעכצן פֿון מופֿתים, איבערגלייבענישן און דאָס גלײַכן. נעמט מען אָבער אַוועק אָט די אַלע זאַכן, שיילט מען אָפּ אָט די אַלע שאָלעכצן און מען לאָזט־איבער דעם קערן אַליין, דערזעט מען ערשט, וואָס די אמתע כּוונה פֿון דעם דערציילער איז געווען...

מיט אָט דעם מעטאָד האָט זיך שוין באַנוצט דער גרויסער ייִדי־שער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו אין זײַן ווערק „די געשיכטע פֿון חסידיזם". ער האָט פֿאַרשטאַנען צו קאָנען אויסשיילן דעם קערן פֿון דער לעגענדע, אַרויסנעמען דעם עיקר־מיין פֿון דער חסידישער לעגענדע, כּדי אויסגעפֿינען אַ סך היסטאָרישע דאַטעס און אײַנ־שטעלן אַ סדר אין די פֿאַרשיידענע שיטות און לערעס פֿון חסידות. וואָרעם מיר קאָנען גאָר נישט צוגיין צו פֿאָרשן די אַנטשטייונג פֿון חסידות, אויב מיר וועלן זיך נישט באַניצן מיט דער לעגענדע. מיר וייסן אַפֿילו נישט אויף באַשטימט ווען און וווּ דער באַשאַ־פֿער פֿונעם חסידות, ר' ישׂראל בעל־שם־טובֿ, איז געבוירן געוואָרן, ווײַל אַזוי ווי ער איז געווען אַ פֿאָלקסקינד, האָט מען אויף אים אין די יונגע יאָרן קיין גרויס אַכט נישט געלייגט. ווילט איר פֿאָרט זיך דערוויסן, ווען בערך דער בעש"ט איז געבוירן געוואָרן, מוזט איר אָנקומען צו דער חסידישער מעשׂה. און לויט דער חסידישער לעגענדע אין שבֿחי בעש"ט, געדרוקט אַן ערך 55 יאָר נאָך דעם בעל־שם־טובֿס טויט, איז פֿאָרגעקומען אַן אויסטערלישע מעשׂה מיטן פֿאָטער פֿון בעל־שם־טובֿ, וואָס מיר וועלן זי דאָ איבערגעבן בלויז אין קורצע שטריכן, נעמלעך אַזוי. ערגעץ אויף דער גרענעץ פֿון פּאָדאָליע און מאָלדאַוויע, אין אָקאָפּ, האָט געוווינט אַ ייִדישע משׁ־פּחה, ר' אליעזר, דער פֿאָטער פֿון בעש"ט. ער איז איין מאָל גענומען געוואָרן געפֿאַנגען פֿון די טערקן, געבראַכט געוואָרן אין אַ ווײַטער מדינה. דאָרט איז ער צוליב זײַן גרויסער חכמה געוואַקסן, ביז ער איז אַזש געוואָרן אַ „שני־למלכות" פֿונעם סולטאַן. האָט אים דער סולטאַן ליב באַקומען און ער האָט אים געגעבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. מען האָט מיט איר געשטעלט אַ חופּה. אָבער ר' אליעזר האָט זיך צו איר נישט צוגערירט און איר מגלה געווען בסוד, אַז ער איז אַ ייִד און אַז ער האָט שוין אַ ווײַב. איז צו אים געקומען

אליהו הנביא און האָט צו אים געזאָגט, אַז דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אַזוי ערלעך אויפגעפירט, וועט ער האָבן אַ זון. און זייענדיק שוין אַ זקן פון קרוב הונדערט יאָר, האָט זיין ווייב אים געבוירן אַ זון און ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן ישראל... וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער גרינדער פון חסידות.

שיילט מען אַרויס דער קערן פון אָט דער לעגענדע, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז דער בעש״ט איז געבוירן געוואָרן אין אָקאָפּ, נישט ווייט פון קאַמעניעץ, אויף דער גרענעץ צווישן פוילן און טערקיי, נאָך דעם טערקיש־פוילישן קריג, בערך אין 1700. אָט לויט דעם דאָזיקן מעטאָד קאָנען מיר זייער אַ סך זיך דערוויסן פון פאַרשיידענע חסידישע לעגענדעס.

וויל מען, דעריבער, פאָרשן די חסידישע באַוועגונג אין אַלע אירע שאַטירונגען, וויל מען דערגיין דעם מקור פון חסידות, וויל מען וויסן וואָס פאַר אַ שטעלונג דאָס חסידות האָט געהאַט צום טאָג־טעגלעכן יידישן לעבן און ווי אַזוי חסידות האָט געקוקט אויף פאַרשיידענע דערשיינונגען פון יידישן לעבן, זאָל מען זיך ווענדן צו דער חסידישער לעגענדע, צו דער חסידישער תורה, צום חסידישן ווערטל — דאָרטן וועט מען געפינען אַן אוצר פון מאַטעריאַל און אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל. און דאָס דאָזיקע געביט איז נאָך כמעט אין גאַנצן ניי און נישט באַאַרבעט געוואָרן. כדי אָבער צו מאַכן אַ גרינטלעכע אויספאָרשונגס־אַרבעט, וואָלט מען געדאַרפט, קודם־כל, צונויפזאַמלען אַלע חסידישע לעגענדעס, זיי סאָרטירן, צונויפקלייבן אַלע חסידישע ווערטלעך, פרווון זען, וועלכע זיינען עכט־חסידישע און וועלכע ניט, און דערנאָך ערשט, אויפן סמך פון די געזאַמלטע מאַטעריאַלן, מאַכן אַ גענויע פאָרשונג.

עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז כמעט אַלע חסידישע מעשיות וועגן די ימים־טובים, זיינען געבויט אויף אַ סאָציאַלן מאָטיוו, וואָס האָט די כוונה צו באַווייזן, אַז דער אָרעמאַן, דער פּראָסטאַק, דער עם־הארץ, דער פאַרגרעבטער ישובניק האָט תמיד מער שאַנסן, אַז זיין תפילה זאָל אָנגענומען ווערן אין הימל, מער ווי די תפילות פון די „שיינע יידן“, די לערנערס און די גבירים...

ווייל אין תוך גענומען איז דאָך די חסידישע באַוועגונג אין איר אורשפּרונג געווען אַ סאָציאַלע פאָלקס־באַוועגונג, ווי אַ פּראָ־טעסט קעגן די רבנים, תקיפים און פרנסים, וועלכע האָבן געקוקט אויפן אָרעמאַן פון אויבן אַראָפּ; איז דאָך די חסידישע באַוועגונג געווען דער ערשטער אומצופרידענער אויפברויז פון די „הינטערן־

אויוון־זיצערס״ קעגן דער „מזרח־וואַנט״. דערפֿאַר טאַקע זײַנען די ערשטע חסידישע לעגענדעס פֿול מיט מעשׂיות וועגן דאָרפֿיידן, וועגן פּאַכטערס און וועגן „פּדיון שבֿויים״.

האָט איר דערפֿאַר חסידישע מעשׂיות, ווי אַזוי דער רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער האָט געהאַקט האָלץ פֿאַר אַ גויִישער יולדת, אַ געווינערין, פֿאַר טאָג, ווען דער עולם איז געגאַנגען צו סליחות, וואָס די לעגענדע איז געוואָרן אַזוי פֿײַן באַאַרבעט דורך פּרצן. דערפֿאַר ווערט דערציילט פֿון דעם זעלביקן רבין, אַז ער איז יעדן פֿרימאָרגן, פֿאַרן גיין אין בית־מדרש אַרײַן דאַוונען, אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט און האָט געזאָגט צו יעדער אַלמנה „גוט־מאָרגן״, כּדי ער זאָל דערפֿרייען זייערע פֿאַרביטערטע הערצער...

דאָס חסידות האָט אויך געפֿירט אַ קאַמף מיט די רבנים און מוסר־זאָגערס. די פֿירערס פֿון חסידות האָבן זיך אָנגענומען פֿאַרן אָרעמאַן און פֿאַרן פּראָסטאַק און האָבן אים געשטיצט קעגן די מגידים און קהל־פֿאַרזאָרגערס.

געגוג צו דערמאָנען די מעשׂה מיטן בעל־שם־טובֿ. עס ווערט דערציילט: ר׳ ישׂראל בעל־שם־טובֿ איז אַמאָל געקומען אויף שבת אין אַליק, איז ער אײַנגעשטאַנען בײַם פּרנס־חודש. שבת, צו מנחה, האָט אין בית־המדרש געזאָגט אַ מגיד מוסר דעם עולם, אַזוי ווי דער סדר איז דעמאָלט געווען, זיי געשטראָפֿט, אַז מען איז ניט גענוג פֿרום, אַז מען לערנט ניט, מען דאַוונט ניט ווי געהעריק, ווי דער שטייגער פֿון די מגידים איז געווען. אַז דער בעל־שם־טובֿ איז דערפֿון געוווּיר געוואָרן, האָט ער געשיקט רופֿן פֿון בית־המדרש דעם פּרנס־חודש. ווען דער פּרנס־חודש איז אַרויס פֿון בית־המדרש, האָט דער עולם אויך אָנגעהויבן אַרויסצוגיין, ביז דער מגיד איז געבליבן איינער אַליין שטיין אויפֿן באַלעמער...

אויף מאָרגן איז דער מגיד געקומען צום בעל־שם־טובֿ נעמען שלום. פֿרעגט אים דער בעל־שם־טובֿ:

— ווער זענט איר?

—כ׳בין — זאָגט ער — דער מגיד, וואָס האָט נעכטן געזאָגט אַ מוסר־דרשה אין בית־המדרש, און איך וואָלט טאַקע געוואָלט וויסן, פֿאַר וואָס האָט איר אויף מיר אַזוי געצאָרנט?

— דו — גיט אַ געשריי דער בעל־שם־טובֿ מיט טרערן אין די אויגן — ווערסט ריידן שלעכטס אויף ייִדן?! דו ווייסט, אַז ווען אַ ייִד גייט אַ גאַנצן טאָג אַרום אין מאַרק און די אויגן קריכן אים אַרויס צו געפֿינען אַ גראָשן פּרנסה, און ערשט פֿאַר נאַכט כאַפּט

ער זיך „אוי, ווי, כ׳וועל פֿאַרשפּעטיקן מנחה אין שטוב!“, און ער דאַוונט מנחה שנעל, און ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט, ציטערן דעמאָלט אין הימל אַלע מלאָכים און שׂרפֿים! דערוועגסטו דיך צו ריידן אויף יידן?!

פֿון דער מעשׂה זעען מיר, אַז דאָס חסידות האָט פּשוט נישט צוגעלאָזט, אַז מ׳זאָל ריידן שלעכטס אויף די יידן, וועלכע האָבן אַן עול פּרנסה און האָבן נישט קיין צײַט צו זיצן אַ גאַנצן טאָג אין בית־המדרש און לערנען. טראַכט איר זיך אַרײַן אין די חסידישע לעגענדעס, וועט איר זען, אַז קעגן יעדער דערשײַנונג, וואָס איז געווען דערווידער דער חסידישער שיטה, האָט מען דערציילט אַ חסידישע מעשׂה, אַ ווערטל, אַ משל, וואָס האָט אָנגעטײַט וועמען מען האָט געמיינט און וואָס מען איז מיט דעם אויסן געווען.

ניו־יאָרק 1946

## אַדמו״ר יוסף־יצחק שניאורסאָהן

# פֿון „ליובאַוויטשער רבינס זכרונות“

## די שטאָט פֿון מענטשן־ליבע

די באַדײַטונג פֿון יידישע שטעט און שטעטלעך. — דער גרינדער פֿון ליובאַוויטש. — דער עלטסטער בית־מדרש אין ליובאַוויטש און אויף וועמענס נאָמען ער רופֿט זיך. — ווען גזלנים האָבן טעראָריזירט די וועלדער אַרום ליובאַוויטש.

...ליובאַוויטש, וואָס געפֿינט זיך אין מאָהליווער גובערניע, פֿריִער אין דעם באַבינאָוויטשער קרײַז און נאָכהער אין דעם אָר־שער, בײַ דעם טײַך דניעפּער, אין ווײַסרוסלאַנד, איז פֿון תּמיד געווען אַרומגערינגלט פֿון גרויסע וועלדער, וואָס האָבן איר געגעבן אַ פּנים פֿון אָפּגעשלאָסנקייט און די דאָרטיקע תּושבֿים געגעבן אַ געפֿיל פֿון התבודדות און מיט דעם ליובאַוויטש געמאַכט פֿאַר אַן אָנציִונגס־פּונקט פֿאַר מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט זײַן מיט זיך אַליין און נאָענט צום אייבערשטן און זײַן יצירה. דאָס איז טאַקע די

סיבה, וואָס אַזוי פֿיל פֿאַרבאָרגענע צדיקים האָבן פֿאַרבונדן זייער גורל מיט ליובאַוויטש און האָבן אויף איר געלייגט זייער חותם, שאַפֿנדיק דעם אײַנדרוק פֿאַר די, וואָס זײַנען באַקאַנט מיט דער גאָר־ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט און מיט דער סאַמע אַנטשטייונג, פֿון ליובאַוויטש, ווי די שטאָט וואָלט געווען מער לעגענדע וויווירק־לעכקייט — אַ צוויבערשטאָט מיט צוויבער־מענטשן — פֿאָרשטעלנ־דיק אַן אינספּירירנדיק־און־פֿאַנטאַזיע־רייצנדיק קאַפּיטל ייִדיש לעבן.

שוין אַרום דער אַנטשטייונג פֿון ליובאַוויטש אין דער גאָר ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט פֿיגורירט אַ מערקווערדיקע ייִדישע פּער־זענלעכקייט, וואָס איר אָנדענק איז ניט פֿאַרגעסן געוואָרן אין משך פֿון דורות ביז צו אונדזער אייגענער צײַט. ר׳ מאיר איז געווען זײַן נאָמען. ער האָט געהערט צו יענע צדיקים, וואָס האָבן געוואָלט לעבן נאָר פֿון דער פּראַצע פֿון זייערע אייגענע הענט. ניט וועלנדיק בלײַבן אין זײַן אַלטער היים און בכלל וועלנדיק לייגן אַ נײַעם יסוד פֿאַר זײַן עקסיסטענץ און פֿאַר דער עקסיסטענץ פֿון אַנדערע ייִדן, האָט ער מיט דרײַ אַנדערע משפּחות אויסגעוואַנדערט פֿון זייער שטאָט אָדער שטעטל און אַוועק זוכן ערגעץ אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל, ווו זיך צו באַזעצן אויפֿן לאַנד און פֿון דער אייגענער אַרבעט זיך מפֿרנס זײַן. קענטיק, אַז ר׳ מאיר האָט שוין געהאַט געחלומט פֿון שאַפֿן אַ ייִדישע קאָלאָניע — אַ געדאַנק וואָס איז שפּעטער פֿון די ליובאַוויטשער רבייִם אויפֿגענומען און דערפֿירט געוואָרן צו גאַנץ־פּראַקטישע רעזולטאַטן. וואָרעם ווי די מעשׂיות, וואָס ווערן דערציילט, האָט דער דאָזיקער ר׳ מאיר זיך טאַקע פֿאַר־גענומען צו בויען אַ קאָלאָניע דאָרט ווו ליובאַוויטש געפֿינט זיך. אַרומגערינגלט מיט וואַלד, און בײַ די ברעגן פֿון אַ טײַך, איז דער באָדן געווען געוווּנטשן פֿאַר אַ קאָלאָניע. האָבן ר׳ מאיר און די משפּחות, וואָס האָבן אים נאָכגעפֿאָלגט, זיך גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט געהאַקטביימער אין וואַלד און געבויט מיט זיי הײַזער. וואָס פֿאַר אַ נאָמען — אויב מען האָט אין גאַנצן געטראַכט אין אָנפֿאַנג פֿון אַ נאָמען — דער דאָזיקער ישובֿ האָט געהאַט, איז ניט באַקאַנט. אָבער דער נאָמען ליובאַוויטש, וואָס איז שפּעטער גע־געבן געוואָרן אָט דער קאָלאָניע, וואָס ר׳ מאיר האָט געגרינדעט, האָט אין גאַנצן געזאָלט מיט זיך פֿאָרשטעלן און כאַראַקטעריזירן איר גרינדער. ווי עס ווערט דערציילט, האָט ר׳ מאיר זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זײַן גרויסער ליבע צו ייִדן און אויך ניט־ייִדן. זײַן אַהבֿת־ישׂראל האָט ממש קיין גרענעץ ניט געהאַט. ער האָט

ניט ווייניקער ליבע אַרויסגעוויזן צו אַלע אַנדערע מענטשלעכע באַ־שעפעניש. ער פלעגט האָבן אַ ווערטל, אַז דער וואָס געפינט חן אין די אויגן פון מענטשן וועט אויך געפינען חן אין די אויגן פון אייבערשטן.

פאַרשטייט זיך, אַז כדי צו געפינען חן ביי מענטשן מוז מען זיין גוט און פריינטלעך צו יעדן, מוז מען זיין אָפּערוויליק און נאָר טאָן טובות מענטשן. און ניט נאָר מענטשן האָט ר׳ מאיר ליב גע־האַט, ניט נאָר דעם בחיר היצורים האָט ער רעספעקטירט און פאַר־הערלעכט. ער האָט אויך ליב געהאַט און פאַרהערלעכט יעדע באַ־שעפעניש, צי דאָס איז אַ פּירפּיסיקע חיה, צי דאָס איז אַן עוף אָדער אַ פויגל אין דער לופט. אַלץ וואָס האָט געהאַט לעבן אין זיך האָט ער פאַרהערלעכט און ממש פאַרהייליקט. ער פלעגט זאָגן דעם מאַמר חז״ל, אַז ווען מ׳ווייזט־אַרויס ליבע צו מענטשן, טוט מען אָן אַ נחת־רוח דעם רבונו־של־עולם.

זעלבפאַרשטענדלעך, אַז דער דאָזיקער ר׳ מאיר איז געווען אַ גרויסער בעל־גמילות־חסדים, סיי צו יידן און סיי צו ניט־יידן. איז דערפאַר זיין נאָמען באַלד באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַנצער סבי־בה און זיין פירסום האָט אויך דערגרייכט ווייט אַוועק. מען האָט וועגן אים דערציילט פאַרשיידענע אַגדות. עס איז דערפאַר גאָר ניט קיין חידוש, אַז ווען עס איז געקומען דערצו, מען זאָל דעם נייעם ישוב, פון וועלכן ר׳ מאיר איז געווען דער גרינדער, געבן אַ נאָמען, זאָל מען דעם נאָמען צופאַסן צו ר׳ מאירס כאַראַקטעריסטישע מע־שים. וואָס האָט באַזונדערס כאַראַקטעריזירט ר׳ מאירן, אויב ניט זיין ליבע — ליבע צו יידן, צו ניט־יידן און צו די שטומע באַ־שעפענישן? האָט מען דעם ישוב אַ נאָמען געגעבן „ליובאַ״, וואָס באַטייט, סיי אין רוסיש און סיי אין פויליש, ליבע, און ערשט שפּעטער איז צוגעגעבן געוואָרן דער „וויטש״, אַזוי אַז עס האָט זיך באַקומען דער נאָמען „ליובאַוויטש״.

אָט אַזוי איז ליובאַוויטש געוואָרן דער סימבאָל פון מענטשן־ליבע: ליבע צו יידן, צו גויים, אין קורצן, צו דער גאַנצער יצירה, און, פאַרשטייט זיך, אויך ליבע צום רבונו־של־עולם, דעם באַשאַ־פער פון דער וועלט.

און ר׳ מאיר איז געווען נאָר דער ערשטער פון אַ ריי ענלעכע צדיקים און נסתרים וואָס האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן געמאַכט ליובאַוויטש פאַר זייער היים. אָט טאַקע צוליב דעם האָט

ליובאַוויטש שפּעטער זוכה געווען צו ווערן אַן עיר ואם בישׂראל, פון וואַנען עס איז געקומען פירערשאַפט און אויטאָריטעט, וואָס זײַנען אָנערקענט געוואָרן אין דער ייִדישער וועלט.

ליובאַוויטש איז קיין מאָל נישט געוואָרן קיין גרויסע שטאָט, כאָטש אַהין פלעגן שטראָמען צענדליקער טויזנטער חסידים פון אַלע טיילן רוסלאַנד.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָבן זיך אין ליובאַוויטש געפונען הונדערט און צען ייִדישע משפּחות, ווען דער מיטעלער רבי האָט זיך דאָרט באַזעצט אין תקע״ג. ווען דער אַלטער רבי האָט, אַלס ייִנגל, געלערנט אין ליובאַוויטש בײַ זײַן רבין, אין די יאָרן תקט״ז און תקי״ז, איז די צאָל פון די ייִדישע משפּחות דאָרט געווען צווישן פינף און זיבעציק און אַכציק.

אין גאַנצן איז ליובאַוויטש אַן ערך אַ ווערסט און אַ האַלב די לענג און אַ ווערסט און אַ האַלב די ברייט. אין מיטן שטאָט איז אַ גרויס מאַרקפּלאַץ, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען די קראָמען. פון אָט דעם מאַרקפּלאַץ ציִען זיך דרײַ לאַנגע גאַסן. איינע — די בראָם־גאַס, וואָס פירט צום וועג קיין דאָבראָמיסל; די צווייטע— שילאָוואַ און זי פירט קיין רודניאַ; און די דריטע גאַס — הייסט כאַכליוקאַ, וואָס פירט קיין ראַסאָסנאָ. אַ חוץ די דאָזיקע גאַסן געפינען זיך דאָרט קלענערע געסלעך, וועלכע זײַנען באַקאַנט אָדער זײַנען געווען באַקאַנט, מיט די נעמען סיריצע, דאָס קאַלטע געסל, דאָס וויגאַן־געסל און דאָס טײַך־געסל. אין צפון פון שטאָט פליסט דער גרויסער טײַך און אין מערב, בײַם בית־הקבֿרות, לויפט אַ קליין טײַכל. דער גרויסער טײַך הייסט בערעזינאַ, וועלכער ציט זיך פון דעם דאָרף, וואָס טראָגט דעם זעלביקן נאָמען, און דעם נאָמען „בערעזינאַ״ האָט דאָס דאָרף באַקומען צוליב דעם וואַלד פון בעריאָזע־ביימער, וועלכע רינגלט אים אַרום. דאָס קליינע טײַכל רופט מען דאָס מצבֿה־טײַכל, ווײַל עס שטראָמט־אַרויס פון איינער פון די אַלטע מצבֿות אויפן אַלטן בית־הקבֿרות. די אותיות אויף דער מצבֿה זײַנען אָפּגעמעקט און מען קען דערפאַר ניט וויסן וועמענס קבֿר דאָרט געפינט זיך. פון דור צו דור איז געווען אָנגעזאָגט, אַז מ׳זאָל זיך מיטן וואַסער פון „מצבֿה־טײַכל״ ניט באַניצן צו טרינקען און ניט צום וואַשן זיך.

כאָטש ליובאַוויטש איז אין דער פוילישער טעריטאָריע, זײַנען אָבער די ניט־ייִדישע אײַנוווינערס דאָרט תמיד געווען רוסן, ניט

קיין פּאָליאַקן. די ייִדן און די ניט־ייִדן האָבן דאָרט תּמיד געלעבט אין שלום.

דער עלטסטער בית־המדרש אין ליובאַוויטש איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „בנימינס שטיבל“. עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז דער דאָזיקער בית־המדרש איז אייגנטלעך שוין עטלעכע מאָל אין זײַן געשיכטע איבערגעבויט געוואָרן, ווײַל עטלעכע מאָל איז ער פֿאַרניכט געוואָרן פֿון שׂריפֿות.

ר׳ בנימין, אויף וועמענס נאָמען דער דאָזיקער בית־המדרש ווערט גערופֿן, איז אַן אַנדערע מערקווערדיקע פֿיגור, וואָס מיט איר אָנדענק און מעשׂים־טובֿים ליובאַוויטש איז פֿאַרבונדן. דער דאָזיקער ר׳ בנימין איז געווען אַ דאָרפֿמענטש. ער פֿלעגט אַרומפֿאָרן מיט זײַן אָרעם ביסל סחורה איבער די אַרומיקע דערפֿער. זײַן ווײַב איז געווען אַן עקרה. זיי האָבן געוווינט אין אַ הויז בײַם ברעג טײַך און געהאַט אַ גרויסן גאָרטן מיט אַלערליי גרינסן. ר׳ בנימין איז געווען אַ גרויסער ירא־שמים. ער האָט אָפּגעהיט אַלע מצוות. דער עיקר האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט צדקה, וואָס ער האָט פֿאַרטיילט מיט אַ ברייטער האַנט. אַ חוץ אָט די פֿײַנע מידות האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַ פּראָסטן מענטשן.

עס איז געווען אין דעם פֿערציקסטן אָדער פֿופֿציקסטן יאָר פֿון פֿערטן יאָרהונדערט, פֿון זעקסטן טויזנט לויט דער ייִדישער צײַט־רעכענונג, וואָס מיינט מיט אַרום דרײַ און אַ האַלב הונדערט יאָר צוריק, אָט דעמאָלט, ווען ר׳ בנימין האָט געלעבט. ליובאַוויטש איז שוין געווען אַ שטעטל מיט אַ לאַנגער געשיכטע הינטער זיך. עפּעס האָט פּאַסירט, וואָס האָט אויפֿגעשטורעמט ניט נאָר ליובאַוויטש, נאָר אויך די גאַנצע סבֿיבֿה אַרום.

אַ שײַקע גזלנים האָבן זיך פֿאַרקליבן אין דעם וואַלד אויפֿן וועג צווישן ליובאַוויטש און דאָבראָמיסל. יעדער איינער, וואָס פֿלעגט פֿאָרן אויף דעם דאָזיקן וועג דורכן וואַלד, פֿלעגט באַפֿאַלן און באַרויבט ווערן פֿון די גזלנים. די גזלנים האָבן זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט איבערנעמען דורכפֿאָרערס. זיי האָבן ניט געוואָלט וואַרטן ביז מען וועט קומען צו זיי. זיי האָבן אויך אָנגעהויבן באַפֿאַלן די דערבײַיקע דערפֿער און באַרויבן די פּויערים פֿון אַלץ, וואָס זיי האָבן פֿאַרמאָגט. זיי האָבן פֿון די פּויערים אַוועקגערויבט זייערע פֿערד און שאָף און רינדער. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויף דער גאַנצער סבֿיבֿה איז געפֿאַלן אַ גרויסער פּחד. מען האָט מורא געהאַט צו פֿאָרן אין וועג און מען האָט אויך מורא געהאַט צו זיצן אין דער היים.

פֿאַר אַ לענגערע צײַט איז ליובאַוויטש אַליין געבליבן אומבאַרירט פֿון די גזלנים. זיי האָבן ניט געוואַגט אַרײַנצוקומען אין שטעטל, ווו עס האָט זיך נאָך אַלעם דעם געפֿונען אַ באַדײַטנדיקע צאָל תושבים. נאָר איין מאָל האָבן די גזלנים זיך אָנגענומען מוט און צוויי פֿון זיי האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט קיין ליובאַוויטש. וואָרשײַנלעך האָבן זיי שוין געפֿילט, אַז זייער מורא איז אויך געפֿאַלן אויף ליובאַוויטש, און האָבן געמיינט, אַז דאָרט וועט קיינער נישט וואַגן זיך שטעלן קעגן זיי. זיי האָבן נישט געוווסט, אַז אין ליובאַוויטש געפֿינט זיך אַ ר׳ בנימין, וועלכער באַזיצט פֿאַרבאָרגענע כּוחות, כאָטש ער איז אַ פשוטער דאָרפֿמענטש, און אַז ער וועט זיי קענען מנצח זײַן.

איבערגעזעצט דורך ד. ל. מעקלער, נ״י 1955

איטה קאַליש

# ר׳ שמחה־בונם וואָרקער פֿאָרט־אַוועק קיין ארץ־ישראל

פון בוך „אַ רבישע היים אין אמאַליקן פוילן״

די שמועה וועגן זיידנס אויסטערלישן פּלאַן צו פֿאַרלאָזן אַלץ און אַלעמען אין זײַן גרויסן רבישן הויף און אַוועק קיין ארץ־ישׂראל איז אָנגעקומען צו זײַן ווײַב־און־קינדער אַ קורצע צײַט נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1905, גראָד אין טאָג, ווען מײַן פֿאָטערס לעבן איז ממש געהאַנגען אויף אַ האָר.

דעם זיידנס ווילע איז אַלע יאָרן געווען באַוואַכט פֿון אַ ייִדישן הויזוועכטער. אַז מײַן באָבע איז אָנגעקומען אין דער ווילע, האָט דער הויזוועכטער אויפֿן באַפֿעל פֿון זײַן רבין, זי ניט אַרײַנגעלאָזט. עס האָט געדויערט עטלעכע טעג. די באָבע האָט זיך אַרומגעדרייט פֿאַרן אײַזערנעם פֿאַרשלאָסענעם טויער פֿון איר מאַנס ווילע ביז זי האָט אַ דאַנק אַן אויסטערלישן צופֿאַל זיך „אַרײַנגעגנבֿעט״ אין הויף: אַ טאָכטער פֿונעם הויזוועכטער, אַ יונג מיידל פֿון אַ יאָר אַכצן, איז געהאַט אַוועק אַ ברוגזע פֿון אירע עלטערן און וואָכנלאַנג

ניט געווען אין דער היים. איז גראָד אין יענעם טאָג דאָס מיידל פּלוצעם פֿאַרפֿאָרן מיט אַ דראָזשקע פֿאַרן טויער פֿון זיידנס ווילע. דער הויזוועכטער, עפֿענענדיק דאָס שווערע אײַזערנע טויער פֿאַר זײַן טאָכטער, האָט אין זײַן פֿריידיקער צעטומלעניש נישט באַמערקט דאָס „אַרײַנגנבֿענען" זיך פֿון מײַן באָבען. כאַפּנדיק זיך אָבער באַלד, וואָס דאָ איז געשען, און ניט האָבנדיק קיין מאָל געזען די רביצין פֿאַר זײַנע אויגן, איז ער שנעל אַ לויף געטאָן פֿאָרויס, איר פֿאַרשטעלט דעם וועג, זי אָנגעכאַפּט בײַם אַרבל און איר קאַטעגאָריש באַפֿוילן תּיכּף צו פֿאַרלאָזן דעם הויף.

די באָבע, אַ פֿאַרצאָרנטע און באַלײַדיקטע, איז שטיין געבליבן אין מיטן גרויסן הויף, האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם הויזוועכטער און הויך אויפֿן קול אויסגערופֿן:

— דרך־ארץ! איך בין די רביצין...

אַ קורצע צײַט נאָך דער באָבעס באַזוך אין זײַן ווילע, איז אָנגעקומען אַ ידיעה פֿון זיידן צו קומען זיך געזעגענען מיט אים פֿאַר זײַן אָפּפֿאָר קיין ארץ־ישׂראל. און צום ערשטן און צום לעצטן מאָל האָבן דעמאָלט זײַנע אייניקלעך געזען זייער זיידן ר׳ שׂמחה־בונם וואָרקער.

...צום לעצטן „זײַ געזונט!" האָט דער זיידע דערלאַנגט זײַנע אייניקלעך זאַמש־לעדערנע בײַטעלעך פֿון בעזש־קאָליר מיט אַ גרויסן קופּערנעם צענער. איין אייניקל האָט שנעל אַ טראָט געטאָן פֿאָרויס, אויסגעשטרעקט דאָס הענטל און געוואָלט נעמען דאָס בײַטעלע. דער זיידע האָט זיך אָבער לאַנגזאַם צוריקגעצויגן אין זײַן פֿאָטעל, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— דרך־ארץ, די עלטערע פֿאַר דיר.

זעענדיק, אַז די „עלטערע" שטייט שעמעוודיק אין אַ זײַט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָט ער זיך צעשמייכלט, אַ פֿיר געטאָן די יאַרמלקע אויפֿן קאָפּ און שטיל, ווי צו זיך אַליין, געזאָגט:

— אָ, זי איז אַ צנועה.

וואָרקער חסידים האָבן יאָרן לאַנג נאָכדערציילט דעם זאָג פֿון זייער רבין וועגן זײַן אייניקל...

*

אין טאָג פֿון זיידנס אָפּפֿאָר קיין ארץ־ישׂראל איז זײַן ווילע געווען באַלאַגערט פֿון צענדליקער טויזנטער חסידים, זײַנע אייגענע און פֿרעמדע, מקורבֿים, פֿרײַנד און סתּם ייִדן, וואָס זײַנען זיך צו־

נויפֿגעפֿאָרן פֿון אַלע עקן פּוילן, זיך צו געזעגענען מיטן ווורקער רבין.

דער הויזוועכטער האָט צום ערשטן מאָל ברייט פֿונאַנדערגעעפֿנט דאָס אײַזערנע טויער פֿון זיידנס ווילע, פֿון וועלכער עס האָבן איצט געשטראָמט אומגעשטערט ריזיקע מענטשן־מאַסן און זיך געצויגן איבערן געדיכטן וואַלד, ווײַט אַוועק ביז צו דער באַנסטאַנציע. די קאָטש, וואָס האָט געפֿירט דעם זיידן צו דער באַן, האָט ביסלעכווײַז זיך אָנגעהויבן רירן, שווער און לאַנגזאַם, דורכשלאָגנדיק זיך אַ וועג צווישן אַ ים פֿון מענטשנקעפּ. אַ טרויעריקע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. דער זיידע האָט זיך פֿון מאָל צו מאָל אָנגעבויגן דורכן פֿענצטערל פֿון דער קאָטש, זיך אַרומגעקוקט און, שווײַגנדיק, רעזיגנירט געשאָקלט מיטן קאָפּ צו דער מאַסע באַגלייטערס.

פּלוצעם האָט אַ הילכיקער אויסרוף פֿון טויזנטער קולות זיך צונויפֿגעמישט אין איין „פֿאָרט געזונט, רבי!”, און אַ מענטשןכוואַליע האָט אַ שטראָם געטאָן פֿאָרויס, האָט אויסגעשפּאַנט די פֿערד, אַ הייב געטאָן די קאָטש אין דער הייך און זי אַוועקגעטראָגן אויף די הענט ביז צו דער באַן.

תל־אָביב 1963

אליעזר שינדלער — מוזיק — יהושע ווייסער

# יידיש און חסידיש

דאָס געזאַנג פֿון פרחי אַגודת־ישראל

מיר, ייִנגלעך, מיר ייִדישע,
ריינע ווי די בליטן,
גאָטעניו, דײַן תּורהלע
מיר האַלטן זי און היטן.

מיר, ייִנגעלעך, מיר חסידישע,
לעבעדיק אין גלייבן,

מיט דבקות

*mf*

שע - די - יִ מיר לעד - גע - יִינ מיר

דיין ניו - טע - גאַ ; טן - בלי די ווי נע - ריי

מיר -.טְן - היִ מיר אין טן - האַל מיר לע - רֶה - תּוֹ

אין דיק-בע-לע ,שע -די - חֲסִי מיר לעד-גע-יִינ

מיר נען-זע קע-פלִינְ לערס-אָד ווי בן - גליי

מיר לעד-גע-יִיב מיר ,בן-ליי די ווי קע-שטאַר

צי ;רן - שטע וויִ קע-טי-ליכ ,שע - די - יִ

מיר ניוּ — טע-טאַ ,קייט-טער-לוי אין דיר נען-די

שע - די - חְסִי מיר לעד-גע-יִינ מיר רן-שווע

חן — שי — מָ מיט -..קען - בענ אין דיק - עֶר - פּיי

*rit.*

---.קען - דענ - גע באַלד אוּנדז זאַלסט ניו - טע - גאַ

אָדלערס פֿלינקע זײַנען מיר

שטאַרקע ווי די לייבן.

מיר, ייִנגלעך, מיר ייִדישע ,
ליכטיקע ווי שטערן ;
צו דינען דיר אין לויטערקייט,
טאַטעניו, מיר שווערן.
מיר, ייִנגעלעך, מיר חסידישע,
פֿײַערדיק אין בענקען ;
מיט משיחן, גאָטעניו,
זאָלסט אונדז באַלד געדענקען ! . . .

לאָדזש תר״צ — פון בוך „ייִדיש און חסידיש״, ניו־יאָרק תש״י

אליעזר שינדלער — מוזיק — יעקב ווײַנגאַרטן

# ייִדיש לשון

ייִדיש לשון, פשוט לשון
פֿון די טאַטע־מאַמעס —
ביסט דאָך מלא־חן אַזוי,
ווי בלימעלעך אין תמוז.

ייִדיש לשון, האַרציק לשון
פֿון מיליאָנען ברידער —
ר׳ לוי־יצחק האָט מיט דיר
געשאַפֿן פֿרומע לידער.

ס׳האָט ר׳ נחמן מעשהלעך
אויף ייִדיש אונדז געגעבן.
ייִדיש לשון, מאַמע לשון,
פֿרייד פֿון אונדזער לעבן.

פשוט האַרציק

-- טע · טאַ די פון שון-לָ שוט-פָּ שון-לָ דיש-ייִ
זוי – אַ חֵן לא - מָ דאך ביזט מעס·מאַ
לאֶ·מָ דאך ביסט מוז - תּ אין לעך·מע·בלי ווי
.מוז·תּ אין לעך·מע·בלי ווי זוי - אַ חֵן

# ביאָ־ביבליאָגראַפֿיע

## אַברהם ליעסין (וואַלט),

וועמענס געזאַמלטע לידער און פּאָע־
מען זײַנען דערשינען ערשט נאָך זײַן
טויט (3 בענד, וועלכע נעמען־אַרום די
שאַפונגען פון 50 יאָר, 1888־1938),
האָט שטילערהייט געשפּילט גאָר אַ
גרויסע ראָלע, סײַ אין דער ייִדישער
פּאָעזיע, סײַ אין דער פּובליציסטיק.
אין די לעצטע 25 יאָר פון זײַן לעבן
(1872־1938), וואָס ער האָט רעדאַק־
טירט „די צוקונפט“, איז דער דאָזי־
קער ניו־יאָרקער חודשניק געווען דאָס
פּרוכטיקסטע פעלד פאַר ייִדישער לי־
טעראַטור, פאַר דער קינסטלערישער,
ווי פאַר דער פון דער מחשבה. אין
זײַן געבוירן־שטאָט מינסק האָט ער
זיך, נאָך פאַרן זײַן אַ ישיבה־בחור סײַ
אין ווילקאָמיר און סײַ אין סלאָבאָד־
קע, שוין צו די 14 יאָר געפונען אין
חרם אַרײַנגעלייגט צוליב זײַן אַפּיקור־
סות. האָט זיך אַרײַנגעטאָן אין סאָציאַ־
ליזם, געהערנדיק צו די פּיאָנערן פון
„בונד“. אונטער פּסעוודאָנימען און אָן
אונטערשריפט האָט ער צוגעשטעלט
דער ערשטער ייִדישער סאָציאַליסטי־
שער פּאַרטיי לידער פון אַרבעט און
קאַמף, וואָס האָבן אויפגערודערט מיט
זייער רעוואָלוציאָנערן גײַסט. ער האָט
אַרײַנגעבראַכט אין אַ בילדערישער פּאָ־
עטישער פאָרעם פּראָבלעמען פון דער
צײַט, וועלכע זײַנען הייס און ביטער
דיסקוטירט געוואָרן אין דער גאַנצער
ייִדישער וועלט, ווי ס'איז זײַן ליד דער
קרעמער, וואָס איז גיך געוואָרן איינע
פון די פּאָפּולערסטע און געזונגענסטע
ייִדישע לידער, ווו מ'הערט און מ'דער־
פילט די דאָליע פון דעם נעבעכדיקן
ייִדישן „סוחר“, וועלכער ברעכט זיך
דעם קאָפּ איבערן ייִדישן גורל, איבערן
ציוניזם, מדינה, עמיגראַציע, אַרגענטינע
— ברענענדיקע טאָגפראַגעס, וועלכע
ער האָט פאַראייביקט, פּונקט ווי ער
האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַר־
טעגלעכט גרויסע היסטאָרישע געשעע־
נישן פון דער ייִדישער געשיכטע. צענ־
לינגער פּאָעמעס און לידער, ליעסינס,
העלפן צו דערשפּירן די אידייען, וועל־
כע אָריענטירן און האַלטן־אויף דאָס
ייִדישע פאָלק, ווי קידוש השם פון
יחידים און מאַרטיראָלאָגיע פון כלל־
ישראל.

אַ גערודפטער פון דער צאַרישער
מאַכט, האָט ער זיך געראַטעוועט אין
1896, אָנקומענדיק אין ניו־יאָרק. דאָ
איז ער געשטאָרבן דעם 5טן נאָוועמ־
בער 1938.

מחולק פון דער פריִעסטער יוגנט
מיטן „בונד“ אין דער פראַגע פון ציו־
ניזם, איז ער פון דעסט וועגן געווען
אַפילו דעלעגאַט צום 7טן צוזאַמענפאָר
פון דער פּאַרטיי (1906) און דער
„בונד“ האָט אַפילו געוואָלט אַרויסגעבן

זײַנס אַ בוך עסייען, אָבער ווײַל מ׳האָט בײַ אים געפּאָדערט אַרויסנעמען עט־לעכע אָפּהאַנדלונגען, צוליב זײַן הייס־נאַציאָנאַלן צוגאַנג, האָט ער זיך אָפּ־געזאָגט „כאָטש (דאָס בוך) איז שוין געווען אויסגעזעצט״ (ווי ס׳גיט איבער דער „לעקסיקאָן פון דער נײַער יידי־שער ליטעראַטור״, ב׳ 5, קאָלום 186).

אַ. ליעסין האָט זייער אַ גרויסן חלק אין באַקערן גרויסע יידישע קרײַזן צום נאַציאָנאַלן געדאַנק, אין וועלכן ארץ־ישראל און חלוציזם שטייען אין צענ־טער, צו פאַרהערלעכן דעם עבר און די יידישע טראַדיציע, אָבער באַגלייט פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און פאַר־געטערונג פון פרײַהייט. אַ. ליעסין גע־הערט צו די אַליינגייערס אין דער יידי־שער ליטעראַטור. גרויסע שרײַבערס אַזעלכע זײַנען אויך גרויסע פּערזענ־לעכקייטן.

*

אַברהם העשל, געבוירן אין וואַרשע 1907 בײַ אַ טאַטן אַ רב, האָט צו ערשט געלערנט אין ישיבות, דער־נאָך אַוועק אין בערלין, ווו זיך גראַ־דוירט פאַר דאָקטער פילאָסאָפיע פון „האָכשולע פיר די וויסנשאַפט דעם יו־דענטומס״ און אַ צײַט דאָרט פאַרנומען אַ קאַטעדרע פון תלמוד, ביז ר׳האָט 1937־1938 איבערגענומען מאַרטין בו־בערס אַמט אין אינסטיטוט פאַר יידי׳ בילדונג אין פראַנקפורט בײַם מײַן. 1938־1939 געווען דאָצענט פון יידי׳ פילאָסאָפיע אין וואַרשעווער יודאַיסטי־שן אינסטיטוט. אַזאַ אינסטיטוט גע־שאַפן דערנאָך אין לאָנדאָן, ווו ר׳איז געווען לעקטאָר 1939־1940. אָנגעקומען אין פ״ש, איז ער געוואָרן שוין אין 1940 פּראָפעסאָר פון יידי׳ פיל׳ אין „היברו יוניאָן קאַלעדזש״ אין סינסי־נעטי און פון 1945 — פּראָפ׳ פון יידי׳ עטיק און קבלה אין יידישן טעאָלאָ־גישן סעמינאַר, אַ קאַטעדרע מיט וועל־כער ער האָט זיך געמאַכט אַ וועלט־נאָמען.

הגם אַ. ה. האָט אין וואַרשע 1921 דעבוטירט מיט „שערי־תורה״, האָט ער פון 1924 געדרוקט אין יידיש דערציי־לונגען און לידער אין פאַרשיידענע וואָכנבלעטער און זשורנאַלן, ניט בלויז אין פּוילן, נאָר אַפילו אין דײַטשלאַנד און ניו־יאָרק, ווו ער איז שפּעטער געווען אַן אָפטער מיטאַרבעטער אין יידי׳ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, אויס־צייכענענדיק זיך ווי אַ רעפערענט, אי מיט אינטעלעקטועלער פאַרטיפונג, אי מיט רײַך וויסן, אי מיט פאַרכאַפנדיקער התלהבות, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש בײַ די גדולים פון חסידות.

מחבר פון אַ גרויסער צאָל ווערק אין פאַרשיידענע שפּראַכן, דער עיקר אין העברעיש און ענגליש, איז אויך וויכטיק זײַן צושטײַער אין יידיש, אי־בער הויפּט זײַן 2בענדיק ווערק קאָצק, זייער אָריגינעל מיט זײַן צוגאַנג און איבערצײַגנדיק מיט פאַרגלײַכן פון דער אוניווערסאַלער פילאָסאָפיע.

העשלס רעפּעראַט דער מזרח־איירא־פּעישער ייד, געהאַלטן אין ניו־יאָרקער ייוואָ און דערנאָך געדרוקט אין „ייוואָ־

בלעטער" אין 1946, באַנד 33, ווי אַ טייל פון זיין ווערק וועגן דער מזרח־אייראָפּעיִשער תקופה אין דער יידישער געשיכטע, געהערט צו די מײסטערווערק אין יידיש לנצח, ווו ס׳קומט צום שענסטן אויסדרוק דאָס פּנים פון מזרח־אייראָפּעיִשן יידן, דער זין און דער כוח פון זיין עקזיסטענץ, דער מיסטישער עבר פאַרוואָרצלט אינעם הײַנט.

*

**צבי כהן**, געבוירן אין לוויוויטש 1881 אין אַ רבנישער משפּחה, איז געווען אַ תלמיד פון סאָכאַטשאָווער גאון. באַקומען היתר־הוראה, האָט מען אים פאַר די 17 יאָר, ביים טאַטנס קבר, באַשטימט פאַר יורש פון דער רבישער שטוב. לאַנג אָבער נישט אויסגעהאַלטן, איז ער בסתר אַוועק פון דער היים, גענומען זיך צו וועלטלעכע לימודים, אין רוסישע שטעט געוואָרן אַ העברעיִשער לערער, ביז ר׳איז אַריבער אין בערלין, געלערנט פּסיכאָלאָגיע אין אוניווערסיטעט און אין 1906 געקומען קיין לאָדזש, געווען ביי די פּועלי־ציון, אַריבער צו די „עסעראָווצעס" (טעריטאָריאַליסטן), אָבער דער עיקר געפונען זיין דרך ווי אַ שרייבער אין העברעיִש, מיטאַרבעטנדיק ווי אַ דערציילער, אויך מיט לידער, עסייען און וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען אין אַ סך יידישע צײַטונגען און זשורנאַלן, ווי אויך אין העברעיִשע אויסגאַבעס.

אין 1920 געקומען אין פּ"ש, זיך גראַדויִרט ווי דאָקטאָר פילאָסאָפיע, געוואָרן אַ פּערמאַנענטער מיטאַרבעטער אין די וויכטיקסטע צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבעס. מחבר פון אַ ריי טעאַטער־ווערק. אין בוכפאָרעם: דער רבי פון קאָצק, דראַמע אין 3 אַקטן, 1950; דער רבי פון בערדיטשעוו, 3 אַקטן, 1952; דער רבי פון ליאַדי, 3 אַקטן, די דריי דראַמעס אַליין איבערגעזעצט אויף העברעיִש, דערשינען אין בוכפאָרעם, שלשה כתבים, ת"א 1956, ציקלען אָפּהאַנדלונגען, געדרוקטע אין „פאָרווערטס", אַר׳ אין בוכפאָרעם; די פילאָזאָפיע פון יודנטום, 2 בענד, 740 זײַטן, נ"י 1958; שטורמישע דורות, היסט׳ ראָמאַן, 2 בענד, 656 זז׳; די העלדן פון דער וועלט־געשיכטע, 2 בענד, 794 זז׳, נ"י 1959. זיך געדרוקט אויך אין ענגליש.

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור



78 דערשינען מיט סובסידיע פֿון יוסף ליפשיץ־ פאָנד
און פֿון 79סטן באַנד דערשײַנען די מוסטערווערק
מיט דער סובסידיע פֿון דוד טוריאַנסקי־פֿאָנד
אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — ייִד׳ פֿאָלקסלידער, 3טע אויפלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (256) זײַטן)
4) מענדעלע — מסעות בנימין השלישי, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַג (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע קריזיס, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
7) משה בראָדערזאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפל׳ (272 זז׳)
8) אליהו בחור — בבֿא־בוך, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 3טע אויפלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)
11) י. ל. פרץ — אין 19טן יאָרהונדערט, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פרץ — אין 20טן יאָרהונדערט, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (240 זײַטן)
14) האָפֿשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
15) מרדכי ספעקטאָר — דער ייִד׳ מוזשיק, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
16) ה. לייוויק — אויסגעקליבענע שריפֿטן, (352 זײַטן)
17) שלום עליכם — מנחם מענדל, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראַבאַי — הער גאָלדענבערג (פיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)
20) ח. נ. ביאַליק — אויסגעקליבענע שריפֿטן, (384 זײַטן)
21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — פֿישקע דער קרומער, (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער, (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן, (304 זײַטן)
25) יהואָש — אויסגעקליבענע שריפֿטן, (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — **זכרונות**, (352 זײַטן)
27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער**, 3טע אויפלאַגע (288 זײַטן)
28) אבֿרהם רייזען — **אויסג' שריפֿטן** 2טע אויפלאַגע (320 זײַטן)
29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — **אַנטאָלאָגיע** (416 זײַטן)
30) ר' נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות**, 2טע אויפלאַגע (224 ז')
31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
33) ייִדיש אין ליד — **אַנטאָלאָגיע** (264 זײַטן)
34) מנחם באָריישאָ — **דער פֿרעמדער**, זאַוול רימער (320 זײַטן)
35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — **מדינת ישׂראל** (464 זײַטן)
36) נוסח השׂכּלה — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)
38) מעשׂה־בוך, **פֿון** 1602 (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** — שמוגלערס. (328 זײַטן)
40) ערבֿ חורבן: מ. **בורשטין**/מאָזאָוויע און 14 **פּאָעטן** 256. זײַטן)
41) חורבן: **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע — אַנטאָלאָגיע** (432 זײַטן)
42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)
43) איציק מאַנגער — **לידער, פּראָזע, עסייען** (384 זײַטן)
44) דוד בערגעלסאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
45) משה נאַדיר — **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)
46) דאָס קינד אין ייִד' פּאָעזיע און פּראָזע — **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)
47) י. אַקסנפֿעלד — **שטערן־טיכל, ערשטער ייִד' רעקרוט** (288 זײַטן)
48) פּליטים צווישן פֿײַערן, אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)
49) אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע, אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
50) דרום־אַפֿריקאַניש, אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)
51) שלום אַש — **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט** (400 זײַטן)
52) דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע, אַנטאָלאָגיע (224 זײַטן)
53) צאינה וראינה — עבֿרי־טײַטש (368 זײַטן)
54) טשילעניש — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 **יאָר ישׂראל** (568 זײַטן)
56) שלום אַש — **אָנקל מאָזעס**, ראָמאַן (264 זײַטן)
57) יעקבֿ גאָרדין — 3 **דראַמעס** (352 זײַטן)

58) בראַזיליאַניש — אַנטאָלאָגיע (352 זײַטן)

59) פֿון דור צו דור: א. ווײַטער, ד. אײנהאָרן, ז. י. אָנכי (368 זײַטן)

60) מאַקס ווײַנרײַך — אויסגעקליבענע שריפֿטן (416 זײַטן)

61) אין סאָוועטישן פֿרילינג — אַנטאָלאָגיע (248 זײַטן)

62) קאַנאַדיש — אַנטאָלאָגיע (448 זײַטן)

63) דוד איגנאַטאָוו — אויסגעקליבענע שריפֿטן (336 זײַטן)

64) פֿון רעוואָלוציע צו תשובֿה — לייב פֿײַנבערג (280 זײַטן)

65) י. י. זינגער — אויסגעקליבענע שריפֿטן (312 זײַטן)

66) אַרגענטיניש — דער חלום פֿון פֿעלד / אַנטאָלאָגיע (320 זײַטן)

67) משה קולבאַק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)

68) אין פּאָגראָם — אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)

69) אונדזערע קריטיקערס — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)

70) צווישן שטאָטישע ווענט / 2טער באַנד אַרגענטיניש (496 זײַטן)

71) עלטערן און קינדער — אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)

72) משלים בײַ ייִדן / אַנטאָלאָגיע (288 זײַטן)

73) געזאַנגען פֿאַר עמך / אַנטאָלאָגיע (224 זײַטן)

74) נאָרד־אַמעריקאַניש / אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)

75) גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל / פֿון דער ייִד׳ ליט׳ (256 זײַטן)

76) דער פֿרילינג פֿון „די יונגע״ אין אַמעריקע, אייראָפּע, ישׂראל (320 זײַטן)

77) געלעכטער אויף אַן אמת (256 זײַטן)

78) מערבֿ־אייראָפּעיִש / פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד (336) זײַטן)

79) 1939 אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַנטאָלאָגיע (288 זײַטן)

80) וואַרשע אין דער ייִדישער ליטעראַטור (304 זײַטן)

81) דער אמת דורך געלעכטער (240 זײַטן)

82) י. י. טרונק — זכרונות, פֿאָלקס־מעשׂיות, לידער (240 זײַטן)

83) דאָס לעבן אין איין אַקט / 12 איינאַקטערס (240 זײַטן)

84) ווילנע אין דער ייִדישער ליטעראַטור (240 זײַטן)

85) ישׂראל אין די תּפוצות (240 זײַטן)
86) עלנטע ייִדן (240 זײַטן)
87) חסידישע ירושה (240 זײַטן)

## אין 1981 וועט נאָך דערשײַנען

88) רומעניש אין דער ייִדישער ליטעראַטור

## די 4 בענד מוסטערווערק פֿאַר 1982 זײַנען:

89) קאַצעטלערס / אַנטאָלאָגיע
90) פֿון מזרח צו מזרח / אין נײַע היימען
91) תּנכישע ירושה
92) בײַם אַטלאַנטיק / מעקסיקע, אורוגווײַ, קובאַ

## נאָכבאַמערקונגען

◈ דער אַ באַנד מוסטערווערק, דער 87סטער, **חסידישע ירושה,** ברייטערט־אויס די טעמאַטיק פֿון **חסידות און חסידיזם** אין פֿריִערדיקע בענד, ווי **ר׳ נחמן בראַצלעווער** (30), **משלים בײַ ייִדן** (72) און **געזאַנגען פֿאַר עמך** (73), הן בעלעטריסטיש, הן דורך ניגונים, הן דורך רעפּראָדוקציעס פֿון בילדער און ספרים, הן אין די ליטעראַטור־היסטאָרישע אַרײַנפֿירן. אין דעם דאָזיקן בוך ווערן אויך אַרײַנגעבראַכט אַ ריי נײַסן, בעיקר אין באַהאַנדלען די **עקספּאַנסיע פֿון דער חסידישער באַוועגונג** פּנים אל פּנים מיט ירידות אין באַוועגונגען. **נוסח השכלה** (ב׳ 36) העלפֿט אויך צו פֿאַרשטיין די דאָזיקע פּראָצעסן און זען **פֿעלערן און שוואַכקייטן** פֿון מענטשן און שיטות.

◈ די רעדאַקציע איז אין דעם בוך עטלעכע מאָל נכשל געוואָרן בײַם דערלאָזן אויסצולייגן אין צוויי פֿאָרמען טייל נעמען פֿון **רביים — רבייִם,** איבער וועלכע ס׳איז אַ פּלוגתא...

◈ אויב **אָביעקטיווקייט** איז בדרך כלל די הויפּטזאָרג פֿון דער רעדאַקציע, איז דאָס מער ווי אַלע מאָל געזוכט געוואָרן אָפּצוהיטן אין אָט דעם באַנד. אויב דער אמת טוט אונדז וויי, דאַרפֿן מיר זוכן די **רפֿואה אין זיך אַליין.**

ש. ר.

OBRAS MAESTRAS DE LA LITERATURA IDISH

TOMO 87

# HERENCIA JASIDICA



Director: SAMUEL ROLLANSKY

1 9 8 1

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

FONDO DAVID TURJANSKI

Pasteur 633 - 3º (1028) Buenos Aires

